דר. א. קאָראַלניק

# דאָס בוך פון ווארצלען

פאַרלאַג „אחיספר“
ביי געז. „צענטראַל“
ווארשע נאָוואָליפקי 7.

# אינהאַלט:

# אָן אַ הקדמה.

עס איז אַ מנהג — אַן אַלטער און פאַרעלטערטער — צו שרייבן אַ הקדמה צו אַ בוך.

בפרט נאָך, ווען דאָס בוך איז נישט קיין אָרגאַנישע גאַנצקייט, נאָר קינסטלעך צונויפגעפלאָכטן. נישט קיין בוים — נאָר בלעטער, לייזע בלעטער, אַראָפּגעפאַלענע בלעטער.

איך וואָלט כמעט געזאָגט: אַ הערבאַריום.

איך האָב קיינמאָל נישט געקאָנט פאַרשטיין, צו וואָס מען דאַרף זי האָבן, אָט די „איינפירונג", אָט דעם אַריינפיר.

און דווקא ווען עס זענען בלויז בלעטער, און גראָד ווייל עס זענען שטימונגען, מיינונגען — פון דעם מאָמענט דיקטירט, אָפט מיט דעם מאָמענט אַוועקגעפלויגן.

געוויס, מען קאָן זיין „גייסטרייך". עס איז אַזאַ פיינער מאָמענט פאַר „שטימונג" אָבער „נהמא בנהמא" — ברויט מיט ברויט?

איך זאָג עס גאַנץ אָפן: עס זענען בלויז בלעטער, וואָס זענען דאָ געזאַמלט. די צייט האָט צו מיר גערעדט און איך האָב איר געענטפערט. קורץ און אימפּעטיק איז אָפט געווען איר פרעגן — און דער ענטפער אויך מיט דעם אייגענעם ריטם: אָפּגעהאַקט. איך וואָלט געזאָגט: „פּראָזע-ליבריסטיש".

נישט קיין פולשטענדיקייט, נישט קיין אויסשעפונג פון די טעמען. נאָר מאָטיוון, בלויז שטריכן.

זענען דאָס „פּאָרטרעטן", מיינט עס: סילועטן.

זענען דאָס „פראַגן", — הייסט עס: בלויז אַ דיאַלאָג מיט זיך אַליין.

עס קומט אפשר פון אַ גרונטאָנשויונג: איך גלויב נישט אין אויסשעפּנדיקע ענטפערס. און אויך נישט אין אַלזייטיקע באַלייכ־טונגען. מיין וועלט איז נישט אין ליניען, נאָר אין פּאַסעטן, און ווו דער שטראַל פאַלט — זעט זי אַנדערש אויס.

היינט אַזוי — מאָרגן אַנדערש. און קיינמאָל נישט גלייך.

„אין דעם אייגענעם וואַסער גייט מען צוויי מאָל נישט אַריין".

ווען איך וואָלט געקליבן אַ מאָטאָ — דאָס וואָלט עס געווען — אָט די פאָרמולע פון דעם „טונקעלן העראַקליט".

לייזע בלעטער, אַ טייל פון זיי נאָך גרינע, פרישע, נאָר־וואָס אַראָפּגעפאַלענע. אַנדערע, ווידער, שוין געלע, מיט דעם חותם פון דער צייט אויף זייערע געפּרענזלטע ראַנדן.

אין שווערע יאָרן פון דעם בוים געפאַלן. יאָרן פון קריזיסן, פון איבערגאַנגען, פון צעשטערן און — אַ פאַרלאַנג צו בויען. אַ פאַרלאַנג, אַ בענקשאַפט, אַ פאַרזוך — נישט קיין דערגרייכונג.

און ווידעראַמאָל — קינדער פון דער צייט.

אָדער אפשר אויך דאָס נישט? אפשר פאַרט אַ השפּעה פון דעם צייטלאָזן, וואָס איז דאָ אין יעדן פון אונדז.

איך ווייס נישט, עס איז מיר אויך נישט וויכטיק, איך וויל נישט זיין זייער מליץ־יושר, און אַפילו נישט זייער אונטערפירער. איך האָב מיין חוב צו זיי געטאָן. זיי באַגלייט, דורך זיי גערעדט, אָפט דורך זיי געזיפצט און געחלומט.

איצט זענען זיי אין זייער אייגענעם רשות. און זאָלן זיי אַליין געפינען פאַר זיך אַ וועג, אויב זיי קענען.

איך גיי מיר מיין וועג — און ווער ווייסט, צי מיר וועלן זיך באַגעגענען.

**ד"ר א. קאַראַליניק.**

פּאַריז, 4 נאָוועמבער 1927.

# ברוך שפינאָזא.

היינט הייסט זי די „ברייטע גאַס״—און איז איינע פון די טומל־דיקסטע, ליאַרמענדיקסטע און קוריאָזסטע גאַסן פון אַמסטערדאַם. נאָך היינט אַ שטיק שוואַרץ־אויגיקער, ליידנשאַפטלעכער און פּאַטעטישער מזרה אינמיטן דעם קילן און שווערן האָלץ־פאַנטאָפלדיקן, ברייט־פּנים־דיקן, שטרוי־בלאָנדן, וואַסערדיק־אויגיקן האָלנדערטום. נאָך היינט — אַ געטאָ, מערקווירדיקע געשטאַלטן קוקן אַרויס פון די פענסטער, זיצן אויף די טרעפּ פון די הייזער, געבויגענע, פאַרזאָרגטע, מיט פאַרומער־טע, פאַרכמורעטע אויגן. דאָס זענען די דימענטן־שלייפער, די אָרעמע אַרבעטער פון דער יידנגאַס.

און אַלע טראָגן זיי הויכע, קלינגענדיקע, שפּאַניש־פּאָרטוגעזישע נעמען: פּערייראַ, נונעץ, לאָפּעץ דע אַלטאָמאַנטע, נעמען, וואָס זענען אַריין אין דער יידישער געשיכטע, נעמען, וואָס זינגען, זינגען אַ טראַגיש ליד.

און מאָלט אייך אויס די אייגענע גאַס—מיט די הינטערגעסלעך, ענג, שמוציק, האָפענונגסלאָז־טרויעריק—מיט דריי הונדערט יאָר צוריק, דעמאָלט, ווען דער גאַנצער שטאָטטייל האָט נאָך געטראָגן דעם נישט זייער אַפּעטיטלעכן נאָמען „פלאָיענבורג״, דער פליי־פערטל. אַ „חזיר־שטאַל״ רופט איינער פון די דעמאָלטדיקע האָלענדישע שרייבער דעם יידישן קוואַרטאַל פון אַמסטערדאַם. און אין דעמדאָזיקן חזיר־שטאַל האָבן געוווינט מענטשן, וואָס זענען נאָר וואָס אַריבערגעקומען פון פּאָר־

טוגאַל, דרום־מענטשן, געווינט צו דער הייסער זון פון פּאָרטוגאַל און
שפּאַניע, מיט דער שפּאַנישער און פּאָרטוגעזישער „נאָבלעסא״,—מענטשן,
וואָס האָבן אינדערהיים — אין דער אַלטער, פאַרלוירענער, באַוויינטער
היים, געפירט אַ רייך און שיין לעבן. געגאַנגען אין סאַמעט און זייד,
געטראָגן גאָלדענע שווערדן, געפאָרן אין קאַרעטן, באַלאַנגט צו דער
סמעטענע פון דער געזעלשאַפט.

אַלצדינג אַוועקגעוואָרפן, מקריב געווען האָב און גוטס, געליטן
אַזוי ווי קיין פאָלק האָט נאָך נישט געליטן—שאַנד און עלנט און טויט,
און דאָס אַלץ צוליב דעם גלויבן, צוליב דעם נאָמען פון גאָט, דעם
„גאון ישראל״.

און געראַטעוועט זיך, דערשלאָגן זיך צו אַ ברעג. האָלאַנד האָט
זיי אויפגענומען. זי האָט זיי געלאָזט לעבן. זי האָט זיי נישט געשטערט
צו זיין יידן. און די שטאָלצע אַדללייט פון שפּאַניע און פּאָרטוגאַל
האָבן זיך צונויפגעקנוילט אין דעם ענגן פליי־פערטל פון אַמסטערדאַם
און האָבן געזיפצט און געבענקט.

וואָס פאַר אַ וואונדער, וואָס זיי זענען געוואָרן פאַרביטערט איי־
גער אקעגן דעם צווייטן, וואָס זיי זענען אַלע אַרומגעגאַנגען פאַרחושכ־
טע און דערצאָרנטע? העלדנטום איז גוט—אַזוי לאַנג ווי עס האָט דעם
טראַגישן זשעסט. גיין אויפן פייער, קעמפן אַקעגן דער אינקוויזיציע,
פירן אַ טאָפּל־לעבן, אַ מאַראַנען־עקזיסטענץ: קאַיסטען און אַמאָל אויך
גרויסע קריסטן, גלחים, בישאָפן—פאַר דער עפנטלעכקייט, און יידן ער־
געץ אין אַ קעלער, — דאָס איז געווען שווער, טרויעריק, אָבער אויך
דערהייבנדיק. עס איז אויך געווען ראָמאַנטיש. און פאַר דרום־לענדישע
מענטשן, פאַר אָריענטאַלן, וואָס האָבן זיך איינגעוואָרצלט אין דער
דאָן־קיכאָטן־סביבה פון שפּאַניע און פּאָרטוגאַל, איז ראָמאַנטיק געווען אַ
לעבנס־אַטמאָספערע.

און זיי האָבן געהאַט פאַנטאַזיע — אָט די קינדער פון דער זוני־
קער שפּאַניע. אין יעדן זשעסט זייערן איז געווען—דער „קאַבאַליעראָ״
און די „דאָניאַ״, אין יעדן ליד זייערן—פאַרב און פראַכט.

וואָס האָבן זיי געזונגען—אָט די קינדער פון די שפּאַנישע און
פּאָרטוגעזישע עמיגראַנטן? פון סעווילע דער שיינער, פון גראַנאַדע
מיט אירע שטראַלנדיקע פאָנטאַנען, פון דעם קעניג מיט דעם האָרן פון
העלפאַנדביין.

„מיין טאַטע איז פון פראַנקרייך,
מיין מאַמע פון אראַגאָן;
און איך האָב חתונה מיט אַ פראַנצויז,
דעם זון פון אַ גרויסן האר.“

ווי טראַגי־קאָמיש האָבן געקלונגען אָט די קינדער־לידער, האָט אויסגעזען דער גאַנצער שפּאַניש־דאָן־קיכאָטישער אָנשטעל אויף די אָרעמע, שמוציקע, נאָך ציבעלעס, קנאָבל און נאַסע וועש שמעקנדיקע גאַסן פון דער „פּלייבורג“.

און זיי האָבן עס געפילט. עס קאָן זיין, עס איז געווען אַן איבערגעטריבענער שטאָלץ. עס איז מעגלעך, אַז אַלע, די שפּאַנישע און פּאָרטוגעזישע עמיגראַנטן מיט די גרויסע נעמען און מיט דעם אַדל־טיטל „דע“, זענען אין דער אַלטער היים אויך געווען נישט מער ווי קרעמער, גאָרנישט קיין יחסנים, גאָרנישט קיין „גראַנדן“, נאָר פּשוטע יידן־סוחרים. אָבער דער גלות פאַרשיינט. פון דערווייטנס פאַרגעסט מען די ווירקלעכקייט—און מען רעדט זיך איין: אַז „דאָרט“, „דאָרט“, הינטער ימען און בערג, אין דער גוטער אלטער צייט, איז אַלצדינג געווען גאָר אַנדערש. און ערשט אינדערפרעמד ווערט ליב די היים.

זיי האָבן זיך געפילט אומגליקלעך און געדריקט. זיי האָבן זיך נישט געקאָנט אַקלימאַטיזירן אין דער נייער „היים“, אויף דער נאַסער, קילער, קאַנאַלן־דורכגעשניטענער האָלענדישער ערד, און זיי האָבן געפרוירן פיזיש און גייסטיק. וואָס פאַר אַ וואונדער, ווען זיי—די פאַרביטערטע—האָבן נישט געקאָנט פאַרטראָגן קיין שום קריטיק, וואָס זיי — די געיאָגטע—זענען געוואָרן פאַרביסן־אומטאָלעראַנט?

עס איז געקומען צו זיי פון פּאָרטוגאַל אַ קריסט—סעניאָר גאַבריעל דע קאָסטאַ, פון אָפּאָרטאָ. זיין טאַטע איז שוין געווען אַ קריסט—פון די „אנוסים“, אָבער פּאָרט אַ קריסט, און דערצו נאָך אַן אמת־איבערגעגעבענער, אַ פרומער קאַטאָליק. דער זון—גבריאל—אַ קירכן־יוריסט, אַ קאַבאַליעראָ, אַ רייכער און אַ געלערנטער מאַן, געלערנט—אין גוישע, נישט אין יידישע חכמות, דערצויגן ביי די יעזויטן אין דער אוניווערזיטעט פון קאָימבראַ, אַ מומחה אין די שריפטן פון אויגוסטין, פון סט. טאָמאַס, פון די קירכן־לערער. אָבער עס ווערט אים קשה אויף דעם קריסטנטום. עס ווייזט זיך אים אויס, אַז דער קאַטאָליציזם פירט אים נישט צום „גליק“, „ראַטעוועט“ נישט זיין נשמה. ער

לייענט איבער די תורה—און ווערט אַ ייד, קומט קיין אַמסטערדאַם מיט דער משפחה—נעמט אָן דעם נאָמען אוריאל. גוט. די יידן נעמען אים אויף גאַנץ שיין. ער ווערט אַ פיינער באַלעבאָס אין דעם פלייבורג. אָבער סעניאָר דע קאָסטאַ קאָן נישט פאַרגעסן זיין פּאָרטוגאַל. ער בענקט, ער פילט זיך אומגליקלעך אין האָלאַנד. ער ליידט. און פון בענקשאַפט קומט אומצופרידנקייט. ער גריבלט זיך, הייבט אָן צו צווייפ-לען אין דעם יידנטום, ווערט צוביסלעכווייז אַן „אפיקורוס", שרייבט אַקעגן „השארת הנפש"—אויף פּאָרטוגעזיש, און שרייבט, פון דעם רבנישן שטאַנדפּונקט—ווי אַן עם-הארץ. ער לייקנט דעם דין, קעמפט אַקעגן די מנהגים—ווערט אַ מין קראַי,—שטעלט אַוועק די תורת-משה אַקעגן דעם שפּעטערן יידנטום. און די רבנים און די גאַנצע קהילה פון אַמסטער-דאַם ווערן אין כּעס. וואָס קומט ער, דער פּאָרטוגעזישער קירכן-אַדוואָ-קאַט, און שטערט די רו? ווער האָט אים געבעטן ווערן אַ ייד? ווער דאַרף האָבן זיינע דרשות? צו וואָס שיט ער זאַלץ אויף די ווונדן?

און יעדער האָט זיך געפרעגט: אויב עס איז נאָך דאָ אַ מעג-לעכקייט, אַז דע קאָסטאַ זאָל זיין גערעכט, אויב עס איז באמת נישטאָ קיין יענע וועלט, נישטאָ קיין שכר ועונש, אויב דער יידישער דין, דער יידישער מנהג, דער גאַנצער יידישער דת זענען גאָרנישט די „אמונה צרופה"—אויב דער אַלטער „יהרג ולא יעבור"—זיך לאָזן טויטן פאַר דער מינדסטער מצווה, איז גאָרנישט ווערט, — צוליב וואָס אָפּ-קומען גלות אין האָלאַנד? צוליב וואָס פאַרשוואַרצט ווערן אין דעם שמו-ציקן פלייבורג, זיין פעדלערס, באַקומען די שווינדזוכט אין דער נאַסער שטאָט? אויב דער גאַנצער קידוש השם איז גאָרנישט קיין אמתער קידוש השם, פאַרוואָס נישט אומקערן זיך קיין שפּאַניע, אין דער שמעקעדיקער, מאַראַנצן-געלער אַנדאַלוזיע, אין דער זון-פאַרפלייצטער פּאָרטוגאַל, און לעבן פריי, אויב אפילו אַלס קריסטן?

אָבער שפּאַניע איז געווען פאַרשלאָסן. די פייערן פון דער אינק-וויזיציע דהאָבן געברענט. אַלע בריקן זענען געווען אָפּגעבראָכן. דער פאַרטריבענער ייד האָט געמוזט בלייבן אַ פאַרטריבענער. און ער האָט געזוכט צו פאַרענטפערן זיין גרול, צו געפינען אין אים אַ שיינקייט און אַן אמת. וואָס גרעסער זיין יאוש, אַלץ שטאַרקער איז געוואָרן זיין גלויבן. און ער האָט נישט געקאָנט מוחל זיין דע קאָסטען זיינע ספקות און זיין אפּיקורסות. ער האָט אים אַריינגעלייגט אין חרם—ער

האָט אים געשלאָגן ל״ט מלקות. ער האָט אים אַרייַנגעטריבן אין טויט אַריין.

און אומעטיק איז עס געווען אויף דער יידישער גאַס, אַ שטראַל פון האָפענונג דאָ און דאָרט. איין משיח-אילוזיע נאָך דער צווייטער. אָט זעענען דורכגעפּלויגן, ווי אַ מעטעאָר, דוד רבאני, שלמה מולכו, פאַנטאַסטישע פיגורן פון לעגענדן אַרויס, און פאַרשוואונדן. עס האָט זיך שוין געגרייט אַ נייער משיח—דער שטאַרקסטער פון אַלע, וואָס זענען ביז אים געקומען—און דער טראַגישסטער: שבתי צבי. ער איז נאָך נישט געקומען—אָבער דער וועג איז שוין געווען אָפן פאַר אים. די יידן פון אַמסטערדאַם און האַמבורג, די יידן פון סמירנע און אַפריקע—די וואָגלער פון שפּאַניע און די עלנטע פון פּוילן—אַלע זענען גרייט—פאַר משיחן. און אַ מיסטישע שטימונג האָט זיך פאַרשפּרייט, ווי אַ שלייער, איבער דעם יידנטום. נישט מער די קלאָרקייט פון דער רמב״ם-צייט, די רויקייט פון די גוטע אַלטע צייטן, נישט מער די זיכערקייט פון די אייַנגעפונדעוועטע יידישע דורות—נאָר אַ לירישע צעשמאָלצנקייט און צעשוואומענקייט און אַ בענקשאַפט.

מען האָט געלערנט ווייניקער גמרא, ווי זוהר, און אויך אים האָט מען געלערנט נישט צוליב חקירה; נישט אַלס פילאָזאָפיע, נאָר געזוכט אין אים דעם „סוד״ — דעם סוד פון יסורים, דעם סוד פון דעם סוף.

מיד און אַלט האָט דאָס שפּאַנישע יידנטום זיך געשלעפּט איבער די גאַסן פון די צפון-לענדער און געוואַרט אויף דער גאולה, און קיין גאולה איז נישט געקומען. עס האָט זיך געבעטן רחמים—און...

* * *

„וכד בעי קודשא דקודשין לרחמא על ישראל, אחית תרין דמעין ואתבסמא בימא דבא, מאן ימא רבא, ימא דחכמתא עלאה״, אַזוי זאָגט דער זוהר (אדרא רבא), און ווען דער הייליקסטער פון די הייליקע גייט זיך דערבאַרעמען אויף די יידען, נידערט ער אַראָפּ צוויי טרערן אין דעם גרויסן ים אַריין—וואָס פאַר אַ ים מיינט מען דאָס—דאָס איז דער ים פון דער אויבערשטער חכמה.״

... און דער רחמים איז געקומען. פון די טרערן, די יידישע

פרערן אין דעם גרויסן ים—איז געקומען די „חכמתא עלאה" דאָס שפּאַנישע יידנטום האָט באַלד געפונען איר פאַרענטפערונג, איר פאַר-ענדיקונג, איר זין, אין אַ זון, וואָס איז געבוירן געוואָרן אין פליבורג, אין אַמסטערדאַם, דעם פיר און צוואַנציקסטן נאָוועמבער 1632, אין דעם הויז פון דעם סוחר מיכאַעל דע שפּינאָזאַ פון ווינערע—אַזוי הייסט ער אין די אָפיציעלע אַמסטערדאַמער דאָקומענטן און עס איז אַ ספק ביי די היסטאָריקער, צי דאָס איז „פיגוערא" אין פּאָרטוגאַל, אָדער ווידיגערע אין שפּאַניע. אָבער אַזוי, צי אַזוי—דער פאָטער איז אַליין נאָך געווען אַן אימיגראַנט פון דעם פירענעישן האַלבאינדזל אַ פּשוטער, אויך נישט זייער ענערגישער מאַן. דערצו נאָך אומגליקלעך אין פאַמיליע-לעבן. די ערשטע פרוי שטאַרבט אים אַוועק. ער האָט חתונה פאַר דער צווייטער—חנה דבורה דע שפּינאָזאַ, אַ קרובה, פון ליסאַבאָן. זי האָט אים געבוירן אַ זון—ברוך—און שטאַרבט באַלד. זיי האָבן זיך נישט געקאָנט לאַנג האַלטן, די דרום-בלומען, אויף די קאַלטער ערד פון האָלאַנד. מיכאַל האָט באַלד ווידער חתונה מיט אַ דריטע, האָט קינדער פון אַלע דריי, צוויי טעכטער, רבקה און מרים, און צוויי זין—ברוך און יצחק. ברוך איז אַ יתום. ער האָט אַ שטיפמו-טער. ער איז אַן איינזאַם, שטיל קינד, שוואַך אין געזונט, די קראַנקהייט וואָס האָט זיין מוטער אַריינגעטריבן יונג אין קבר אַריין—די שווינ-זוכט—לאָזט זיך ביי אים פילן פון קינדהייט אָן. דער פאָטער איז פאַרנומען מיט זיינע געשעפטן. ער איז אַן אומעטיקער און גייסטיק באַשרענקטער סוחר, נישט קיין גרויסער למדן אין יידישע פראַגן און אויך נישט זייער געבילדעט בכלל. די היימישע ביבליאָטעק פון דע שפּי-נאָזאַ איז די דורכשניטלעכע פון יעדן שפּאַניש-יידישן הויז. אַ תנ"ך, אַ משניות—אפשר אַ גמרא אָדער אַ זוהר, דערנאָך אַ פּאָר שפּאַנישע ביכער—די דערציילונגען פון סערוואַנטעס, די לידער פון גאָנגאָראַ און אַנדערע שפּאַנישע פּאָעטן.

ברוך שפּינאָזאַ וואַקסט אויס אין דער דאָזיקער אומעטיקער סביבה. אין די ענגע געסלעך פון דער אַמסטערדאַמער געטאָ איז געווען וויי-ניק פּלאַץ פאַר קינדערשפּילן. עס איז געווען אַ שטרענג, אַ דאַרב לעבן פון קינדהייט אָן צו זעקס אָדער זיבן יאָר איז שפּינאָזאַ, ווי אַלע יידישע יינגלעך, אַ תלמיד פון דער שולע—אָדער תלמוד-תורה—וואָס האָט געהייסן „עץ חיים". דער פּראָגראַם פון דער שולע—דער געוויינלעכער פּראָגראַם פון אַ חדר אָדער אַ תלמוד-תורה. תנ"ך מיט

רש״י, דקדוק, משנה, גמרא מיט תוספות א. אַז. וו. דער „חכם״ יצחק אבוהב איז געווען דער גמרא־מלמד, שמואל לוי מאָרטײראַ—האָט גע־לערנט מיט די קינדער די מפרשים. מנשה בן ישראל איז אויך געווען אַ לערער אין דער שולע. אַלץ ווייניק באַדייטנדיקע און מיטלמעסיקע „הכמים״. זיי וואָלטן, אחוץ מנשה בן ישראל, זיכער פאַרגעסן געוואָרן, ווי הונדערטער טויזנטער אַזעלכע מלמדים און רבנים, ווען נישט איין תלמיד, וואָס זיי האָבן געהאַט—אַ תלמיד, וואָס האָט זיי אָנגעטאָן אַזוי־פיל צער—אָבער אויך אַרײַנגעשלעפּט זיי אויף זײַנע פּלײצעס אין דעם פּאַנטעאָן פון דער געשיכטע.

ברוך שפּינאָזאַ איז אַ פלייסיקער תלמיד. ער לערנט ניט בלויז דאָס, וואָס זײַנע לערער קאָנען אים געבן. ער פאַרטיפט זיך אין ספרים, וואָס גייען אַריבער דעם שול־פּראָגראַם. ער לייענט, שלינגט די פילאָזאָפישע ספרים פון דער יידישער ליטעראַטור. אַ גאַנצער אוצר. אַלע שיטות און ריכטונגען זענען פאַרטראָטן. דאָ איז דער ניי־פּלאַטאָניקער אבן־גבירול, דאָרט דער אַריסטאָטעליקער רמב״ם, דערנאָך די פאַרשידענע דענקער פון דעם מיטלאַלטער און דער שפּעטערדיקער צייט. דער רלב״ג—מיט זײַנע „מלחמות ה׳״, דאַן חשדאי קרשקש (קרעסקאַס), אברבנאל, און דערנאָך—און מער פון אַלע—אברהם אבן־אזרא. דער מערקווירדיקער, אָריגינעלער, עכט־יידישער דענקער, ד. ה. אַ דענקער אָן אַ סיסטעם, אָן אַ פאָרם, אַ פילאָזאָף, וואָס האָט זײַנע טיפסטע געדאַנ־קען צעשפּרייט און צעזייט אין קורצע באַמערקונגען, פאַרקליידט זיי אַלס פּירושים און טייטשן, געשאַפן די סקעפּטישסטע שיטה אין דער יידישער קולטור — און ניט געמאַכט קיין וועזן דערפון. און דערנאָך—דער זוהר. דאָס טיפסטע, וואָס דאָס יידישע דענקען האָט בכלל אַרוס־געבראַכט—און דאָס פאַנטאַסטישסטע. ווידעראַמאָל די אומפעיקייט פון דעם יידישען גייסט צו דענקען ריין־אַבסטראַקט—אָן מליצות, אָן ביל־דער, אָן דרשות. אַ פאַרוואַקסענער וואַלד. מען קאָן זיך אין אים גרינג פאַרלירן. אָבער איז עס געראָטען צו געפינען אַ שליאַך—האָט מען געגוג קראַפט אויסצוהאַקן פאַר זיך אַ וואַלד־וועג—קומט מען אָפּט צו אַ פּרדס — צו אַ גאָרטן, וואָס איז באמת ווערט די מי פון זוכן.

דאָס גאַנצע פּראָבלעם פון דעם זוהר דרייט זיך אַרום דעם באַגריף פון „אין סוף״. „דער אַלטער פון די טעג״ (עתיק יומין—דער נאָמען פון גאָט) איז דאָס פאַרבאָרגנסטע פון אַלע פאַרבאָרגנהייטן. ער איז אָפּגעשיידט פון אַלע זאַכן, און אין דער אייגענער צייט נישט

אָפּגעשיידט. ווײל „אַלצדינג איז פאַרייניקט אין אים, און ער פאַרייניקט אַלצדינג אין זיך" (זוהר, אדרא זוטא). און די ווייטערע אויסאַרבעטער און פאַרטיפער פון דער קבלה האָבן זיך באַמיט צו באַשטימען גענויער, אַזוי ווייט ווי עס איז מעגלעך—אָט דידאַזיקע אָפּגרונט-טיפע באַגריפן פון „שאַפער" און „איינס", פון „זיין" און „נישט", פון גאָט און וועלט.

„הכל קשור ומקושר באין סוף באין פרוד כלל ועיקר"—אַלצדינג, זאָגט ר' משה קורדוביראָ, איז געקניפּט און געבונדן אין דעם אין סוף. דער אין סוף איז דער „שורש השרשים". ער איז „דער סוד פון דעם לעבן פון אַלצדינג אין דער אַלגעמיינער עקזיסטענץ, ער איז אַלצדינג —און גאָרנישט איבער אים—„ואין חוצה לו כלל, שהוא המאסף הכל ואין מי שיאספהו, והוא כולל הכל ואין מי שיכללהו" א. אַז. וו.

דער יונגער שפּינאָזאַ זאַפּט אַריין אין זיך אָט די געדאַנקען — אַלע געדאַנקען פון דער יידישער פילאָזאָפיע, און צוביסלעכווייז ווערט פון די פאַרשידענע פעדעם אויסגעאַרבעט אַ סיסטעם, נאָך גאַנץ אומ-קלאָר אין דעם אָנהייב. שפּינאָזאַ האָט געהאַט ביז צו זיין צוואַנ-ציקסטן יאָר כמעט בלויז אַ יידיש וויסן. ער האָט נישט פאַרשטאַנען קיין לאַטיין — און דאָס איז געווען די שפּראַך פון דער וויסנשאַפט, פון דער פילאָזאָפיע. ער איז אויך געווען ווייניג באַהאַוונט אין נאַ-טורוויסנשאַפטן. זיין וויסן איז געווען אַ ריין טעאָלאָגיש-תּלמודישעס, אַ יידיש-פילאָזאָפישעס.

אָבער אין אים האָט זיך צום ערשטן מאָל דאָס יידישע דענ-קען קריסטאַליזירט צו קלאָרקייט. עס איז געווען זיין היסטאָרישער גורל צו ווערן דער לעצטער—און גרעסטער יידישער „פילוסוף אלהי", ווי מען פלעגט זאָגן אין מיטלאַלטער, אַ דענקער איבער געטלעכקייט, אַ דענקער, וואָס גאָט און וועלט זענען זיין פּראָבלעם.

וואָס דער רמב"ם האָט געטאָן פאַר דעם „נגלה" האָט שפּינאָזאַ געטאָן פאַר דעם „נסתּר", און ווער ווייסט, וואָס עס וואָלט אַרויסגעקו-מען פון שפּינאָזאַס דענקען—אויב נישט די אומטאָלעראַנץ פון די פאָר „חכמים" פון דער אַמסטערדאַמער קהילה.

מען קאָן זיך אויסמאָלן אַ שפּינאָזאַ, נישט קיין אַרויסגעשטויסענעם פון כלל ישראל, אַ שפּינאָזאַ, וואָס לעבט צווישן יידן, שרייבט און דענקט פאַר יידן. וואָס וואָלט געווען זיין שאַפן? אפשר אַ נייער „מורה נבוכים" אָדער אַן אַנדער „פרדס", אָדער „אילימא" פון ר' משה קורדוביראָ. יעדנפאַלס, עס וואָלט ביי אונדז געבליבן — און קיינער

וואָלט זיך נישט אַרומגעקוקט דערויף. און צו דעם רלב״ג און ראב״ד און רמב״ן און רמב״ם וואָלט—אפשר—צוגעקומען נאָך אַ ראשי תיבות רב״ש. און דערמיט וואָלט עס זיך פאַרענדיקט.

אָבער שאול לוי מאָרטיירא און יצחק אבוהב האָבן עס נישט דערלאָזן. זיי האָבן דערפילט אין דעם יונגן שפּינאָזאַ דעם געפער־לעכן גייסט פון מרידה און האָבן אים געוואָלט דערדריקן אין—שורש. שפּינאָזאַ ווערט גערופן פאַר דעם בית־דין נאָך איידער ער האָט עפּעס געטאָן. מען פאַרלאַנגט פון אים דין וחשבון פאַר געדאַנקען, וואָס ער האָט נאָך גאָרנישט צו ענד דערטראַכט. מען משפט אים פאַראויס. אין 1654 ווערט שפּינאָזאַ, דער צוויי און צוואַנציק־יאָריקער, אַריינגעלייגט אין חרם. די רבנים האָבן אַרויסגעוויזן אַ נביאישן גייסט. זיי האָבן מחרים געווען שפּינאָזאַ דעם קומענדיקן, שפּינאָזאַ פון דעם „טעאָלאָגיש־פּאָליטישן טראַקטאַט", שפּינאָזאַ פון דער „עטיק". דער יונ־גער שפּינאָזאַ האָט עס נאָך זיכער נישט פאַרדינט.

אָדער אפשר האָט עס דער היסטאָרישער גורל פון דעם יידנ־טום—דעם שפּאַנישען יידנטום געפאָדערט, אַז איר גרעסטע גייסטיקע דערגרייכונג זאָל געמאַכט ווערן מיט אַ טראַגישן זשעסט?

ווער ווייסט? יעדנפאַלס, די צוויי חברים, וואָס האָבן געמסרט שפּינאָזאַן פאַר דעם בית־דין פון אַמסטערדאַם, די רבנים, וואָס האָבן אים אַריינגעלייגט אין חרם, האָבן געהאַט אַן אומשטערבלעכן פאַרדינסט פאַר דער פילאָזאָפיע, פאַר דער וועלט־קולטור בכלל. זיי האָבן אַרויס־געשטויסן פון דער אַמסטערדאַמער געטאָ ברוך שפּינאָזאַן. זיי האָבן געגעבן דער וועלט איינעם פון אירע גרעסטע דענקער—בענעדיקטוס דע שפּינאָזאַ.

שפּינאָזאַ ווערט נישט „ווילד" ווי דע קאָסטאַ—נאָך דעם חרם. ער ווערט נישט פאַרצווייפלט. פאַרקערט—ער ווערט רויקער. דאָס שפּאַ־נישע יידנטום—אין זיין גרעסטן זון—פאַרלירט צום צווייטן מאָל זיין „היים", זיין באָדן, פאַרלירט—כדי צו געווינען: די וועלט.

ער גייט אַרויס פון דער געטאָ און טרעט אַריין אין דעם ברייטן, טומלדיקן לעבן פון אַמסטערדאַם. נייע אינטערעסן, נייע שטורעמס. האָ־לאַנד—די גאַנצע קריסטלעכע מערב־וועלט—האַלט אין איין יערן. וואַניני און ברונא אין איטאַליע, בייקאָן און האָבס אין ענגלאַנד, און דער עיקר—פראַנקרייך. דאָרט טרעט אַרויס אַ דענקער פון דעם ערשטן ראַנג, אַ דענקער, וואָס האָט אויפגעטאָן פאַר דער פילאָזאָפיע דאָס איינציג,

וואָס קאָפּערניקוס פאַר דער אַסטראָנאָמיע, דער דענקער איז געווען
דער פראַנצויזישער אָפּיציר און מאַטעמאַטיקער רענע דעקאַרט. די
דעקאַרטישע—אָדער ווי מען רופט זי, די „קאַרטעזיאַנישע"—פילאָזאָפיע
איז אייגנטלעך מער אַ מעטאָדע, ווי אַ סיסטעם, ווי יעדע פילאָזאָפיע
קאָן און מוז זיין. וואָס איז דען אַ סיסטעם? איין געדאַנק צוגעפירט
צו זיינע לעצטע קאָנסעקווענצן, אויסגעשפּרייט איבער דעם גאַנצן רייך-
געשטאַלטיקן לעבן. אָבער ווי אַזוי קאָן איין געדאַנק אַרומנעמען דעם
גאַנצן שטח? און ווען דער געדאַנק אַליין איז פאַלש? ווי אַזוי קאָן
מען באַווייזן דאָס לעצטע—דעם פונדאַמענט, דעם שורש פון יעדן סיס-
טעם? דאָס איז דער פעלער פון יעדער סיסטעמאַטישער פילאָזאָפיע, כל
זמן זי איז מער ווי אַ מעטאָדע. מעטאָדע הייסט—וועג, צוגאַנג, הייסט
איינשטעלונג פון דעם אויג אויף אַ געוויסן פּונקט. און די בעסטע
מעטאָדע איז די מאַטעמאַטישע. ווי אַזוי אַרבעט דער מאַטעמאַטישער
גייסט? ער גייט אַרויס פון אַ פּאָר הנחות, פון געוויסע פּרינציפּן,
געשעפּט פון דער באַאָבאַכטונג, פון די חושים, און זאָגט אַזוי: אָט
דאָס און דאָס איז געגעבן. באַווייזן קאָן מען עס נישט. עס איז אויך
נישט נייטיק. לאָמיר זען—וואָס מען קאָן טאָן דערמיט. און ער פּרוווט
זיך. ער בויט נישט קיין סיסטעם—ער שאַפט נאָר אַ וועג ווי אַזוי צו
באַרעכענען, ד. ה. איינצואָרדענען די דערשיינונגען. דער געוואַלדיקער
אויפטו פון דעקאַרטן איז געווען—שאַפן אַ נייע מאַטעמאַטישע מעטאָדע,
צונויפברענגען די צוויי פאָרמען פון מאַטעמאַטיק—געאָמעטריע און אַלגעב-
רע, ד. ה. די מאַטעמאַטיק פון דעם אויג און די פון ריינעם דענקען,
דאָס קאָנקרעטע און דאָס אַבסטראַקטע אין איין מעטאָדע. און דעקאַרט
ווענדט דערנאָך אָן זיין מעטאָדע אויף דער פילאָזאָפיע. אויפן אָרט פון
„ערשטע פּרינציפּן", פון חקירות וועגן גאָט און סיבה און סובסטאַנץ און
אַז. וו. חקירות, וואָס האָבן באַשעפטיקט די מוחות פון דער גאַנצער
פילאָזאָפיע, פון אַריסטאָטעל אָן ביז צו די סכאָלאַסטיקער און די ביי-
פלאַטאָניקער פון דעם רענעסאַנס, גייט ער צו מיט אַן אַנדער מעטאָדע.
ער פרעגט: וואָס איז דאָס זיכערסטע פון דעם אַלעם, וואָס מיר
ווייסן? וואָס איז דער אַקסיאָם פון אונזער גייסטיקן לעבן? איך בין?
פונוואַנען ווייס איך? פונוואַנען ווייס איך, וואָס דאָס איז „איך". און
וואָס איז דאָס „בין"? ספיקות איבער ספיקות, פּלפּול אויף פּלפּול. עס
איז אַ דזשאָנגל. מען קאָן זיך דאָ נישט אַרויספּלאָנטערן, אָבער זי-
כער, אַקסיאָמאַטיש איז: איך דענק, „קאָגיטאָ". אפילו ווען איך דענק

איבער דעם דענקען, אפילו ווען איך צווייפל איבער דעם „איך"— דענקען טו איך דאָך. ווער דענקט? איך. הייסט עס, אַז איך בין. ווייל אין יעדן פּראָצעס פון דענקען איז שוין איינגעשלאָסן: איך בין עס, וואָס דענקט. און ווען מיר האָבן שוין דעם פונדאַמענט, דעם אויס-גאַנגס-פונקט, קאָנען מיר „רעכענען" ווייטער, קאָנען מיר „געאָמעטריש" קאָנסטרויִרן אַ וועלט — איז מיט מיין דענקען זיכער די וועלט פון דענקען—איז מיט מיינע חושים זיכער די וועלט פון שטח, די וועלט פון רוים, פון אויסערע דערשיינונגען, די אויסערע וועלט. זיי האָבן ביידע גאָרנישט וואָס צו טאָן איינע מיט דער צווייטער, פונקט ווי אין דער מאַטעמאַטיק. ווען איך דענק אַ קוואַדראַט, ווען איך מאָל אויס אויף דעם פּאַפּיר—וואָס איז דערביי, איינס איז מיין געדאַנק—עפּעס אַנדערש איז דאָס קאָנקרעטע בילד. זיי באַלאַנגען צו צוויי פאַרשידענע וועלטן: געדאַנק און פאָרם, גייסט און שטח. ווער פאַריי-ביקט זיי, ווער איז דער פּרינציפּ פון ביידע? גאָט, זאָגט דעקאַרט. אויך אַן אַקסיאָם, וואָס מען קאָן גאָרנישט באַווייזן, אָבער וואָס פאָלגט „לאָגיש" פון דעם „איך דענק".

און דאָ פאַרפּלאָנטערט זיך דעקאַרט. אָט דער דואַליזם, וואָס ער טראָגט אריין אין דער וועלט, מאַכט עס אוממעגליך פאַר אים צו דערקלערן, ריכטיקער—צו פאַרשטיין, דעם צוזאַמענהאַנג צווישן דענקען און זיין, צווישן אינערער און אויסערער וועלט, צווישן גאָט און נאַ-טור.

זיין פילאָזאָפיע—אַלס סיסטעם—איז געווען פאַלש. אָבער זיין מעטאָדע איז געווען—ריכטיג? ניין. נישט דאָס איז דער קריטעריום, זי איז געווען—פּרוכטבאַר. און שפּינאָזאַ האָט עס באַוויזן.

דער יונגער, צוויי און צוואַנציק-יעריקער שפּינאָזאַ, טרעפט זיך מיט די האָלענדישע אינטעליגענטן און פריידענקער פון זיין צייט—די קאָלעגיאַנטן האָט מען זיי גערופן—באַגעגנט זיך מיט אַ דאָקטאָר און פילאָלאָג און לערער, פראַנציסקוס אפיניוס וואַן ענדען. דער דאָקטאָר האָט געהאַט אַ שולע—פאַר פריידענקער. ער דערזעט מיט אַן אָדלער-אויג דעם יונגן שפּינאָזאַ, דערפילט דעם מיסטישן „עפּעס", וואָס רינגלט אַרום אָט די איינזאַמע פיגור פון דעם יידישן בחור, מיט זיין שטילן שמייכל און דעם אַסקעטישן קוק. ער נעמט אים אריין צו זיך אין הויז—גיט אים אַ שטעלע, אַ לערער פון העברעיש,—און הייבט אָן מיט אים צו לערנען—די „חכמת יון", ד. ה. ער לערנט מיט אים בלויז

לאַטיין און גיט אים צו לייענען די גרויסע פילאָזאָפישע ליטעראַטור פון דער צייט. שפינאָזאַ לייענט—שלינגט—פאַרטיפט זיך אין דער געדאַנקענוועלט פון אייראָפּע. אָבער ער קומט נישט, ווי אַ דורשטיקער צו אַ קוואַל, ער איז שוין אַן אָנגעטרונקענער, ער איז שוין אַ פאַרטיקער, ער דאַרף זיך נאָר אויספּאָלירן, אויסשלייפן. ער דאַרף בלויז פאָרם און מעטאָדע. ער באַקענט זיך מיט דעם לעבן, אפילו מיט דער ליבע, אַ שטילע ליבע צו וואַן ענדענס קלוגער—אויב נישט זייער שיינער טאָכטער קלאַראַ מאַריאַ. אַ ליבע אָן ראָמאַנטיק—אָן סענטימענטאַליטעט און אָן אַ ציל. שטיל געבוירן — שטיל פאַרלאָשן. אָבער אַ טיפע איבערלעבונג, אַ דערנענטערונג צו דער וויטער וועלט: דער ייד האָט ליב אַ קריסטין. אַ וויטער טריט צו דער באַפרייונג.

און שפינאָזאַ וואַקסט. באַלד, באַלד הייבן אָן זיינע קריסטלעכע פריינט צו פאַרשטיין, אַז דערדאָזיקער טונקעלער, פאַרשלאָסענער רויקער און שוואַכער שפּאַנישער ייד איז אַ געוואַלדיקער גייסטיקער כוח. זיי דערפילן דעם הויך פון אַ נייער פילאָזאָפיע. שפינאָזאַ שרייבט אָן פאַר זיינע פריינט—און תלמידים—אַ קורצן טראַקטאַט: וועגן „דער פאַרבעסערונג פון דעם מענטשלעכן פאַרשטאַנד“. די ערשטע אָנווייזונג אויף דעם גרויסן פילאָזאָפישן סיסטעם. ער שרייבט דעם „טעאָלאָגיש-פּאָליטישן טראַקטאַט“, וווּ ער גיט—צום ערשטן מאָל—אַן אַנאַליז פון דער טעאָלאָגישער טראַדיציע, וווּ ער גרייט צו אַ רעליגיעזן סיסטעם — אומאָפּהענגיק פון בוך און געשיכטע, פריי פון אַלע קייטן פון דאָגמען, וווּ ער אַנאַליזירט שאַרף, דורכדרינגענדיק די ביבל און פירט אַראָפּ די געשיכטלעכע רעליגיע פון איר איבערנאַטירלעכן פּעדעסטאַל. ער ברענגט אַראָפּ די רעליגיע אויף דער ערד. ער נעמט אַרויס גאָט פון די טאָוולען פון אַ בוך—כדי אים אַריינצושטעלן אין דער נאַטור. פאַר קריסטן אַ נייס, אַן איבערראַשונג, פאַר יידן גאָרנישט אַזוי ניי. ווידעראַמאָל האָט ער געשעפּט פון די יידישע קוואַלן: דער אבן-עזרא איז געווען זיין פירער, זיין לערער. בלויז דאָס, וואָס אבן-עזרא האָט אַרויסגעזאָגט אין רמזים, אין צעשטרייטע באַמערקונגען—האָט שפינאָזאַ דורכגעטראַכט ביז צו די לעצטע און געוואַגטסטע קאָנסעקווענצן. אַ פאַרענדיקער פון דער יידישער קריטיק פון דעם יידנטום.

שפינאָזאַ ווערט אַ שטורעם-צענטער. ער וויל עס נישט, ער וווינט אָרעם, ציט זיין קנאַפּע חיונה פון דער מלאכה. ער שלייפט אָפּטישע

גלעזער, וווינט צוערשט אין דעם דאָרף ריינסבורג ביי אַמסטערדאַם, דערנאָך אין דעם דאָרף וואָרבורג און שפּעטער אין אַ קליין הייזל ביי האַאַג, ביי אַן אָרעמען האָלענדישן צימערמאָלער. לעבט אָפּ צוויי און צוואַנציק יאָר איינזאַם, און דאָך אַרומגערינגלט מיט תּלמידים. דר. לודוויג מייער, בורג, קו-באַג, אָלדענבורג, וואַן פריעז א. אַז. וו. ער לערנט, ער דענקט, פירט קאָרעספּאָנדענץ מיט פריינט און פילאָזאָפישע תּלמידים, טרעפט זיך מיט די גרעסטע פון זיין צייט-הויגענס דער פיזיקער, לייבניץ דער מאַטעמאַטיקער און פילאָזאָף, האַלט זיך ווייט פון דער וועלט, זאָגט זיך אָפּ פון אַלע שטעלעס, וואָס מען שלאָגט אים אָן—אַ פּראָפעסאָר אין דייטשלאַנד,—נעמט נישט קיין אַנטייל אין דעם עפנטלעכן לעבן, דרוקט זייער ווייניק, אָבער זיין נאָמען וואַקסט. פיינט—פריינט, אַלע שושקען זיך: דער מייסטער, דער אַנטדעקער פון אַ נייעם אמת, זאָגן די איינע, דער „אַפּיקורוס", דער פאַרפלוכטער ייד, „אַ שלעכטער ייד און אַן ערגערער קריסט", שרייען די אַנדערע. שפּינאָזא שווייגט—דענקט—און שרייבט זיין „עטיק". און ווען ער איז אין דעם 21-טן פעברואַר, 1677, פּלוצלונג און שטיל געשטאָרבן פון דער שווינדזוכט אין זיין איינזאַמען חדר—האָט די וועלט נאָך נישט געווּסט, וואָס אין דעם שרייבטיש פון זיין חדרל איז געלעגן. זי איז עס באַלד געוואָר געוואָרן. באַלד איז אַרויס אין דער ברייטער וועלט דאָס עפּאָכע-מאַכנדיקע בוך, וואָס הייסט: „די עטיק, באַוויזן אויף אַ געאָמעטרישן אופן". פון ב. ד. ש. און יעדער האָט געווּסט, אַז אונטער די דאָזיקע ראשי תּיבות איז באַהאַלטן דער נאָמען פון דעם האַאַגער פּרוש: ברוך שפּינאָזאַ.

„אויפן געאָמעטרישן אופן". עס איז נאָך היינט אַ ספק—ווי עס איז געווען פון אָנהייב אָן—צי די געאָמעטרישע פאָרם. די פאָרם פון אַקסיאָמען און באַווייזן, פון דער שטרענגער מאַטעמאַטישער פאָרם, האָט געפּאַסט פאַר דעם סיסטעם, וואָס שפּינאָזא האָט אויפגעבויט. מען האַלט עס געוויינלעך פאַר דעם גרעסטן חסרון פון דעם ווערק. מען מיינט, אַז אָן דערדאָזיקער געקינסטלטער, שווערער, שווער צו פאַרשטייענדיקער פאָרם, וואָלט דער גאַנצער סיסטעם פון שפּינאָזא געווען אי קלאָרער אי ווירקונגספולער.

עס קאָן זיין. די געאָמעטרישע מעטאָדע האָט ווייניק וואָס צוגעגעבן צום עצם פון שפּינאָזאס ווערק. זי פאַרטונקלט אָפּט די אמתע כוונה. אָבער עס איז אויך פאַרשטענדלעך, פאַרוואָס שפּינאָזאַ האָט עס

געמאַן און וואָס איז געווען זיין פסיכאָלאָגישער מאָטיוו. ווידעראַמאָל די אייגענע דערשיינונג, ווי אין דעם „פאָליטיש טעאָלאָגישן טראַקטאַט". ווי דאָרט—הי קריטיק פון דעם יידנטום אין אַ נייער פאָרם, אַזוי דאָ די קאָנסטרוקטיווע אידעע פון דעם יידנטום, דער סכום פון דעם גאַנצן יידישן דענקען—אָבער אין אַ נייער געשטאַלט. די קבלה, קרעסקאַס, דער רלב"ג, חוי חב כי, אַלע יידישע דענקער פאַר שפינאָזא, זיי האָבן אַלע געבויט—אויף דער תורה. זיי האָבן פאַרטיפט דעם געדאַנק—אָבער די אַלטע פאָרם איז געבליבן. די אידעע איז געווען אַ געפאַנגענע פון דער געשטאַלט.

שפינאָזאַ האָט צעבראָכן די פאָרם און באַפרייט דעם געדאַנק.

וואָס איז דער גרונטגעדאַנק פון דעם יידנטום? גאָט. ריכטי־קער: די איינהייט פון גאָט.

וואָס איז דער פראָבלעם פון דעם יידנטום? דאָס פאַרשטיין די פיל־קייט אין דער איינהיים, דאָס הייסט פאַרשטיין די וועלט, וואָס קומט פון גאָט. מיט דעם פראָבלעם האָט זיך דאָס יידנטום געראנגלט—און האָט אים נישט געקאָנט בייקומען, ווייל ער איז געווען געפענטעט פון דעם טראַדיציאָנעלן, רעליגיעזן, פראַקטישן, נאַציאָנאַלן, היסטאָרישן—און לאָמיר דאָס צונויפנעמען אין איין וואָרט—עטישן מאָטיוו. פון איין זייט „אחדות הבורא"—די איינהייט, וואָס לאָזט גאָרנישט צו קיין צווייהייט, די איינהייט, וואָס לאָזט זיך גאָרנישט אויסדריקן אין דעם וואָרט „איינס", ווייל איינס מיינט אַן אָנהייב און אַ גרענעץ, ווייל הינטער איינס שטייט אַ האַלב און אַ חלק און אַ נול, און ווייטער — אַ צוויי און אַ סך, דאָס איז די פיזישע, די קאָנקרעטע „איינס", אָבער נישט די „איינס" פון גאָט.

די יידישע דענקער האָבן עס געוווסט—אָבער זיי האָבן זיך נישט געקאָנט העלפן. די היסטאָרישעווירקלעכקייט, דאָס יידנטום מיט זיינע דאָגמען האָט זיך געפלאָטערט צווישן זייערע פיס און זיי זענען תמיד געשטרויכלט געוואָרן. שפינאָזא האָט זיך באַפרייט פון דעם היסטאָרישן יידנטום.

ער איז דער ערשטער געקומען צו אַ קלאָרער, צו אַ פאַרענדיק־טער אידעע פון דעם יידישן „איינס־באַגריף".

ער הייבט אָן זיין פילאָזאָפיע—מיט גאָט. נישט מיט דער וועלט, נישט מיט דעם „איך", נישט מיט דעם מענטשן, ווי דעקאַרט, נאָר מיט

דעם לעצטן פּרינציפּ. ער נעמט דעקאַרטס מעטאָדע און ווענדט איר אָן אויף דעם יידישן געדאַנק.

וואָס פאַרשטיי איך אונטער גאָט? — פרעגט ער אין די ערשטע שורות פון דער „עטיק". „אונטער גאָט, פאַרשטיי איך דאָס, וואָס איז אַבסאָלוט אוממעגלעך, דאָס הייסט, אַ סובסטאַנץ, וואָס באַשטייט פון אומענדלעכע אַטריבוטן, וואָס יעדער איינער פון זיי דריקט אויס אַן אייביקן און אומענדלעכן מהות". און אַזוי ווי עס קאָן זיין בלויז איין סובסטאַנץ — ווייל סובסטאַנץ איז דאָס, וואָס האָט זיין סיבה אין זיך אַליין און וואָס קאָן באַגריפן ווערן בלויז פון זיך אַליין — איז נישטאָ גאָרנישט, אַחוץ גאָט.

דאָס הייסט „אחד" מיינט נישט, אַז עס איז דאָ איין גאָט—דאָס מיינט, אַז עס איז דאָ נאָר גאָט—און, אַחוץ אים—גאָרנישט, דאָס מיינט, אַז אַלצדינג איז אין גאָט. אָבער דאָס „אין" מיינט נישט, אַז די וועלט ליגט אין אים, ווי איינהאַלט אין אַ פאָרם—נאָר „אין" מיינט, אַז אַלצ-דינג איז גאָט.

גאָט און וועלט איז איינס.

ווי אַזוי אָבער ווערט פון גאָט וועלט, פון איינס פילקייט? דורך די אַטריבוטן. און דאָס מיינט—יעדע זאַך האָט אייגנשאַפטן. אַ טיש איז פון האָלץ—איין אייגנשאַפט (אַטריבוט). ער איז פירעקיק — אַ צווייטע. ער איז שוואַרץ, ער איז גרינג—ער איז, וואָס מען וויל און קאָן פון אים זאָגן—אָבער דאָס אַלץ איז אין דעם טיש. פירעקיקייט, האָלצערנ-קייט, פאַרב—אַלצדינג איז די אייגנשאַפט פון דעם טיש—פאַר זיך אַליין זענען זיי גאָרנישט.

גאָט האָט צוויי אַטריבוטן, דאָס הייסט, מיר קאָנען רעדן פון אים פון צוויי שטאַנדפּונקטן: ער איז דענקען און אויסדענונג*). דאָס מיינט נישט, אַז גאָט האָט נישט קיין אַנדערע אייגנשאַפטן. זיי זענען אומענדלעך, ווייל גאָט איז אומענדלעך. דאָס מיינט בלויז, אַז מיר קאָ-נען נישט באַגרייפן די סובסטאַנץ אַחוץ אין די צוויי זיינע אייגנשאַפטן. זיי זענען אָבער נישט—ווי דעקאַרט האָט געלערנט — פאַרשידן איינע פון דער צווייטער. זיי זענען איינס—ווייל די סובסטאַנץ איז איינס.

---

*) אָדער „אויסשפּרייטונג", ווי וו. נאַטאַנסאָן פאַרטייטשט דאָס לאַטיינישע וואָרט „עקסטענזיאַ" אין זיין זייער גוטער יידישער איבערזעצונג פון שפּינאָזאַס „עטיק"

ווייל „וואָס איז, איז אין גאָט און קאָן נישט זיין אויסער גאָט, אָדער קאָן נישט באַגרייפן ווערן אַנדערש".

מען קאָן פאַרשטיין די וועלט—ווען מען פאַרשטייט גאָט, און נישט פאַרקערט, ווי די פילאָזאָפיע האָט ביז אַהער געמיינט. דער וועג פון אויבן אַראָפּ, נישט פון אונטן אַרויף.

פון דעם גרונטגעדאַנק פאָלגט דער ווייטערער סיסטעם, דער סיסטעם, וואָס ווערט אָנגערופן „פאַנטעיזם", אַ וואָרט, וואָס איז אפשר נישט גאַנץ גענוי, ווייל עס האָט צופיל ביוואַנסן. עס איז גוט: אַלצדינג איז אין גאָט. עס איז: עס איז בלויז דאָ נאָר גאָט.

און ווייל עס איז דאָ בלויז גאָט, ווייל אַלצדינג, וואָס מיר רופן אָן וועלט—נאַטור און מענטש זענען בלויז די אויסערונגען פון גאָטס אייגנשאַפטן, איז אויך אונזער גאַנצער מאָראַלישער סיסטעם אַן אַנדערער. די וועלט איז נישט פריי. דער מענטש איז נישט פריי. איז אפשר די „פירעקיקייט" פון דעם טיש פריי? עס איז נישטאָ קיין „פרייער ווילן", עס איז נישטאָ קיין בחירה, עס איז דאָ נויטווענדיקייט. דער גרויסער פעלער פון דעם מענטשלעכן לעבן — איז דער פעלער אין פראָפּאָרציע.

דער מענטש מיינט, אַז ער איז עפּעס, אַז ער האָט אַ ווערט פאַר זיך, אַז ער איז, אַזוי צו זאָגן, אַ שותּף צו גאָט. און דערפאַר שעצט ער איבער זיינע פאַרלאַנגען, האַלט ער דאָס לעבן און זיינע ווערטן פאַר דעם צענטער פון דער וועלט, און ער ווייסט נישט—אַז אַלצדינג אין דער וועלט איז נישט מער ווי באַציונג. „איך וויל באַהאַנדלען די ליידנשאַפטן און די אַפעקטן פון מענטשן, פּונקט ווי זיי וואָלטן געווען ליניעס און פלאַכען", זאָגט ער אין דער איינלייטונג פון דעם דריטן בוך פון דער „עטיק".

עס קאָן דערפאַר זיין בלויז איין ווערט, איין ציל פאַר דעם מענטשן: די אינטעלעקטועלע ליבע צו גאָט. דאָס הייסט: וויסן די באַציונג, פאַרשטיין זי און זיך אונטערגעבן צו איר מיט ליבע. דאָס הייסט פאַרשטיין דעם גרונט-פּרינציפּ פון דער גאַנצער וועלט: „די אָרדענונג פון אידעען און די אָרדענונג צווישן זאַכן איז די אייגענע". קלאָר דענקען איז קלאָר לעבן. פאַרשטיין הייסט—באַזיגן די נויטווענדיקייט. באַזיגן—ווייל זיך אונטערגעבן.

די פילאָזאָפיע פון דער מענטשלעכער אָפּהענגיקייט ווערט די פילאָזאָפיע פון דער מענטשלעכער באַפרייונג.

און דאָס איז געווען שפּינאָזאס וועלט-היסטאָרישע טאַט. ער האָט געגעבן דער וועלט אַ סיסטעם פון פרייהייט און נויטוועגדיקייט אינ-איינעם. ער האָט איר געגעבן אַ סיסטעם פון איינהייט און פילקייט — אינאיי-נעם. ער האָט דערפירט דעם יידישן געדאַנק צו זיין העכסטער קאָנ-סעקווענץ. אמת, עס איז געווען אַן עקידה. ער האָט מקריב געווען דאָס יידנטום צוליב גאָט, אָבער איז דאָס נישט דער צוועק — און זין פון דעם יידנטום?

***

זיי זענען געווען פאַרזאַמלט אין האַאַג — מענטשן פון אַלע לענדער, פאַרטרעטער פון דער געלערנטער וועלט, דענקער, פאָרשער, דיכטער. זיי פאַרזאַמלען זיך צו אַ גרויסן גייסטיקן יום-טוב. די סיבה איז איצט — צוויי הונדערט פופציק יאָר זינט שפּינאָזא איז געשטאָרבן (דעם 21-טן פעברואַר, 1677).

איך געדענק, ווי איך האָב זי אַמאָל געלייענט, אַט די אַלטע קינדער-לעגענדע פון מענטשן, וואָס ווערן שטערן. פליט אַרויף די נשמה צום הימל אַרויף — אויף דער ערד צינדט זיך אַ ליכטעלע — אויפן הימל אַ צווייטס. און די נשמה ווערט אַ שטערן — אין דער נאַכט. עס נעמט מיך אָפּט אַרום אַ מערקווירדיק געפיל, ווען איך טראַכט פון פאַרגאַנגענ-הייט. יעדע פאַרגאַנגענהייט, אפילו די, וואָס איז געווען ערשט נעכטן. עס פאַלט, פאַלט אַריין אין אַ תּהום. דערגאַנגען ביז צו אַ ברעג — צום סוף פון דער וועלט — יעדער פון זיינער — און זיך אַראָפּגעגליטשט און אַריינגעפאַלן. און ערגעץ ווו אין דער טיף — אָדער אינדערהויך — שווימט אַרויף אַ ליכטיק פינטעלע, און בלייבט. נישט אויף לאַנג. שטערן ווערן אויך אויסגעלאָשן. טויטע זונען מיט זייערע סיסטעמען דרייען זיך אַרום אין דעם אָן-אַ-סוף, אָבער פל זמן זיי לייכטן!

פון יאָר צו יאָר ווערן ווייניקער אַלטע שטערן. בייע צינדן זיך אָן. נעמען נאָך נעמען ווערן פאַרגעסן. מענטשן, וואָס זענען אַמאָל געווען מנהיגים פון דער צייט, פון דעם גייסט, ווערן שוין אפילו אויס-געמעקט פון די געשיכטס-ביכער. צופיל — צו שווער איז דער באַ-לאַסט. געוויסע נעמען, וואָס האָבן אָנגעפילט די וועלט מיט זייער קלאַנג, נעמען, וואָס זענען געווען סימבאָלן און סיגנאַלן — האָבן שוין במעט נישט קיין באַדייטונג. אַזאַ נאָמען איז, למשל, דעקאַרט. צוויי

הונדערט יאָר נאָכאַנאַנד איז דאָס געווען א זאמלונג-וואָרט. דעקאַרט— אָדער קאַרטעזיוס—דער פראַנצויזישער פילאָזאָף פון זיבעצטן יאָרהונ-דערט, איז געווען אַן אויסגאַנגס-פּונקט—אויב נישט קיין ענדפּונקט. און היינט—אפילו אין דער געשיכטע פון דער פילאָזאָפיע גייט מען צו אים צו מיט דעם הוט אויפן קאָפּ. ער איז שוין נישט דער איינער. ער איז איינער פון די, וואָס האָבן געטראַכט און געשאַפן, נישט מער.

נעמען, ווי שטערן. איינער ווערט פאַרלאָשן, דער אַנדערער גליט אויף. איז אַ שטערן צו ווייט—קומט זיין ליכט שפּעט צו אונדז, דערזעען מיר דעם שיין לאַנג-לאַנג נאָכדעם, ווי ער האָט אויפגעלייכט אין דער ווירקלעכקייט.

אַזוי האָט פלאַטאָן ערשט אויפסניי אויפגעשטראַלט נאָך העכער צוויי טויזנט יאָר—אַזוי איז קאַנט—וואָס קאָן גאָרנישט פאַרלאָשן ווערן, אַזוי גליענדיק איז זיין שיין—און אַזוי איז דער קראַנקער, בלייכער, מיסטישער ראַציאָנאַליסט, דער אומפאַרשטענדלעכסטער פון אַלע דענ-קער—דער פּרוש פון אַמסטערדאַם: ברוך שפּינאָזאַ.

דער אומפאַרשטענדלעכסטער. איר קאָנט דערגיין גאַנץ גרינג, וואָס האָט קאַנט, וואָס האָט דעקאַרט, וואָס האָט יום, אָדער העגעל גע-וואָלט. צי איר קאָנט נאָכפאָלגן זייערע אויספירונגען און באַווייזן, צי איר זענט מסוגל מיטצוטראַכטן אַלע זייערע געדאַנקען—דאָס איז שוין אַ פראַגע פון בילדונג, פון אָנשטרענגונג, פון ווילן. אָבער די יסודות, די אויסגאַנגס-פּונקטן זענען קלאָר. איר ווייסט—וואָס זיי זעגען, וואָס זיי האָבן געוואָלט. דעקאַרט? ער האָט געוואָלט באַפרייען דאָס דענקען פון דער דאָגמע, מאַכן עס וויסנשאַפטלעך. ער איז געווען אַ מאַטעמאַטיקער, אַ פיזיקער, אַ נאַטור-וויסנשאַפטלער. האָט איר געפּאַקט דעם פּונקט—פאַר שטייט איר דעקאַרטן, צי איר זענט מסכים מיט אים, צי ניין. קאַנט? זיין אויסגאַנגס-פּונקט איז געווען: אָפּגרענעצונג פון דעם מענטשלעכן דענקען, ביז אַהער און נישט ווייטער. ער האָט געוואָלט ווייזן די פרייהייט פון דעם מענטשן—און די נויטווענדיקייט. מיר זענען פריי אין געוויסע גרענעצן—מיר שאַפן אין דער אייגענער וועלט--פיזיש און מאָראַליש—אָבער שאַפנדיק, זענען מיר אומפריי, ווייל אונטערגעוואָרפן געזעצן, וואָס זענען אומאָפּהענגיק פון אונדז. און נישט קוקנדיק דערויף, וואָס קאַנט האָט געשריבן אַזוי שווער, אַזוי טרוקן—איז ער נישט שווער צו פאַרשטיין, ווען מען האָט די נויטיקע געדולד.

פלאַטאָן איז שווערער. ער האָט געשריבן וווּנדער-שיין. אַ גלעצנ-

דיקער, אַ קינסטלערישער סטיל. עס דוכט זיך, אַז אַלצדינג איז אַזוי גרינג, אָבער ווען מען וויל רעזומירן, ווען מען וויל פאָרמולירן פּלאַטאָנס געדאַנק אין איין זאַץ—בלייבט מען אָפּהענטיק. די קלאָרקייט איז געווען בלויז אַ שיין. עס איז געווען די קלאָרקייט פון אַ בלויען הימל—אָן אַ גרונט.

אָבער נאָך שווער-פאַרשטענדלעכער איז שפּינאָזאַ. מען האָט געזאָגט — אַז שפּינאָזאַ האָט זיך אַליין פאַרטונקלט דורך זיין סטיל. ער האָט אָנגעשריבן אַ ווערק—די „עטיק", וואָס מאַכט מיד, וואָס פאַרפלאָנטערט. ער האָט אויסגעקליבן פאַר זיך אַ מעטאָדע, וואָס איז גאָרנישט צוגעפּאַסט צו זיין געדאַנק. ער האָט געוואָלט „באַווייזן" געאָמעטריש, מיט הנחות און כללים און לאָגישער געבונדנקייט באַגריפן, און אידעען, וואָס לאָזן זיך גאָרנישט מאַטעמאַטיש באַווייזן. ריכטיק. שפּינאָזאַ האָט זיך אַליין זייער שטאַרק געשאָדט מיט דער פאָרם פון זיין בוך. אפשר האָט ער עס בכוונה אַזוי געטאָן. זיין געפיל פון אמת, פון אויפריכטיקייט איז געווען אַזוי גרויס, אַז ער האָט נישט געקאָנט זיין געניוג שטרענג צו זיך און צו זיינע אייגענע געדאַנקען. ער האָט זיך תמיד געפרעגט: „פונוואַנען ווייס איך דאָס?" פונוואַנען איז עס געדרונגען? אויף וואָס שטיצסטו זיך? אַנדערע דענקער פאַר אים האָבן גערעדט פון גוט, פון שלעכט, פון מאָראַליש און אוממאָראַליש, פון ליידנשאַפט און פון דענקען, פון גאָט און נאַטור, גלייך ווי דאָס וואָלטן געווען לויטער ווערטער, וואָס באַדאַרפן גאָרנישט האָבן קיין דערקלערונג און פאַרענטפערונג.

שפּינאָזאַ האָט געפרעגט: וואָס איז דאָס גוט און וואָס איז דאָס גאָט—וואָס איז דאָס שלעכט און וואָס איז דאָס נאַטור? און פריִער, האָט ער זיך אויפגעבויט אַ מין שיטה פון ענטפערן. און ווייטער — שפּינאָזאַ האָט נישט געשריבן פאַר דעם „פאָלק", פאַר די, וואָס ווילן זיך בלויז אונטערהאַלטן, אָדער באַוווּנדערן. ער האָט געטראַכט פאַר זיך. ער האָט געוואָלט פאַרשטיין, און אויב אַנדערע וועלן עס נישט—וואָס איז אים געווען די נפקא מינה?

אָבער אָט ווילט איר פאַרשטיין, און האָט איר זיך שוין דורכגעקעמפט דורך דער גאַנצער שפּינאָזיסטישער „געאָמעטריע", איר קאָנט שוין יעדעס ווינקעלע פון זיין סיסטעם. און ערשט דערנאָך שטייט איר פאַרוווּנדערט און פרעגט: וואָס האָט ער געוואָלט?

אַמאָל דוכט זיך מיר—אָט ווייס איך שוין: שפּינאָזאַ—אַזוי ווייזט

זיך מיר אויס—איז געווען דער ענטפער פון דעם יידישן דענקען אויף דעם פראָבלעם פון דער צייט, דעם פראָבלעם, וואָס דעקאַרט און די גאַנצע נאַטורוויסנשאַפט האָבן אַוועקגעשטעלט. דער פראָבלעם איז גע־ווען: די צווייהייט אין דער נאַטור. די אידעאַליסטן—פון דער אַלטער שולע—האָבן געזאָגט: נשמה הערשט איבערן גוף. די מאַטעריאַליסטן—גוף איז האַר איבער נשמה. איז געקומען דעקאַרט און האָט געמאַכט אַ פשרה: נישט די נשמה הערשט און נישט דער גוף. עס זענען צוויי ממשלות, יעדע פאַר זיך. די וועלט פון חומר האָט זיך אירע געזעצן. די וועלט פון גייסט אירע אייגענע, און גאָט שפאַנט אַ בריק צווישן ביידע.

ווי גאָט איז אַריינגעקומען אין דעם סיסטעם, איז פאַר יעדן שאַרפן דענקער געווען אומפאַרשטענדלעך. מען האָט קלאָר געזען—עס איז געווען בלויז אַ וואָרט—אויסצופילן אַן אָפּגרונט.

דער יידישער געדאַנק האָט אַרויסגעשטעלט גאָט אויף דעם שפּיץ פון דער וועלט־פּיראַמידע. ער איז געווען די ערשטע הנחה און דער לעצטער רעזולטאַט. ער איז געווען דער געזעץ. אָבער אַלץ איז דער פּראָבלעם געבליבן נישט פאַרענטפערט. נו—און די וועלט פון חומר, נו, און די וועלט פון גייסט? דאָס הייסט: די פיזישע, די מאָראַלישע דער־שיינונגען? דער ייד האָט פאַרמאַכט די אויגן און איז פאַרבייגעגאַנגען די קשיה.

שפינאָזא האָט אָבער געהאַלטן די אויגן אָפן. ער איז געווען פריי. ער האָט געהאַט דעם מוט צו באַפרייען זיך פון דער יידישער „מורא“ און פון דעם קריסטלעכן מיסטישן אויגן־פאַרדרייען. ער האָט געפרעגט די האַרבע קשיה און נישט געוואָלט זיך לאָזן אָפּשפּאַרן פון ווערטער און פון פאָרמולעס.

עס האָבן אין אים זיך געשפּונען געדאַנקען. ער האָט געלערנט פון דעם רמב״ם, פון חסדאי קרעסקאָס, פון דעם אבן־עזרא. פון אַלע יידישע קוועלן האָט ער געשעפּט. די יידישע מיסטיק איז אים געווען באַקאַנט און אויך די יידישע ראַציאָנאַליסטישע פילאָזאָפיע. און עס האָט אים געקלונגען אין די אויערן דער זאַץ פון קרעסקאָס: אַז דער „שכל“ און דער „מושכל“—דער פאַרשטאַנד און דאָס, וואָס ווערט פאַר־שטאַנען—זענען ביידע אין גאָט. אין גאָט? וואָס מיינט דאָס? און ער הייבט אויף די אייביקע פראַגע פון דעם יידנטום—זיין איינציקע פראַגע: וואָס איז גאָט? נישט „יראת שמים“, נאָר „דעת אלהים“, נישט

אמונה נאָר דעה—דאָס איז געוואָרן זיין פּראָבלעם.

און עס קומט צו אים דער געדאַנק: ווען מען זאָגט „אין גאָט“—מיינט דאָס נישט, אַז דאָס איז גאָט? דער „אין-גאָט“-געדאַנק איז געווען נישט ניי. פון פּלאַטין, דעם אַלעקסאַנדרינישן פילאָזאָף, ביז צום רענעסאַנס, ביז צו דער קבלה—האָבן דענקער, האָבן פרומע, האָבן מענטשן פון עקסטאז געחזרט: אַלצדינג איז אין גאָט. אָבער שפּינאָזאַ, האָט זיך געפרעגט: אויב „אין“—הייסט עס אַז עס איז דאָ „אויסער“, און אויב אַזוי—האָט דער אַלטער יידישער פּראָטעסט אויפגעברויזט: „שתי רשיות“! צוויי קרעפטן—דרייט עס ווי איר ווילט—איר קאָנט פון דעם נישט אַרויסקומען: אָדער איינס—אָדער „אחדות“—איז אַלצ-דינג איינס—קאָן גאָר קיין צוויי נישט זיין—אָדער—אָדער גאָט איז נישט.

און שפּינאָזאָ האָט געענטפערט: ער איז. און טאַקע איינער, און טאַקע די איינציקע איינהייט אין דער וועלט. שכל און מושכל, גייסט און חומר, אַלצדינג איז אין אים—ווייל אַלצדינג איז ער. נישט אַלצדינג איז אין גאָט — ווי זיין צייט חבר מאַלבראַנש האָט געדרשנט, נישט ער איז אין אַלעמען—ווי דזשאָרדאַנאָ ברונאָ און די איבעריקע פּאַנטעיסטן האָבן פּאָעטיזירט—דאָס זענען אַלץ ווערטער, פּראַזן, זיי האָבן געהאַט אַ בילד פון וואַסער אין אַ כלי. געוויס, דאָס וואַסער איז אין דעם גלאָז, האָט די פאָרם פון דעם גלאָז, אָבער וואַסער קאָן מען אויסגיסן און דאָס גלאָז בלייבט ליידיק.

שפּינאָזאָס בילד איז געווען—דאָס בילד פון אַ פּונקט. אַלצדינג איז אין אים. וואָס מיינט עס? גענומט דעם פּונקט און פאַרלענגערט אים—דאָס הייסט דענקט אים ווייטער—און עס ווערט אַ ליניע, פון דער ליניע—אַ פלאַך, פון דעם פלאַך—א. אַז. וו. יעדע געשטאַלט, יעדע פיגור, ווי קאָמפּליצירט זי זאָל נישט זיין, איז—אין עצם פּונקט.

און ווייל אַזוי—ווייל געאָמעטריש פאָרגעשטעלט, האָט שפּינאָזא זיך אויך גענומען צו דער מאַטעמאַטישער מעטאָדע און באַוויזן אויף אַ געאָמעטרישן אופן זיין בילד פון גאָט—און זיין דערגרייכן איז גע-ווען: צעשטערן די אידעע פון צווייהייט און אויפבויען די אינ-הייט.

אָט אזוי—דוכט זיך—דערגייען מיר צו דעם מקור. און דאָך, אין פאָרט, ווידער שטעלן מיר זיך אָפּ און פרעגן זיך: פאַרוואָס זשע האָט

שפינאָזאַ געמוזט קומען צו זיין מערקווירדיקן רעזולטאט: די אויפפאַסונג פון דער גאָט-פונקציע אַלס ליבע? „גאָט האָט זיך אַליין ליב", אַזוי איז איינער פון זיינע מערקווירדיקסטע, פון זיינע אומפאַרשטענדלעכסטע הנחות—אָדער שלוסן. ליב? ווי קומט אַריין אין דער שטרענגער, נויטווענדיקער אָרדענונג פון דער וועלט—פון גאָט אַלס וועלט—דער באַגריף ליבע? און וואָס הייסט עס „די שכל-ליבע"—דער אַמאָר אינטעלעקטואַליס? דאָס מיינט נישט בלויז, אַז דער מענטש מוז ליב האָבן—מיטן שכל—גאָט, נאָר אַז גאָט אַליין האָט אַזאַ ליבע, די אינטעלעקטועלע.

און ווידער שטייען מיר פון פאָרנט און ווייסן ווידעראַמאָל נישט, וואָס האָט שפינאָזאַ באַצוועקט. אָט איז דער פרייסטער פון אַלע מענטשן, דער ערשטער אמתער באַפרייטער, און ער פאַלט שוין תיכף אַריין אין דער מיסטישער, כמעט רעליגיעזער שפראַך. האָט עס זיך געלוינט אַרויסצוגיין זוכן די טיר, כדי אַריינצוקריכן דורך דעם פענסטער? און איז שפינאָזאָס גאַנצע כוונה געווען צו דרשענען דעם „ואהבת" און נישט מער?

איך ווייס נישט. איך וויל זיך נישט אונטערנעמען דאָ צו דערקלערן און צו פאַרגלעטן. פאַר מיר איז שפינאָזאַ נאָך אינטערעסאַנטער דערפאַר, וואָס ער האָט ווידערשפּרוכן, וואָס ער איז נישט קיין גלאַטער, פאַרטיקער, קיין קיילעכדיקער. די טראַגיק פון זיין דענקען איז גרעסער פון זיין דערגרייכן.

און דערפאַר ציט עס אַלע זוכנדיקע און צעריסענע מענטשן צו שפינאָזאַן. און דערפאַר איז ער איצט—צוויי הונדערט פופציק יאָר נאָך זיין טויט—לעבעדיקער ווי ביי זיין לעבן. ער איז פאַרשטענדלעכער—אין זיין עצם—אונדזער צייט, ווי דעם זיבעצעטן יאָרהונדערט, וואָס האָט געהאַט אַ נאַיוון גלויבן אין דער וויסנשאַפט און אין ווערטער, ווי דעם אַכצעטן, וואָס האָט געגלויבט אין דעם מענטשן—און אפילו ווי דעם ניינצעטן, וואָס האָט פאַרגעטערט די „געזעלשאַפט".

אַלע זענען זיי געווען דאָגמאַטיקער. אַלע האָבן געגלויבט, אפילו די סקעפּטיקער, אפילו די צעשטערער. און וואָס איז דער חילוק, צי מען גלויבט אין אַזאַ תורה, צי אין אַן אַנדערער, צי ראָבעספּיערס גאָט הייסט „דאָס אויבערשטע וועזן" און העקעלס—די „נאַטור". בלויז אַנדערע ווערטער — אָן אַן אינהאַלט. מיר קענען שוין אַלע ווערטער. מיד איז דאָס פלייש און אַלע ביכער האָבן מיר געלייענט"—ווי דער

פּראַנצויז מעלאַרמע האָט אַמאָל געזונגען. אַלע פאָרמולעס זענען אויסגעפּרובירט געוואָרן — און מיר שטייען נאָך אַלץ אויף דעם אייגענעם אָרט.

און ווייל אַזוי—ווייל אַ צייט פון צווישן־ליכט, שטראַלט אונדז דער בלייכער שטערן פון שפּינאָזאַ ליכטיקער, מילדער, ווי פריער. און ווייל בלאָנדזשענדיק—ווערט ער אונדז נענטער. דער איינזאַמער, וואָס האָט אַזוי אינטים געקעמפט מיט זיין פּראָבלעם, שטיל און שטאָלץ געטראָגן דעם יאָך פון דעם מענטשן, וואָס וויל די לעצטע פאַרשטעלצונג—מיט דעם סוד. שטיל—אָן עקסטאַז און אָן מיסטישע פראַזן. שטאָלץ—ווייל מיט דעם באַוווסטזיין, אַז נישט קיין קנעכט און נישט קיין קינדער,—נישט די, וואָס ווערן געראַטעוועט און ווילן ווערן געראַטעוועט,—נאָר אַז אַלצדינג איז, ווייל עס איז. ווייל עס מוז זיין אַזוי—ווייל מיר און ער—מיר און אַלצדינג איז אַלץ איינס, איינס.

„נאָך טויזנטער יאָרן", האָט אַמאָל געשריבן דער באַרימטער דייטשער פיזיקער און שאַרפזיניקער דענקער ליכטענבערג (אין דעם אכצעטן יאָרהונדערט), „נאָך טויזנטער יאָרן וועט דער שפּינאָזאַאיזם זיין די איינציקע געלייטערטע רעליגיע פון אַלע מענטשן."

מיר זענען נאָך נישט אַזוי ווייט. די טויזנטער יאָרן זענען נאָך נישט פאַרגאַנגען. און עס איז נאָך אַ לאַנגער מהלך צו דער „געלייטערטער מענטשהייט", אָבער פאַר די ווייניקע, פאַר די געקליבענע, פאַר די, וואָס ווילן זיך נישט אונטערגעבן אונטער ווערטער און זוכן און גראָבן און זענען קיינמאָל נישט צופרידן—פאַר די איז שפּינאָזאַ אַ פירער און אַ לייכטנדיקער שטערן און אפילו ווען זיין שפּראַך איז פאַרעלטערט, און אפילו ווען זיין סיסטעם—ווי ער האָט אים אויפגעבויט—איז נישט גענוג שאַרף פאַר אונדזער נייעם דענקען, אפילו ווען מיר ווייסן היינט מער ווי שפּינאָזאַ האָט געוווסט—זיין ווילן איז דער עיקר. זיין אומגעהויערע עקשנות פון דעם דענקען, זיין גייסטיקע ענערגיע, וואָס האָט זיך קאָנצענטרירט אויף דעם איינציקן—און איינציק וויכטיקן פּראָבלעם: וואָס איז גאָט און וואָס איז וועלט—אָט די ענערגיע ווירקט ווייטער און שאַפט נייע ווערטן.

מען האָט אָנגערופן שפּינאָזאַן דער „קאָנסיליאַטאָר"—דער פאַרמיטלער צווישן אַלע וועלט־אָנשויונגען, דער שלום־מאַכער. עס איז נישט ריכטיק. ער איז געווען דער איינציקער ייד, וואָס האָט נישט

פאַרמיטלט, ער איז געווען און איז געבליבן אַ „גענעראַטאָר" — אַ
דערוועקער, אַ דערצייגער. נישט קיין קאָמפּראָמיס און נישט קיין שלום
—גאָר קאַמף—פאַר אמת, פאַר אומצופרידנקייט. „נישט גענוג—נאָך אַלץ
נישט גענוג"—דאָס אין שפּינאָזאַאיזם. טיפער, און אפילו ווען די נשמה
זאָל דערביי אויסגיין: ביז צום יסוד!

# אחד־העם — דער דענקער.

מיט עטלעכע חדשים צוריק—אין ארץ־ישראל—האָט מיך אַ דאָרטיקע העברעישע צייטונג געבעטן אָנצושרייבן אַן אַרטיקל—אַן אָפּשאַצונג וועגן אחד־העם, דעם 70־יאָריקן.

איך האָב צוגעזאָגט. אָפּגעלייגט די אויספירונג פון צוזאָג פון טאָג צו טאָג—זיך געקליבן שרייבן אויף דער שיף, זיך עטלעכע מאָל גענומען צו דער פען—און סוף כל סוף נישט געשריבן. איך האָב נישט געקאָנט. עפּעס אין מיר האָט נישט דערלאָזט.

דרך־ארץ פאַר דעם זקן, פאַר דעם קראַנקן, רעספּעקט פאַר ארץ־ישראל. קומען צו אַ יום־טוב אָנגעטאָן וואָכעדיק—האָב איך נישט געוואָלט—און אויספּוצן זיך אין יום־טובדיקע מלבושים האָב איך נישט געקאָנט.

און אַט איז אחד־העם טויט. אָפּגעשלאָסן אַלע פּאָלעמיקעס. פאַרענדיקט דער „שקלא וטריא", שוין בלויז—פאַרגאַנגענהייט. שוין נאָר—געשיכטע.

און מיט אַ געשיכטלעכן מאַסשטאַב וואָלט איך געוואָלט צוטרעטן איצט צו אחד־העמס טעטיקייט, צו אחד־העמס פּערזענלעכקייט. נישט דער מענטשלעכער. נישט דער קערפּערלעך־באַגרענעצטער. פון איר האָבן מיר אַלע ווייניק געוווּסט—און די, וואָס האָבן מער געוווּסט, האָבן נישט געפונען צו דערציילן עפּעס אַזוינס, וואָס זאָל פאַרכאַפּן, שפּאַנען, צוציען, אָפּשטעלן דאָס אויג.

ביים לעבן—„אחד־העם״—איינער פון דעם פאָלק, איינער פון די טויזנטער, צענדליקער טויזנטער יידישע משכילים פון דעם פריערדיקן דור: געבוירן אין אַ קליין שטעטל, אויפגעוואַקסן אין דער אַלט־יידישער טראַדיציע, דערנאָך זיך עמאַנציפּירט. געלערנט, געלייענט, געוואָרן אויסערלעך פריי, אייראָפּעיזירט, גייסטיק אָבער פאַרבליבן אין דעם אַלטן קרייז.

אחד־העם וואָלט געוועזן געקאָנט—דורך אַ צופאַל—ווערן אַ פּראָפעסאָר אין בערלין, אַן אַדוואָקאַט אין פּעטערבורג און נישט קיין סוחר אין אָדעס און אין לאָנדאָן—זיין גייסטיקע פיזיאָנאָמיע וואָלט זיך ווייניק געענדערט, ווייל ער איז געוועזן „אחד־העם״—איינער פון פאָ ק. און הגם איינער פון די גאָר ווייניקע, פון די „יחידים״,—אָבער פאָרט פון דעם פאָלק, און אפילו אַ „חד בדרא״—איינער אין זיין דור—אָבער דער דור איז געוועזן זיינער—און ער האָט באַלאַנגט צו אים.

מיר האָבן שוין כמעט געהאַט פאַרגעסן—אָט די אַטמאָספערע פון דעם פאַרגאַנגענעם דור. מיר—היינט—לעבן דאָך אין אַן אַטמאָספערע פון קלאָרקייט, פון פשטות, פון ברייטקייט. אַלע פראַגן זענען צוגעפירט צו דער פּראַקטישער דורכפירבאַרקייט, וואָס מיר ווילן—ווילן מיר און קאָנען צום טייל דערגרייכן. אַן אָפענער טויער, אַן אויסגעטראָטענער וועג—ווער עס וויל נאָר, קאָן אַריינגיין, קאָן ווייטער גיין. אַ פּראַקטישע, אַ ניכטערע, אַן א״ב־וועלט.

שרויפט צוריק די שפּאַקטיווע. קוקט צוריק אויף דעם שטיקל פארגאנגענהייט, וואָס האָט זיך נאָר וואָס פאַרענדיקט.

אַ בין־השמשות־צייט איז עס געוועזן, אַ צייט מיט אַ—הינטערגרונט, ווי אַ רעמבראַנדט־בילד. אַ סודות־געזעטיקטער, ווונקענרייכער, מיסטישער הינטערגרונט. וואָס איז דאָרט נישט געוועזן—דאָרט, אין די געסלעך פון די יידישע שטעט און שטעטלעך—אַרום דעם „כותל בית־המדרש?״ פאַרהילכטע זיפצן און האַלב־פאַרגעסענע עקסטאַזן, אַלטע זכרונות און אייביקע פראַגן, אביי און רבא און דער זוהר און דעם רמב״מס קלאָרקייט און דער טאַנצריטם פון חסידות — און דער ווייטער קלאַנג פון דער וועלטקולטור, וואָס האָט זיך פון צייט צו צייט אָפּגערופן דאָרט—אין די ענגע געסלעך.

אויף דעם הינטערגרונט אַ בילד: דער משכיל. אויסערלעך פריי—אינערלעך צוגעבונדן. „עבדות כתוך חירות״. דער משכיל האָט געמיינט, אַז ער „ראַציאָנאַליזירט״ דאָס יידנטום. דער משכיל האָט געלייענט אַלע

ביכער פון דער וועלט—אין אַלע שפּראַכן פון דער קולטור, אָבער אַלע „אויף יידיש”. און צי איז דאָס געווען קאַנט אָדער ניטשע, פּיסאַרעוו אָדער דאַרווין—דער טאָן איז געווען אַלץ: „אמר אביי” און דער קוועטש איז געווען פון דער גמרא.

דאָס אַלטע יידנטום האָט אַזוי פאַרזאָגט: „טייטש אויס די וועלט—זי איז אַ תּורה—מען מוז זי דרשענען. לעבן הייסט—מאַכן אַ פּירוש אויף הימל און ערד—לערן, מיין קינד, לערן”. און ער האָט געלערנט, ער האָט געטייטשט. ער האָט געפּאָדערט. ער האָט געפרעגט קשיות אויף דעם לעבן—און געזוכט זיי צו פאַרענטפערן. און די מעטאָדע איז געווען די אַלטע: בוי אַ בריק צווישן דעם אַלטן און דעם נייעם, אַריינשטעלן דאָס נייע ערגעץ ווו, אויף וואָס פאַר אַן אופן עס זאָל נישט זיין, אין דעם אַלטן טעקסט.

אַזוי איז געווען „דאָס פאָלק”, און אַזוי איז געווען—דער „איינער פון פאָלק”. עס קאָן זיין — דער פסעוודאָנים, וואָס אשר גינצבורג האָט זיך אויסגעקליבן, איז נישט געווען בוכשטעבלעך ריכטיק: נישט „אחד העם”, נאָר „אחד המשכילים” האָט ער זיך געזאָלט רופן, ווייל דעמאָלט האָט דאָס פאָלק, אָט די גרויסע מאַסע, וואָס האָט פאַר דער לעצטער צייט פאַרנומען איר פּלאַץ אין דער יידישער געשיכטע—און זי אַזוי וווּלגאַריזירט און צוגענומען ביי איר דעם לעצטן חן-נאָך נישט פונקציאָנירט.

***

איך האָב איבערגעלייענט אויפסניי די ווערק פון „אחד-העם”. געלייענט אויך די פּירושים. און זוך—און פרעג זיך אַליין: אין וואָס איז די אָריגינאַליטעט פון אחד-העמס געדאַנק?

געווען דענקער ביי יידן. נישט בלויז די אַלטע, די אַמאָליקע, נאָר אויך די נענטערע צו אונדזער צייט, צו אונדזער ספערע פון אינטערעסן, אָבער זייער דענקען איז געווען—יידיש אין זיין פאָרם, אין זיין וועג, נישט אָבער אין זיין ציל. שפּינאָזאַ—דער גרעסטער פון אַלע — איז פאַרגאַנגען אַזוי ווייט, אַז ער האָט גאָרנישט מער געקאָנט געפינען צוריק דעם וועג צו דעם יידנטום. און שלמה מיימאָן און בערגסאָן און זימעל—יעדער פון זיי האָט געטראַכט „אויף

יידיש"—איבער דער וועלט. און זיי האָבן אַריינגעטראָגן אַן אייגענעם נייעם ניואַנס אין דעם דענקען.

איז אחד-העם געווען אַ דענקער פון אַזאַ מדרגה? נישט בלויז פון אַזאַ קראַפט—דאָס זאָגט און מאָנט דאָך קיינער נישט—נאָר אפילו פון דער אייגענער קאַטעגאָריע? האָט ער זיך פאַרטראַכט איבער די פונדאַמענטאַלע פּראָבלעמען—און געזוכט זיי צו פאַרענטפערן? מען מוז נישט דווקא זיין אַ שול-פילאָזאָף און שרייבן געלערנטע ספרים פאַר ספּעציאַליסטן. דאָס איז נישט נייטיק. אָבער אפילו אין עסייס, אין פובליציסטישע מאמרים מוז דאָך זיין אַ וועלטאָנשויונג—אויב די פובליציסטיק איז פון אַ היסטאָרישן ווערט.

וואָס איז געווען אחד-העמס וועלטאָנשויונג? איך האָב געזוכט אין זיינע ערשטע עסייס, דאָרט, וווּ ער איז, אַזוי צו זאָגן—פילאָזאָפיש אָריענטירט, דאָרט, ווו מען הייבט אָן צו זוכן פאַר זיך אַ וועג אין דער וועלטאָנשויונג. אחד-העם באַרירט דאָרט פראַגן פון עטיק, פון גלויבן,—פון געשיכטס-פילאָזאָפיע („כהן ונביא", „חקוי והתבוללות", „דרך הרוח")—רעדט פון „תורת הלב", פון דער „פאַרשטיינערונג פון דער שריפט", פון דער ווייטער אַנטוויקלונג פון דעם גלויבן. און ווען איר דרינגט טיפער אַריין, פרעגט מיט פעדאַנטישער גענויקייט: וואָס מיינט דאָס? וואָס הייסט „ווייטער אַנטוויקלונג פון דעם דת", וואָס איז דאָס „די תורה פון דעם האַרץ", וואָס איז דאָס אָט דער „מוסר" פון דעם יידנטום און דער „גייסט" פון דעם יידנטום,—און ווען איר ווילט וויסן אויף וואָסערע וועגן איז אחד-העם געגאַנגען צו זיינע געדאַנקען: איר פרעגט אומזיסט.

אחד-העם נעמט אַריבער פאַרטיקע באַגריפן—פון דער פּאָפּולערער פילאָזאָפיע, ווי דער רמב"ם האָט אַריבערגענומען די פאַרטיקע באַגריפן פון אַריסטאָטעל און די אַראַבישע אַריסטאָטעליקער. אבער צווישן זיי איז געווען אַ חילוק—דער רמב"ם האָט געוואָלט אויף די באַגריפן אויפבויען אַ פילאָזאָפיע פון דעם יידנטום — אחד-העם — אַ פּאָליטיק פאַר דעם יידנטום, אָדער, ריכטיקער, צוליב אים.

אָט קומט אַ רב מיט גערעכטע טענות און פרעגט אחד-העמען: וואָס הייסט עס תורה שבלב, וואָס פאַר אַ וועג זאָל דאָס יידנטום אָננעמען, אויב זיך אַ ריר טאָן פון דעם אָרט—אויב זיך אַנטוויקלען. און אחד-העם ענטפערט נישט—רעליגיעז-פילאָזאָפיש, נאָר פּאָליטיש. „אַ נייער שטראָם וועט אַריינקומען אין דעם האַרץ פון דעם פאָלק—דאָס

יידישע הארץ ווערט זיך קענען פריי אנטוויקלען — און דערדאזיקער בייער שטראם, וואס ווערט טאן דידאזיקע אלע וואונדער, איז „חבת ציון" („דרך הרוח").

איז דאס אן ענטפער? באפרידיקט ער? און ווען דער רב וואלט ווייטער געפרעגט—גוט, חבת ציון! לאמיר אננעמען, אז דער ציל איז דערגרייכט און עס איז שוין דא א צענטער, א „מרכז רוחני", דאס יידישע פאלק איז שוין „פריי זיך צו אנטוויקלען"—וואס ווייטער? ווי אזוי זאל עס זיך אנטוויקלען? נישט ווי אזוי עס ווערט—דאס קאן קיינער נישט זאגן—נאר ווי אזוי וויל אחד-העם, אז עס זאל? — וואס וואלט אחד-העם געזאגט דערויף?

ער וואלט גערעדט—און ער האט גערעדט—פון דער „יידישער מאראל"—און דאס מיינט אזוי ווייניק. מיינט דערפאר נישט, ווייל ער האט דעם באגריף מאראל אליין נישט פארטיפט און איבערגעשמאלצן. ער האט גערעדט פון דער „אבסאלוטער גערעכטיקייט", און דאס מיינט אויך ווייניק—ווייל: וואס איז גערעכטיקייט? און וואס איז אבסאלוט? די נביאים, זאגט ער אויף אן ארט—זענען געווען די פאדערער פון אבסאלוטער גערעכטיקייט! אבער אי עס איז נישט געווען ניי,—דאס האבן אלע יידישע טעאלאגן געדרשנט,—אי דאס איז היסטאריש נישט ריכטיק. נישט אבסאלוטע גערעכטיקייט—נאר דער אבסאלוטער געזעץ איז געווען דער גרונטגעדאנק פון די נביאים.

אבער אחד-העם וויל נישט דעם אידעאל, ער וויל ווירקליכקייט. נישט די נביאים—נאר די כהנים. ווייל די נביאים זענען ארויס פון יעדן נאציאנאלן קרייז. די כהנים זענען געבליבן נאציאנאל. זיי האבן געשאפן די הארמאניע צווישן אידעאל און פאלק. און פאר אחד-העמען איז דאס געווען דער „א" און דער „ת".

ער האט בלויז זיך נישט געקאנט אנטשיידן. ער איז געשטאנען צווישן צוויי צייטן—צווישן צוויי אמתן—און האט פארקליידט די אידעע פון דעם נייעם צייט-נאציאנאליזם אין דער טערמינאלאגיע פון דער אלטער: גייסט. און האט אליין נישט באמערקט דעם ווידערשפרוך—און די אויסזיכטסלאזיקייט פון אזא „הארמאניע" אדער פון אזא קאמפראמיס.

מען קאן מאכן א קאמפראמיס אין דער פאליטיק—אבער נישט אין גייסט. מען קאן נישט פארלאנגען חבת-ציון, פרעדיקן קאלאניזאציע אין פאלעסטינע, ציוניזם—און אין דער אייגענער צייט גלויבן אין

דעם מיסטישן גוייל פון דעם יידישן פאָלק. ירשלים של מעלה און ירושלים של מטה—אין איין פראָגראַם: דאָס איז צופיל פאַרלאַנגט—און דערפאַר אַזוי ווייניק דערגרייכט.

און דערפאַר דער צוזאַמענברוך פון אחד-העמיזם אַלס פאָליטישע שיטה, און דערפאַר דער צוזאַמענברוך פון אחד-העמס אָנשויונגסוועלט—אויך טעאָרעטיש.

* * *

זיי זענען געווען צוויי בר-פלוגתאס: אחד-העם און בערדיטשעווסקי. ביידע כמעט פון איין עלטער, ביידע כמעט פון איין שטאָט — שכנים אין דער יידישער קולטור. אחד-העם איז געווען דער רויקער, דער געמעסיקטער, דער אַריסטאָקראַט, דער „איינער" פון דעם פאָלק. געטאָקטע, באַטראַכטע, ווען אויך נישט אָפּגרונטטיפע ווערטער, פאָלירט גלאַט און מיט דער מערקווירדיקער שיינקייט פון אַלטע פאַרמעטן.

בערדיטשעווסקי, מיכה יוסף, אַן אומרויקער, אַ שטורמישער, אַ שפּיציקער. אָן אַ שפּראַך. ער האָט אַלע שפּראַכן געשריבן שלעכט, אָן גראַמאַטיק — און דאָך מיט אַ רייכן, דראַמאַטישן, אויפרייצנדיקן סטיל.

האָט אחד-העם דורכגעמאַכט דעם וועג: השכלה—מיל און ספּענסער—רמב"ם, האָט בערדיטשעווסקי געהאַט אַן אַנדער ליניע: השכלה—ניטשע—בעל-שם.

שכנים ביידע, קעגנער און חברים אין גייסט.

וואָרים ביידע, אין לעצטן גרונט: מיסטיקער.

בלויז בערדיטשעווסקי איז געווען אַ מיסטיקער, וואָס האָט געליאַרעמט דערפון—אחד-העם איז געווען אַ מיסטיקער און האָט עס קיינעם נישט געוואָלט אויסזאָגן: אפילו זיך אַליין נישט. ער האָט געמיינט, אַז ער איז אַ ראַציאָנאַליסט, אַ פּאָזיטיווער דענקער, אַז ער פירט צו דאָס יידישע לעבן צו אַ פּשוטער פאָרמולע—וואָרים וואָס קאָן זיין פּשוטער ווי נאַציאָנאַליזם און היים-פּאָליטיק?—און האָט אַליין נישט באַמערקט, אַז זיין איינציקער ציל איז: משיח.

דער אונטערשייד צווישן אים און די, וועמען ער האָט פאַרגעוואָרפן „קנעכטשאַפט און פרייהייט", איז געווען בלויז דער: זיי האָבן

געוואָלט באַפרייען דאָס יידענטום פון דעם נאַציאָנאַלן פאַרלאַנג—ליי־ קענענדיק אים, ער האָט אים געמאָלט באַפרייען—דערפילנדיק צוויי וועגן צו איין ציל. ער וואָלט אפשר אויך אים געוואָגט, ווען נישט זיין אַלטער דור, זיין אייגענע געדאַנקלעכע געפּענטעטקייט. אַזוי איז עס תמיד מיט די דענקער פון דעם יידנטום: קומען זיי צו די לעצטע געדאַנקען—הייסט עס „ועל תתחכם יותר", קלער נישט ווייטער.

און עס איז אפשר געווען די גרעסטע מעלה, די שענסטע מידה—אַלס דענקער און פירער—פון אחד-העם, וואָס ער אַליין ד'האָט געוווסט, ווו זיין גרענעץ איז און האָט קיינמאָל נישט געוואָלט אריבער־שפּרינגען דעם צאַם.

„ווי זאָגט מען עס טאַקטלאָזיקייט אויף העברעיש"—אָט די פראַ־זע ווידערהאָלט זיך אָפט אין די בריוו פון אחד-העם. „טאַקטלאָזיקייט"— דער אַלטער יידישער חסרון, אים האָט געגאָלטן כמעט זיין גאַנץ לעבן זיין ביטערסטע שנאה. און וואָס איז טאַקטלאָזיקייט—אויב נישט מאָס־לאָזיקייט, אויב נישט דאָס פעלן פון יראת הכבוד, פון דיסטאַנץ, דאָס געפיל פון ביטול צו אַלעמען?

מען קאָן זיין טאַקטלאָז אין דענקען, ווי אין רעדן, אָדער באַנע־מען. און דער סימן פון יעדער קולטור איז טאַקט. אחד-העם ד'האָט אים אריינגעבראַכט—צוריקגעבראַכט די קרוין צו איר אַלטער גרויס— דעם געפיל פון טאַקט און מאָס און גרענעץ אין דעם יידישן דענקען. און ווער ווייסט—אויב אפילו דער וואָרצל פון זיין חבת-ציון איז נישט געווען אָט דאָס געפיל פון טאַקט—פון מאָס—פון גרענעץ, פון אַ גרוי־סער באַשיידנקייט פאַר דער העכסטער פאָדערונג פון דער יידישער געשיכטע?

זי האָט ער נאָר פונדערווייטנס געזען. זי האָט זיך פאַר אים— אין זיין דור — אָפּגעצאַמט — און ער האָט געהאַט דעם טאַקט און די פיינקייט זיך האַלטן פונדערווייטנס און נישט ברעכן דעם צאַם. און דערפון דער חן פון זיין סטיל. און דערפאַר די נישט דערגרייכטקייט פון זיין געדאַנק.

עס זענען פאַראַן דענקער-אָנזאָגער און דענקער-דערפילער. עס זענען אָבער אויך פאַראַן דענקער, וואָס טרייסטן—און זייער טרייסט איז אַ „האַלבע טרייסט", אין זייער געדאַנק אַ האַלבער געדאַנק. און איז דאָס אחד-העמס שולד געווען, וואָס זיי האָבן אים דערהייבן צו די וואָלקנס, געמאַכט פון אים אַ „נביא", אַ כהן, אַ גייסטיקן פירער פון

דעם יידנטום? ער האָט עס נישט געוואָלט—ער האָט עס נישט געגלויבט, ער האָט געוווּסט זיינע גרענעצן, און דערפאַר איז ער – אין דעם כאַאָטישן יידנטום פון אונדזער צייט—אַ מוסטער. און דערפאַר איז ער געוואָרן — ביז אַ צייט—„אחד-העם" — דער איינער פון דעם פאָלק, ביז צו דער צייט, ווען דאָס יידנטום וועט געפינען זיין ניי וואָרט — אָדער פאַרלוירן ווערן מיט דעם אַלטן.

# איינשטיין און מארקס.

איך וויל דאָ נישט ציען אַ פּאַראַלעל צווישן די צוויי שיטות, צווישן די צוויי פילאָזאָפיעס. עס איז צו אַ טיפער ענין. איינשטיינס טעאָריע איז נישט געשאַפן געוואָרן פאַר פּאָפּולאַריזירונג, זי איז נוגע בלויז צו די געקליבענע געלערנטע פיזיקער, וואָס ווילן ציען פון איר דעם נייטיקן שלוס. פאַר אונדז, די נישט סיסטעמאַטישע ספּעציאַליסטן, איז וויכטיק די אָנווענדונג, דער סך הכל, נישט די טעאָריע. וויפל מענטשן האָבן ביז אַהער פאַרשטאַנען אפילו ניוטאָנס געזעצן אָדער די קאָמפּליצירטסטע טעאָריעס פון דער מאָדערנער פיזיק? אָבער אַלע ווייסן מיר די פּראַקטישע אָנווענדונגען פון דידאָזיקע פיינגעשליפענע, אידעאַלע טעאָריעס. און מער דאַרפן מיר נישט וויסן.

די פראַגע, וואָס אינטערעסירט מיך איצט, איז גאָר אַן אַנדערע: פאַרוואָס נעמט די וועלט אַזוי גרינג, אַזוי ערלעך, אַזוי ערנסט אָן יעדע נייע שיטה אויף דעם נאַטור-וויסנשאַפטלעכן געביט און פאַרוואָס איז דאָס אַזוי שווער, כמעט אוממעגלעך, אַריינצוברענגען כאָטש אַ שטיקל שינוי אין דעם דענקען פון מענטשן, — אין דעם מאָמענט, ווו מען באַרירט זייערע סאָציאַלע, זייערע עטישע אָנשויונגען?

פון 1648 ביז 1919 האָט די גאַנצע וועלט געגלויבט אין ניוטאָנס פּרינציפּן. מען האָט אויף זיי אויפגעבויט אַ גאַנצע וויסנשאַפט, די גרעסטע, די געניוסטע, די ניצלעכסטע וויסנשאַפט, וואָס מיר פאַרמאָגן. צוויי הונדערט און פופציק יאָר האָט מען אונדז געלערנט דעם

געזעץ פון אָנציִונג, און אָנצאָליקע יאָרן האָט די מענטשהייט געגלויבט, אַז מיר לעבן אין אַ וועלט פון דריי אויסדעמונגען.

דאַכט זיך, וואָס קאָן זיין קלאָרער? לענג, ברייט, טיף—וואָס קאָן מען זיך אויסמאָלן עפּעס נאָך ווייטערס? און ווייטער האָבן מיר געגלויבט מיט דעם גריך יוקליד, אַז צוויי פּאַראַלעלע ליניעס קאָנען זיך קיינמאָל נישט באַגעגענען, און דאָס איז געווען דער יסוד פון דער גאַנצער געאָמעטריע.

און איז דען אונדזער גאַנצע פילאָזאָפיע, אפילו אונדזער רעליגיעזע אָנשויונג, נישט אויפגעוואַקסן אויף דידאָזיקע פּאָר גרונטפּרינציפּן — פון דער אומפּאַרענדלעכקייט פון די באַטורדערשיינונגען, פון רוים און צייטבאַגריפן? רוים פּאַר זיך, צייט פּאַר זיך. די טעאָלאָגיע פון אַלע ציוויליזירטע פעלקער הייבט זיך אָן מיט דער „צייט”, וואָס האָט געשאַפן דעם רוים. לכתחילה, צום אָנהייב, צוערשט—איז געווען גאָט, און ער האָט געשאַפן די וועלט פון אויסדעמונג.

גאָט איז צייט, די וועלט איז רוים, דאָס איז דער יסוד פון רעליגיע און פון דער פילאָזאָפיע. קומט איינשטיין, אַ יונגער פיזיקער, און קערט איבער די גאַנצע טעאָרעטישע גרונטלאַגע פון אונדזער וויסנשאַפט און לייקנט דעם אונטערשייד פון רוים און צייט און ווייזט, אַז מען קאָן די וועלט גאָרנישט פאַרשטיין, ווען מען נעמט נישט אָן, אַז זי איז גאָרנישט באַשרענקט מיט דריי אויסדעמונגען און אויסמעסטונגען—לענג, ברייט און טיף. זי—די וועלט, וואָס מיר קענען—האָט פיר אויסדעמונגען—און די פערטע איז דאָס, וואָס מיר רופן אָן צייט.

איך וויל מיך דאָ נישט אונטערנעמען צו דערקלערן די גאַנצע וויכטיקייט פון דערדאָזיקער טעאָריע, די גאַנצע רעוואָלוציע, וואָס זי טראָגט אַריין אין אונדזער דענקען, אָבער עס איז כדאי צו דערמאָנען די ווערטער, וואָס דער פּרעזידענט פון דער בריטישער קעניגלעכער געזעלשאַפט פון וויסנשאַפטן האָט געזאָגט ביי דער זיצונג (אין אָקטאָבער 1919), ביי וועלכער מען האָט, אַזוי צו זאָגן, געקרוינט איינשטיינען: „אויב איינשטיינס טעאָריע איז אמת—און ביז אַהער האָט זי זיך אַרויסגעוויזן אַזוי—מוזן מיר אויפסנייי אויפבויען אונדזער פיזיק, מוזן מיר אומלערנען”. מיט אַנדערע ווערטער—די וויסנשאַפט איז ביז אַהער געשטאַנען אויף דעם פּרינציפּ פון אַבסאָלוטער רו און אַבסאָלוטער באַוועגונג. איצט—מיט איינשטיינען—מוז זי זיך אַוועקשטעלן אויף אַ נייעם

יסוד—דעם יסוד פון „רעלאַטיוויטעט”, פון דעם נישט עקזיסטירן פון רו—און דערפאַר אויך נישט פון באַוועגונג, נאָר פון באַציונג פון צו-שטאַנדן איינער צום צווייטן.

איז אַזאַ—אַנבלוטיקע—רעוואָלוציע מעגלעך אויף דעם געביט פון דער פּאָזיטיווער וויסנשאַפט? פאַרוואָס זאָל אונדזער סאָציאַל דענקען בלייבן אַזוי אָפּשטענדיק, אַזוי קאָנסערוואַטיוו, אַזוי אומבאַוועגלעך? פאַר-וואָס קאָן ניוטאָן פאַלן און מאַרקס מוז שטיין?

מאַרקס איז עד היום דער באַהערשער פון דעם סאָציאַלן דענקען אין דער היינטיקער וועלט. און זיין הויפּטלערע איז נישט די עקאָנאָ-מישע, נישט די מער-ווערט-טעאָריע, נישט די דערקלערונג פון ווערט אַלס קריסטאַליזירטע אַרבעט, דאָס הייסט פאַרגליווערטע צייט, — דאָס אַלץ איז שייך צו דער ריין-עקאָנאָמישער וויסנשאַפט און האָט גאָר ווייניק באַציונג צו דעם, וואָס מאַרקס האָט באַשאַפן—דאָס הייסט, צו דעם סאָציאַליזם אין זיין היינטיקער געשטאַלט. דער גרונטשטיין פון מאַרקס שיטה איז גאָר אַן אַנדערער—אַ ריין פילאָזאָפישער. עס איז דער גלויבן אין פעסטע פאָרמען, אין אָפּשיידונגען און מחיצות, אין אַבסאָלוטע ווערטן אין דער געזעלשאַפט. עס איז די לערע פון קלאַסן. אָן דער לערע פון קלאַסנקאַמף איז דער סאָציאַליזם נישט מעגלעך, איז ער נישט קיין סאָציאַליזם, נאָר פשוט אַ פּראָצעס פון קאַמף צווישן מענטשן און מענטשן פאַר בעסערע לעבנס-באַדינגונגען; אַ קאַמף צווישן שטאַרקע און שוואַכע, צווישן ווייניקע און די פילע: די ווייניקע, וואָס זענען אַרויס פון די פילע, און די פילע, וואָס קאָנען יעדן אויגנבליק אויסשיידן פון זיך די ווייניקע. די קלאַסן-טעאָריע שאַפט ערשט דעם פעסטן באַגריף פון דער געזעצמעסיקייט פון דערדאָזיקער דערשיינונג. די געזעלשאַפט באַקומט פאַר מאַרקסן ערשט אַ זין אַלס קלאַסן-געזעל-שאַפט. די געשיכטע ווערט די אַנטוויקלונג פון קלאַסנקאַמף, דער זין פון דער געשיכטע איז—דער זיג פון דעם געדריקטן קלאַס, דער זיג פון דעם פּראָלעטאַריאַט; מיט אַנדערע ווערטער: די געשיכטע פון דער געזעלשאַפט איז די געשיכטע פון די רעוואָלוציעס; די רעוואָלוציע איז דער זין און דער ציל פון דער געשיכטע.

אויף דעמדאָזיקן פּרינציפּ שטייט דער היינטיקער סאָציאַליזם און זיין פּאָליטיק. נעמט פון אים אַוועק,—ווי די עקאָנאָמיסטן האָבן אַוועק-גענומען די מאַרקסיסטישע ווערט-טעאָריע,—דעם קלאַסן-פּרינציפּ, בלייבט פון איבם אַ געזעלשאַפטס-פילאָזאָפיע און ער פאַרלירט זיין יסוד.

און טאַקע דאָ מוז די קריטיק אָנהייבן, ביי דער טיפסטער און פונדאַמענטאַלסטער הנחה פון דער מאַרקסיסטישער לערע. זי האָט שוין אָנגעהייבן. די דייטשע געשיכטס-פילאָזאָפן — ווי דיקערט, ווינדעל-באַנד און אַנדערע—האָבן זיך אונטערגעגראָבן אונטער דעם מאַרקסיסטי-שער סאָציאָלאָגיע, באַווייזנדיק, אַז די געזעלשאַפט פון מענטשן איז נישט קיין מעכאַנישע וועלט, אַז זי האָט נישט קיין „געזעצן" און קאָן נישט אריינגענומען ווערן אין קיין שום פאָרמולע, אַ זי איז אַ פּסי-כישער אָרגאַניזם, ווו דער הכרח ווערט פאַרביטן מיט דעם ווילנס-מאָ-מענט, ווו דער אינדיווידי איז אויטאָנאָם, שאַפט זיך זיינע אייגענע מאָראַלישע ווערטן. אָבער כל זמן מען האָט נאָך געגלויבט, אַז די וועלט אַרום דעם מענטשן, די פיזיקאַלישע וועלט, איז „מעכאַניש" און געהאָרכזאַם צו די געזעצן פון דער מעכאַניק, האָט נאָך געקאָנט זיין אַ ספק אין דער דיקערט-ווינדעלבאַנדישער קריטיק, האָבן נאָך די מאַרק-סיסטישע סאָציאַליסטן זיך געקאָנט האַלטן מיט זייער שיטה און גלויבן, אַז די מענטשלעכע געזעלשאַפט איז אויך „מעכאַניש".

ווי אָבער, ווען אויך די פיזיקאַלישע וועלט האָט גאָר באַקומען אַ נייע אויסטייטשונג? ווי איז, ווען אויך די פעסטע יסודות פון דער שטרענגער וויסנשאַפט מוזן זיך בייטן און מיר מוזן אויפבויען אויפסניי אונדזער וועלטבילד? ווי וועט זיך אין דעם וועלטבילד אריינפאַסן די סאָציאַליסטישע געזעלשאַפטס-לערע, דער מאַרקסיזם מיט זיין קלאַסן-באַגריף, מיט זיינע סאָציאַלע געזעצן, מיט זיין גאַנצער געשיכטס-פילאָזאָפיע?

דאָס, וואָס איינשטיין האָט געטאָן פאַר דער נאַטורוויסנשאַפט, האָט די רעוואָלוציע אין אייראָפּע געטאָן פאַר דער סאָציאַל-וויסנשאַפט. זי האָט באַוויזן די „רעלאַטיוויטעט" פון דער געזעלשאַפט; זי האָט באַוויזן די פּרינציפּיעלע פאַלשקייט פון דער ביזהעריקער סאָציאַל-פי-לאָזאָפיע; זי האָט צעשטערט דעם גלויבן אין דער געזעצמעסיקייט פון די סאָציאַלע פּראָצעסן; נישט דער הכרח,—דער ווילן,—רעגירט, נישט דער קלאַס, נאָר דער יחיד באַשטימט און רעגולירט דעם גאַנג פון דער געשיכטע. פאַר די מאַרקסיסטן איז די געזעלשאַפט אַ—פאָר-מולע-פראַגע; דער תוך בלייבט דערזעלבער, נאָר די פאָרם בייט זיך. די געשיכטע האָט געוויזן פונקט פאַרקערט: דער תוך בייט זיך, די פאָרם איז מער אָדער ווייניקער דיזעלבע. די רעוואָלוציעס האָבן געענדערט דעם חומר, דעם מענטשן-חומר, אָבער די גרופּירונג

פון מענטשן, זייער באַציונג פון איינעם צום צווייטן, בייט זיך זייער ווייניק.

געוויס, מיר שטייען נאָך צו באַנט צו די געשעענישן, מען זאָל שוין איצט קאָנען בויען אַ נייע שיטה, אַ נייעם טעאָרעטישן געבוי אויף דעם אויסגעאַקערטן גרונט, אָבער מיר פילן אַלע, אַז די נייע צייט פאַרלאַנגט אַ נייע אויסטייטשונג, די נייעווירקלעכקייט—אַ נייע טעאָריע; און נאָכמער פילן מיר, אַז די מאַרקסיסטישע לערע, — און מיט איר דער סאָציאַליזם אין זיין היינטיקער געשטאַלט—האָט פאַרלוירן זיין מעטאָדאָלאָגישן ווערט. די רעוויזיע פון דעם סאָציאַליזם האָט זיך אָנגעהייבן מיט אַ יאָר צוואַנציק צוריק, ווען עדואַרד בערנשטיין האָט אָנגעהייבן צו צווייפלען אין דער העגעלשער פילאָזאָפיע, אויף וועלכער דער סאָציאַליזם, דער מאַרקסיטישער, שטייט. עדואַרד בערנשטיין האָט געזען די וועלט מיט קאַנטישע אויגן,—מיט די אויגן פון דער קריטישער פילאָזאָפיע, און איז כמעט אַרויס פון דער מחנה,— כמעט געוואָרן אַ כופר אין מאַרקסן.

דער רעוויזיאָניזם האָט געזיגט, אָבער עס האָט זיך ווייניק וואָס געענדערט. בערנשטיין און זיינע נאָכפאָלגער האָבן נישט געהאַט קיין טעאָרעטישע קראַפט צו שטירצן מאַרקסן און צו בויען אויף דעם אָרט פון דעם מאַרקסיזם אַ נייע סאָציאַלע שיטה. די פילאָזאָפיע פון קאַנט האָט זיך אַרויסגעוויזן אומפעיק צו געבן אַ יסוד פאַר אַ סאָציאַלער פילאָזאָפיע. איצט שטייען מיר אויף דער שוועל פון אַ נייער אומווערטונג פון די פילאָזאָפישע ווערטן. מיר שטייען אויף דער שוועל פון דער איבערפרופונג פון וויסנשאַפט און פילאָזאָפיע. און עס וואָלט זיך געוואָלט, מער ווי נייטיק, ווידער אויפנעמען די אַרבעט פון בערנשטיין און די רעוויזיאָניסטן און דורכפירן נאָכאַמאָל די רעוויזיע פון מאַרקס און פון דעם סאָציאַליזם. און זאָל זיך אַרויסווייזן, אַז דעם סאָציאַליזם איז טעאָרעטיש נישט צו האַלטן, מוז מען האָבן דעם מוט פון דעם פרעזידענט פון דער בריטישער קעניגלעכער געזעלשאַפט פאַר וויסנשאַפט און מודה זיין זיך, אַז מיר מוזן אומבויען די גאַנצע פּאָליטיק, אומלערנען אונדזער גאַנצע עקאָנאָמיק, שאַפן אַ נייע סאָציאַל-טעאָריע. עס איז די העכסטע צייט.

## שלום-עליכם.

ס'איז דאָ אַן אַלטע גריכישע לעגענדע, וואָס ווערט אָנגערופן די לעגענדע פון דעם „פאַרלוירענעם לאַכן". ס'האָט זיך אַמאָל אַ יונגערמאַן, — אַזוי ווערט דאָרט דערציילט, — פאַרבלאָנדזשעט אין אַ טיפער הייל און האָט דאָרט געזען אַזויפיל שרעקלעכע, שוידערלעכע, סודותדיקע זאַכן, אַז ער איז אַרויסגעגאַנגען אַ מידער, אַ טרויעריקער, פול מיט יאוש. און דער שמייכל איז אָפּגעשטאָרבן אויף זיינע ליפּן— און ער האָט פאַרגעסן ווי מען לאַכט. איז ער געגאַנגען קיין דעלפי, ווו די הייליקע וואָרזאָגערין איז געזעסן, און האָט זי געפרעגט, וואָס ער זאָל טאָן. האָט אים די וואָרזאָגערין געענטפערט: אומגליקלעכער, דו האָסט פאַרלאָרן דאָס זיסע, האָניק-טריפנדיקע לאַכן, טאָ גיי אַרויס אין דער וועלט, און אַז דו וועסט דיין מוטער דערזען — וועסטו עס ווידער געפינען. און דער אומגליקלעכער מאַן מיט די ביטערע ליפּן האָט אָנגעהייבן צו זוכן די „מוטער". אויסגעגאַנגען די וועלט און זי נישט געפונען. ביז ער איז, אַלט און גרוי און מיד צום שטאַרבן, געקומען קיין דעלאָס, איינע פון די וויגן פון דער גריכישער קולטור. דאָרט איז געשטאַנען אַ טעמפּל פון לאַטאָנאַ, די מוטער פון דעם גאָט פון שיינקייט — אַפּאָלאָ. אַהינצו איז ער אַריינגעגאַנגען און האָט געוואָלט אָפּגעבן כבוד דער מוטער פון דעם זון-גאָט. אָבער אויף דעם אָרט פון אַ שיינער, מאַרמאָרנער סטאַטוע איז געשטאַנען אַ פּשוט שטיק האָלץ — דאָס איז געווען די פאָרם פון דער מוטער פון שיינקייט. און אַז ער האָט דאָס דערזען — האָט ער זיך צעלאַכט. און ער האָט פאַרשטאַנען, וועלכע „מוטער" די וואָרזאָגערין פון דעלפי האָט געמיינט. און דאָס איז געווען זיין לעצט לאַכן. אין לאַכן איז ער געשטאָרבן.

* *
*

איך דערמאָן זיך תּמיד אין דערדאָזיקער לעגענדע, ווען איך טראַכט וועגן דעם גרעסטן לאַכער פון דעם יידישן פאָלק. זענען מיר, יידן, דען אויך נישט, ווי דער לעגענדאַרישער גריכישער פאַרלירער פון לאַכן? אַזויפיל צרות, ווייטיקן, פלאָגן, אַזויפיל יאוש, אַזויפיל בענקעניש — ווי מיר האָבן, ווער פאַרמאָגט עס נאָך? און אַ צער, אַן אומעט איז אַרויף אויף אונדז. קוקט זיך איין אין דעם יידישן אויג — וויפל ליידן, פאַרבאָרגענער ווייטיק ליגט אין אים! און אונדזערע ליפּן האָבן אַ ביטערן שמייכל באַקומען און דאָס לאַכן איז פאַרשטומט געוואָרן, דאָס קלאָרע, זילבערהעלע, קלינגענדיקע, פרישע, באַפרייענדיקע לאַכן. אַזוי איז דאָס געווען לאַנגע, לאַנגע יאָרן — ביז שלום-עליכם איז געקומען און האָט עס אונדז צוריקגעגעבן, געבראַכט אונדז די גרויסע און זיסע מתנה.

מיר דאַכט זיך אָפט, אַז נישט נאָר איצט, נאָר אַפילו שפּעטער, אַפילו נאָך יאָרן און יאָרן, אַפילו אַז די צייט פון שלום-עליכם און די מענטשן, וואָס ער האָט געמאָלט, וועט ווערן פרעמד, ווייט, — אַפילו דעמאָלט וועט זיין כמעט אוממעגלעך צוצוגיין צו שלום-עליכמען מיט אַ קריטישן אַנאַליז. ביי אים פאַרלירן אַלע קריטישע מאַסשטאַבן זייער ווערט, איז יעדער אַנאַליז כמעט אוממעגלעך. וואָס זאָל מען אַנאַליזירן, צו וואָס זאָל מען די קריטיק אָנווענדן? צום לעבן אַליין? צו דעם „בת-קול", די עכאָ פון אַ גאַנצער, לאַנגער צייט פון יידישער עקזיסטענץ? ביי יעדן אַנדערן דיכטער קען מען פרעגן: צי איז ער אַ קינסטלער, וועלכע זענען זיינע מעטאָדן, קען מען פרעגן: צי האָט ער גוט, ריכטיק געזען און דאָס געזעענע געמאָלט? מען קען אונטערזוכן זיין פאָרם, זיין סטיל. אָבער שלום-עליכם איז אַ דערשיינונג פאַר זיך, וואָס לאָזט זיך נישט פאַרגלייכן מיט גאָרנישט. ער איז פון אָנהייב אָן, פון זינט ער איז אַרויפגעטראָטן אויף דער ליטעראַרישער סצענע געווען דאָס ווידערגעפונענע לאַכן.

שוין זיין פסעוודאָנים, זיין ליטעראַרישער נאָמען, איז כאַראַקטעריסטיש. „שלום עליכם" — פרידן זיי מיט אייך. „שלום-עליכם" — דער גרוס פון אַ יידן צו אַ יידן, ווו ער זאָל נישט זיין און וואָס

ער זאָל נישט זיין, דער אייביקער בונד, דאָס געפּיל פון נאָענטקייט, אינטימקייט, ברודערשאַפט צווישן אַלע יידן.

צווישן פאַרביטערטע, פאַראומערטע יידן, צווישן פאַרקנייטשטע שטערנס און פאַרזאָרגטע פּנימער, — איז אַרומגעגאַנגען אַ שטיל, זיס יידיש שמייכלען — און האָט זיך צו אַלעמען צוגעקוקט, צו אַלעמען צוגעהערט, צוגעלייגט זיין אויער צו דעם קלאַפּן פון דעם יידישן האַרץ, געהערט דאָס טיפסטע אין אונדז, אונדזער פאַרבאַהאַלטענעם וויינען און אונדזער ביטערקייט — און איז געגאַנגען צו דעם יידישן קהל און האָט עס דערציילט. אָבער דערציילט מיט אַ שמייכל, מיט אַ גוטסקייט און מיט אַ טיפער — איך וואָלט געזאָגט כמעט — טיפער פילאָזאָפיע.

אין דער גאַנצער וועלטליטעראַטור, און בפרט אין דער יידישער, איז אפשר נישטאָ אַ צווייטער שריפטשטעלער מיט אַזאַ זיכערן אויער, מיט אַזאַ שטאַרקער תפיסה פון דער ווירקלעכקייט. נעמט שלום-עליכמס ווערק, אַלע זיינע גרויסע און קליינע דערציילונגען, בילדער, סצענעס — און איר האָט פאַר זיך דאָס גאַנצע יידישע לעבן אַזוי געטריי, אַזוי געניי כאַראַקטעריזירט, אָנגעטאַפּט ביי דעם אמתן דופק, געמאָלט מיט ווייניק, אָבער רעליעפענע שטריכן. אויף אַלצדינג האָט ער רעאַגירט — אויף איטלעכער געשעעניש אין דעם יידישן לעבן, אויף יעדער צרה און יעדער האָפענונג.

אַנדערע קינסטלער גיבן זיך, מאָלן זיך, שטייען זיי אין צענטער פון דער וועלט, זאָגן זייערע מיינונגען, שרייבן זייערע פּירושים. שלום-עליכם האָט זיך געשטעלט אָן אַ זייט, געמאַכט זיך פאַר דעם שליח פון דעם פאָלק ישראל. נישט שלום-עליכם — מנחם מענדל, טוביה דער מילכיקער האָבן גערעדט. און איר האָט געפילט, אַז דאָס איז נישט קיין אָנשטעל, נישט קיין מאַסקע, נאָר אַ זעלטן, כמעט אומפאַרשטענדלעך, צונויפגיסן זיך פון דער נשמה פון אַ גאַנצן פאָלק אין איין מענטשן. פאָלק! מיר שפּילן אָפט מיט דעם וואָרט, מיר לייגן אין אים אַריין כוונות און סודות, בויען טעאָריעס, לופטשלעסער — אָבער מיר זענען אָפט ווייט פון אים. מערסטנס שריפטשטעלער, וואָס רעדן אין נאָמען פון פאָלק, מאָלן דאָס „פאָלק“, טראַכטן זיך אויס אַ באַגריף פון אַ פאָלק און רעדן זיך איין, אַז זיי קענען עס, זיי פאַראַכטן עס, אָדער פאַרגעטערן עס — ווי איינער,

אָבער זיי מיינען גאָר עפּעס אַנדערש — נישט דאָסווירקלעכע, לעבעדיקע, ממשותדיקע פאָלק.

ביי שלום-עליכמען אָבער, איז דאָס פאָלק נישט קיין אויסגעטראַכטע זאַך. עס איז אַזוי — ווי ער האָט עס געזען, מיט דער גאַנצער נישט אויסשעפּנדיקער רייכקייט און ברייטקייט, מיט אַלע גוטסקייטן און שלעכטסקייטן, מיט דער קינדישער נאַיִוויטעט און דעם גרייז-גרויען טיפן שכל, מיט זיין טרויער און זיין לאַכן. מיר קענען זיי — די טיפּן פון שלום-עליכם. מיר זעען זיי אַלע טאָג פאַר אונדז, הערן זיי. אין איטלעכן פון אונדז לעבט אַ שלום-עליכמדיקע פיגור. ער איז געווען און איז און וועט בלייבן אונדזער שפּיגל, אין וועלכן מיר קענען זיך אָנקוקן און זיך זען, נישט אין אַן אידעאַליזירטער, נישט אין אַ פאַרקרימטער געשטאַלט, נאָר אַזוי ווי מיר זענען, אַזוי ווי מיר גייען און שטייען.

* * *

עס וואָלט געווען אינטערעסאַנט, עס וואָלט געווען פּיקאַנט, צו פאַרגלייכן שלום-עליכמען מיט אַנדערע וועלט-הומאָריסטן. מען האָט אים גערופן „דער יידישער מאַרק טווען", מען קען אים אָנרופן „דער יידישער דיקענס". מען קען... אָבער צו וואָס?

אַזוי ווי מיר, יידן, זענען פאַרשידן פון אַלע אַנדערע, שטייען אַליין אין דער וועלט מיט אונדזער פּעקל צרות, מיט אונדזער ירושה, וואָס קיינער קען מיט אונדז נישט טיילן, אַזוי איז אויך שלום-עליכם אַליין, פאַר זיך, נישט צו פאַרגלייכן מיט קיינעם. אַליין אַלס קינסטלער, אַליין אַלס יידישער קינסטלער, אַליין אַלס דער טרייסטער, שמייכלער פון אונדזער דור.

זעצט אים איבער אין אַנדערע שפּראַכן, טראָגט אים איבער אין אַן אַנדער סביבה — צווישן פרעמדע, און מען וועט באַוווּנדערן זיין קונסט. ביי אונדז איז אָבער גאָרנישט די פראַגע פון קונסט.

אַז מיר לייענען אים, פֿאַרגעסן מיר, אַז דאָס איז אַ קונסט-ווערק — פֿאַר אונדז איז דאָס אַ נחמה, אַ טרייסט, אַ דערלייכטערונג.
מענטשן מוזן זיין דאַנקבאַר צו קינסטלער — ווייל זיי מאַכן זיי רייכער און בעסער; שלום-עליכמען אָבער זענען מיר דאַנקבאַר אויך פֿאַר זיין גוטסקייט און דערפֿאַר, וואָס ער האָט פֿאַר אונדז געעפֿנט דעם קוואַל פֿון דעם זיסן, דעם האָניק-טריפֿנדיקן לאַכן. ער האָט געפֿונען די „מוטער" פֿון קונסט און שיינקייט, און איז געשטאָרבן דערביי. געשטאָרבן שאַפֿנדיק, פֿאַרטיפֿנדיק זיין קונסט, דערהייבנדיק זי צו אַ העכער, נאָך העכערער מדרגה. דער קינסטלער, דורך וועלכן דאָס פֿאָלק האָט גערעדט, דער שליח פֿון אַ דור איז צו זיך געקומען און האָט אָנגעהייבן זיך צו מאָלן — זיך אין שפּיגל פֿון זיין קונסט, און איז אינמיטן וועג געשטאָרבן.
דאָס גרויסע לאַכן, דער ברייטער „שלום-עליכם", דאָס זיסע שמייכלען איז פֿון אונדז אַוועק. אַוועק אין אַ שווערער צייט, ווען מיר דאַרפֿן זיין טרייסט, ווען מיר האָבן נייטיקער, ווי ווען נישט איז דעם פּירוש פֿון טוביה, צי פֿון מנחם-מענדל, ווען מיר בענקען נאָך דעם גוטן לאַכן, וואָס זאָגט אונדז: מילא, וואַרט צו אַ ביסל, אַלצדינג וועט אַוועק, אַלע צרות, אַלע נסיונות; מען מוז זיין שטאַרק, מען דאַרף נישט נעמען דאָס לעבן אַזוי טראַגיש — ס'העלפֿט נישט סיי ווי סיי. און דאָס איז פֿון אונדז אַוועק און וועט קיינמאָל — אין דער פֿאָרם, מיט אַזאַ טאָן — קיינמאָל נישט מער צוריקקומען, ווי דער דור פֿון שלום-עליכם, ווי דאָס גאַנצע יידישע לעבן. אַלצדינג בייט זיך ביי אונדז, אַלע פֿאָרמען ווערן צעבראָכן. אָבער דאָס ווערק פֿון שלום-עליכם בלייבט, ווייל עס איז דאָס טרייסטע עכאָ, דאָס געטרייסטע בילד פֿון אונדזער פֿאָלק.

* * *

*

יעדעס מאָל, ווען איך לייען שלום-עליכמען, פֿאַרבענקט זיך מיר אַהיים, אין מיין שטאָט אין קליינרוסלאַנד, פֿאַרבענקט זיך מיר נאָך מיין אומאַן, נאָך אומאַן און זיינע יידן.

אָט זע איך זיי: פישל, אַ ייד אַן אַלטער משכּיל, פלעגט זיך אַמאָל, מיט פערציק יאָר צוריק, קריגן אין בית-המדרש איבער אַ רבין; אָט איז לוי דער מלמד — אַ בלייכער, מיט שוואַרצע אויגן און אַ שוואַרץ בערדל, אַ קלוגער, אַ ווערטלזאָגער און אַ למדן. און דאָ איז יאָסל קאגאן — אַ ייד אַ סוחר, אַ מעקלער, געהאַנדלט מיט תּבואה, מיט וואַלד, מיט קעראָסין, געמעקלערט אַן „אימעניע" ביים פּריץ, אַ וואַלד ביי טרעשטשענקאָ, אַ צוקער-פאַבריק ביי בראָדסקי, צי ארענשטיין, געדרייט, געשאַכרעוועט, געליען, אָנגעזעצט, אויפן פערד אונטערן פערד, ווי ס'מאַכט זיך. אַ מטופּל מיט קינדער מיט צרות פון קינדער. איין טאָכטער אין קרעפּאָסט און האַלט ביים אַוועקגעשיקט ווערן קיין סיביר פאַר „ליטעראַטור". די אַנדערע וויל פאָרן לערנען. איין זון אין גימנאַזיע, דער אַנדערער פאָרט פון שטאָט צו שטאָט, פון קאמענעץ ביז יעקאטערינאסלאוו, צו זוכן אַ וואקאנסיע אין אַ גימנאַזיע... און אָט איז „פּיצי", פּיצי שניאור-דודס, „פּיצי פון דער בייז", אַ פייער, אַ ברען, אַ ראכמיסטריווקער חסיד— אין די יונגע יאָרן געפּאַטשט זיך אין בית-המדרש פאַר אַ „סגונא", אָדער פאַר אַ „יקום-פּורקן". היינט געוואָרן שטילער, געלאַסענער, וויניקער גאָטס-סטראַפּטשע, ווייניקער שלאַטני-שמש פאַר קהל — נאָר פאָרט אַ ברען.

און דערנאָך — ווייבער. פּעסי די גבאיטע, אַ יידענע אַ גראָבע, אַ גרויסע סאַרוועריך, באַבע, פאָרזאָגערין — אַלצדינג אינאיינעם. און ציפּע — אַ שטילע, ווילע יידענע, אַן אַלמנה כּמעט פון דער יוגנט אָן — תּמיד מיט רויטלעכע, פאַרוויינטע אויגן און אַ ביסל מעל אויף אירע קליידער. זי האָט געהאַט אַ קרייט פון מעל. יידן און יידענעס, יינגערע און עלטערע, דריי דורות נאָכאַנאַנד גייען פאַר מיר פאַרביי, און איטלעכער רעדט זיך מיט זיין לשון, מאַכט זיינע קנייטשן, זאָגט זיינע מאמרים, זיינע ווערטלעך. אַ קליין וועלטעלע, אַ שטי' ווינקעלע, אַן גרויסע שטורמען, אָן שטאַרקן פּאַטאָס — אָבער מיט אַ סך שכל, תּמימות, גוטסקייט און פיינקייט.

איך ווייס נישט, צי עמעצער קען אַזוי פילן שלום-עליכמען, ווי מיר פון קליינרוסלאַנד. איז דאָס נישט קיין מערקווירדיקע זאַך, אַז פון קליינרוסלאַנד איז געקומען דער גרעסטער הומאָריסט פון רוסלאַנד, גאָגאָל, און דער גרעסטער הומאָריסט פון יידן? עפּעס ליגט אין דער נאַטור פון לאַנד, פון די מענטשן, וואָס רופט אַרויס

דאָס זעלטענע, נישט צו דערקלערנדיקע, וואָס מען רופט אָן הומאָר. איך זאָג נישט, אַז ווען שלום-עליכם וואָלט געווען צופעליק פון ליטע, צי פון פוילן, וואָלט ער געווען אַ קלענערער טאַלאַנט. ער וואָלט אָבער זיכער געהאַט אַן אַנדער פאָרם, אַן אַנדער ניואַנס. ער וואָלט נישט געווען דאָסזעלבע. מער שאַרפקייט, מער ביטערקייט, מער חריפות, אָדער מער ליריזם. אָבער נישט אַזויפיל מתיקות, פשוטקייט און ברייטקייט.

איך וויל דאָ נישט שרייבן אַ קריטיק. ס'פאַלט מיר גאָרנישט איין זיך אַוועקצושטעלן מיט דעם טייטל און עמעצן לערנען — הנאה צו האָבן. ווער דאַרף עס און ווער קען עס? גייט און קריטיקירט פישל פון די זעק, צי לוי דעם מלמד, צי יאָסל קאגאן אָדער פיצי שניאור-דודס! שטעלט זיך אַנידער און האַלט אַ פסיכאָלאָגישן רע-פעראַט איבער זיי. איך זע באַשיינפערלעך, ווי זיי וואָלטן זיך צע-לאַכט, חוזק געמאַכט פון מיר. און איך שעם מיך פאַר זיי. און אַזוי פילט זיך איינער, וואָס וויל קריטיקירן שלום-עליכמען. ער פילט דאָס שמייכלען פון שלום-עליכם — ווי ער וואָלט אים אַזוי שטיל און פיין גענומען אויפן צימבל און געמאַכט פון אים אויסצודרייען...

נאָר איין זאַך איז מיר תמיד ביי שלום-עליכם אויפגעפאַלן. נישט דאָס, וואָס ביי אים איז דאָ, נאָר דאָס, וואָס ביי אים איז נישטאָ. איך מיין — די טיפן, וואָס ער האָט קיינמאָל, אויב איך מאַך נישט קיין טעות — נישט געמאָלט. געדענקט איר ביי שלום-עליכמען אַ טראַגישע געשטאַלט, אַ מענטשן מיט אַ שטאַרקן ווילן, מיט טראַ-גישע דערלעבענישן, וואָס טראָגט איבער די וועלט אויף זיין אָריגי-נעלן אופן, אַן אָ ר י ג י נ ע ל ן מענטשן? קוקט זיך גוט צו צו זיינע געשטאַלטן. זיי זענען דאָך צומייניסט מאַסנטיפן, כמעט סימבאָלן.

טשעכאָוו, דיקענס, טעקערעי, די גרויסע הומאָריסטן פון דעם לעצטן יאָרהונדערט, האָבן געהאַט פראָבלעמען, געמאָלט אָפט, זייער אָפט טראַגישע געשטאַלטן. זיי האָבן, ווי הומאָריסטן, ווי לאַכער, אָנגעהייבן, און זייער פינאַל איז געווען אַ נערוויש-טראַגישער. דיקענס האָט זיך אַריינגעלאָזט אין באַשרייבונגען פון פאַרברעכער-טיפן, אין שילדערן די בויט און עלנט און שטאַרקע ליידנשאַפטן; טעקערעי האָט געמאָלט טיפן, ווי ניוקאָם, ווי עזמאָנד, ווי בעקי שאַרפּ — גאָרנישט קיין קאָמישע. און טשעכאָוו האָט, אייגנטלעך, כל ימיו גע-לאָזט אַ שטילע טרער.

ביי שלום-עליכמען איז נישטאָ נישט קיין פּראָבלעמען און נישט קיין טראַגיק, ד. ה. ס׳איז יאָ דאָ, נאָר זיי קומען אַרויס, ווי פון זיך אַליין, אַלס אַ פאָלג פון דעם לעבן, וואָס ער מאָלט, פון די טיפן, אין וועלכע ער פאַרקערפּערט עס. אויב איר ווילט, איז דאָס לעבן אין יעהופּעץ, אין כּתרילעווקע טראַגיש. אָבער ווייסט איר ווען? אַז איר שטעלט זיך אַוועק אָן אַ זייט און באַטראַכט עס אַלס ריינער צושויער, אַז איר הייבט אָן צו ציען פאַרגלייכונגען.

איך מאָל מיר אויס, אַז שלום-עליכם מוז מאַכן אויף נישט-יידן, אָדער אויף יידן פון אַן אַנדער סביבה, אויף יידן, וואָס קענען שוין נישט פון זייער אייגענער דערפאַרונג די נויט פון יעהופּעץ, אַ טראַגישן איינדרוק. אַזאַ שווער לעבן. אַ קאַמף איבער אַ שטיקל ברויט, אַזויפיל קבצנות, עניוות, אַזויפיל טרערן אונטער דעם שמייכל. אָבער דאָס פילט נאָר דער זייטיקער, אַקוראַט, ווי אַ טוריסט, וואָס קומט צופאָרן ערגעץ אין אַ געגנט פון ווייטע סטעפּן, פון ווייטע פעלדער, פון אומבאַגרענעצטע האָריזאָנטן — זעט דאָרט אַ טרויער, אַן אומעט, אַ האַרצברעכנדיקע בענקעניש. דאָס פילט דער פרעמדער, אָבער דער היימישער פילט עס נישט. פאַר אים איז דאָס אַ נאַטיר-לעכע זאַך, אַן אייגענע, צו וועלכער ער איז געוווינט און פילט זיך דאָרט גאָרנישט אַזוי שלעכט. און אַזוי איז געוועזן דאָס לעבן, וואָס שלום-עליכם האָט געמאָלט, און אַזוי איז ער אַליין געוועזן.

אָפט קומען קינסטלער צו מיט דער כוונה צו געפינען טראַגיק אין אַלעמען. אַזוי איז, אַ שטייגער, לעוויטאַן, דער מאַלער פון די גרויע, טרויעריקע רוסישע סטעפּעס און פאַרטראַכטע פייזאזשן. נעמט אָבער די פינישע מאַלער, די שילדערער פון די איינזאַמע צפון-וועלדער און אַזערעס פון פינלאַנד, ווי עדעלפעלדט, ביי זיי איז נישטאָ דער ווילן צום טראַגישן. זיי מאָלן ווי עס איז, גיבן כמעט נישט זייער אייגענע שטימונג. זיי האָבן ליב די לאַנדשאַפט, אין וועלכע זיי לעבן, מיט וועלכער זיי זענען פאַרבונדן מיט די טיפסטע פעדעם פון זייער נשמה. זיי קריטיקירן נישט זייער לאַנד, זיי האָבן עס ליב, זיי מאָלן עס, ווי עפּעס זעלבסטפאַרשטענדלעכס. און דאָס איז זייער גרויסקייט.

און דאָס איז אויך שלום-עליכמס גרויסקייט. ער האָט זיך נישט אויף אַ מינוט אָפּגעזאָגט פון זיך אַליין — פון יעהופּעץ, פון כּתרילעווקע, קיינמאָל נישט אָנגעטאָן זיך אין דעם מאַנטל פון דעם קריטיקער און דעם זייטיקן באַאָבאַכטער. ער איז תּמיד געבליבן טריי צו זיך און זיין סביבה. און די טרייקייט האָט אים געמאַכט צו דעם איינציקן, צו דעם איבערראַשנדיקן קינסטלער, וואָס ער איז געוואָרן. דאָס שענסטע אין אים איז, וואָס ער האָט עס צומיינסט אַליין גאָרנישט געוווּסט. ער איז געווען, ווי אַ פאָלקסליד. האָט דען דער זינגער פון אַ פאָלקס-מעלאָדיע געטראַכט דערפון, אַז ער שאַפט קונסט? ער האָט זיך פּשוט אויסגעזונגען, אויסגעגאָסן זיין האַרץ, און געזונגען אויף זיין פּשוטן, טראַדיציאָנעלן אינסטרומענט זיין אמת האַרציק ליד. און פון די לידער איז אַרויסגעוואַקסן דאָס גרויסע עפּאָס. פון דעם אַלט-גריכישן פאָלקסליד איז אַרויסגעוואַקסן אַן איליאַדע און אַן אָדיסיי.

שלום-עליכם האָט אויך נאָר פאָלקסלידער געשאַפן, פאָלקסלידער אין פּראָזע, פאָלקסלידער מיט פאָלקסהומאָר. און פון אַלע איז אומבאַמערקט אַרויסגעוואַקסן אַן עפּאָס פון דעם יידישן לעבן. דאָס ליד האָט זיך אויסגעברייט, צעגאָסן, געוואָרן פאַרביקער, רייכער, טיפער. באַלד האָבן זיך די גרענעצן פאַרווישט — פון יעהופּעץ און כּתרילעווקע איז געוואָרן דער גאַנצער יידישער ישוב, די גאַנצע יידישע וועלט, און מנחם-מענדל און זיינע חברים — די טיפּן און סימבאָלן פון דעם גאַנצן יידישן פאָלק. איר, איר אַלע זעט דעם עפּאָס — מיר אָבער, איבער וועלכע ער האָט געשריבן, מיר, זיינע נאָענטסטע, מיר, פון וועלכע ער האָט געשעפּט זיינע בילדער, זייער פאָרם — מיר פילן נישט נאָר דעם עפּאָס, נאָר אויך דאָס ליד, יעדעס ליד באַזונדער — און מיר פילן בעסער, ווי אַלע, די זיסקייט און רירנדיקן אמת פון דעם ליד...

# אַנ—סקי.

דער „בורר“ פון רוסלאַנד.

פאַר 1917 האָב איך זיך מיט ש. אַנ—סקין קיינמאָל נישט גע-
טראָפן, אים קיינמאָל נישט געזען. כאָטש מיר האָבן געהערט צו דער-
זעלבער פאַרטיי, איז צווישן אונדז געשטאַנען אַ מחיצה—טעמפעראַמענט,
דערציִונג, יאָרן.

צווישן אונדז איז געשטאַנען דער באַגריף—פאָלק.

ווי געזאָגט—מיר האָבן ביידע געהערט צו דערזעלבער פאַרטיי:
צו די רוסישע עס-ער. אָבער פונקט ווי די רוסישע סאָציאַלדעמאָקראַטן
האָבן זיך געשפּאָלטן אין מענשעוויקעס און באָלשעוויקעס, און
ווייטער אין שטרענגע מאַרקסיסטן און רעוויזיאָניסטן, אַזוי איז די עס-
ער-פאַרטיי געווען געשפּאָלטן אין אַ סך קליינע גרופּן און אונטער-
גרופּן. יעדע איז געווען כמעט פרעמד צו דער צווייטער, האָבן זיך
כמעט נישט געקאָנט צונויפרעדן. נישט איבער פּאָליטיק. די עס-ערן
זענען קיינמאָל נישט געווען קיין גרויסע פּאָליטיקער און פּראַקטישע
מענטשן, נאָר איבער—שטימונג און מאָטיוון. איר ווייסט דאָך, עס
איז די גרינגסטע זאַך אין דער וועלט צו זיין אַ סאָציאַלדעמאָקראַט.
ס'איז אַ גרינגע תורה; מען דאַרף נישט האָבן אויסשטודירט אַלע
דריי בענדער פון מאַרקסעס „קאַפּיטאַל“ דערצו. מען דאַרף אפילו נישט
האָבן קיין ברעקל וויסן פון פּאָליטישער עקאָנאָמיע, אָדער סאָציאָלאָגיע.
אַבי מען קען דעם „קאָמוניסטישן מאַניפעסט“, אַבי מען ווייס, אַז עס
זענען דאָ צוויי קלאַסן, וואָס פירן אַ קאַמף איינער מיטן צווייטן, און

אַז דער אַרבעטערקלאַס מוז—לויט דעם געזעץ פון דער געשיכטע — גובר זיין.

זיין אַ קאָנסערוואַטיווער איז שוין שווערער: מען מוז קאָנען פאַרטיידיקן די פאַרגאַנגענהייט, די אינטערעסן פון היינט, מען מוז מצדיק זיין, רעכטפאַרטיקן די וועלט. און דאָס קאָן נישט יעדער. אָבער נאָך שווערער פון אַלעמען איז צו זיין אַ ראַדיקאַל-דענקענדיקער, סאָ-ציאַליסטיש-פילנדיקער און דערביי דאָך נישט איינזייטיקער, פאַרביי-גערטער, פאַרגליווערטער מענטש. און וואָס דען איז די עס-ער-טעאָריע, אויב נישט אַזאַ פאַרזוך צו בויען אַ שיטה פון סאָציאַלן ראַדיקאַליזם, וואָס זאָל צונויפבינדן צוויי באַגריפן, וואָס לייטן זיך אָפּ אין לעבן ביי דעם ערשטן פייער—דער באַגריף פון פערזענלעכער פרייהייט און פון דער מאַסנהערשאַפט, פון אינדיווידואַליזם און סאָציאַליזם?

די סאָציאַלדעמאָקראַטיע האָט געהאַט איין לערער—מאַרקס. די עס-ער האָט אַ גאַנצע אַקאַדעמיע: לאַווראָוו און מיכאַילאָווסקי, צו אַ געוויסן גראַד — פרודאָן. און אַ סך אַנדערע. מאַרקס האָט געהאַט די קראַפט פון אויפבויען אַ געוויסן סיסטעם אויף אַ זייער פשוטן פרינציפּ. און דערפאַר זענען די וויטערע פירער פון מאַרקסעס שיטה געווען בלויז מפרשים.

לאַווראָוו און מיכאַילאָווסקי זענען געווען נישט קיין זייער שטאַרקע און גרויסע דענקער, דענקער פון צווייטער האַנט, אַליין מפרשים, פובליציסטן, נישט פילאָזאָפן. און דערפאַר האָט די עס-ער-פאַרטיי קיינמאָל נישט געהאַט קיין „ספר העיקרים", פון וועלכן זי זאָל שעפּן. יעדער איז געגאַנגען זיין וועג. איינער האָט געוואָלט באַגרינדן די עס-ער-שיטה לויט קאַנט. דער צווייטער האָט געוואָלט זי אויסברייטערן פון אַן אַנדער דענקער. איך האָב געקענט אַן עס-ער-שריפטשטעלער, וואָס האָט מיר דערקלערט, אַז מען קאָן באַווייזן די ריכטיקייט פון דער עס-ער-טעאָריע נאָך פּואַנקאַרע, דעם גרויסן פראַנצויזישן מאַטע-מאַטיקער.

און אַזוי האָבן די יינגערע עס-ערן געבלאָנדזשעט און געזוכט אַ יסוד. און דער טעם פון זייער בלאָנדזשען איז געווען, וואָס קיינער פון זיי האָט נישט גענומען די פראַגע—מיטן האַרצן, מיטן געפיל. די אַלטע סענטימענטאַלע ליבע צום „פאָלק", די פאַרגעטערונג פון „פאָלק" איז ביי דעם יינגערן דור אָפּגעשטאָרבן. די אַלטע „נאַראָדניטשעסטוואָ" איז געווען טויט, בלויז צווישן די עלטערע עס-ערן איז נאָך פאַרבליבן

די טריישאַפט צו דעם אַמאָליקן אידעאַל, דעם אַלטן גלויבן אין דער גרויסער כישופדיקער, בערג-איבערקערנדיקער, ווונדערבאַרער קראַפט און דעם טיפן אמת פון פאָלק.

אַזאַ מין „נאַראָדניק" איז געווען, למשל, ג. שריידער. מינאָר, דער אַלטער נאַטאַנסאָן-באָפּראָוו און ש. אַן—סקי—דאָס רוב יידן. וואָרים ווער קאָן נאָך אַזוי שטאַרק גלויבן אין אַ „פאָלק",—עס מאַכט נישט אויס וואָסערס,—ווי אַ ייד? ווער קאָן נאָך אַזוי אידעאַליזירן, ווי אַ ייד? מען אידעאַליזירט דאָך געוויינלעך דאָס, וואָס איז ווייט. דער אמתער רוס—גליעב אוספּענסקי, רעשעטניקאָוו, אָדער פון די נייע, בונין, אָדער סערגעיעוו-צענסקי, די, וואָס האָבן געלעבט מיט דעם רוסישן פאָלק נישט ווי צושויער, נאָר ווי אַ טייל פון אים, וואָס האָבן אים נישט „שטודירט", נאָר אים געפילט אין זיך אַליין, בלוט צו בלוט— זיי האָבן דעם פויער שוין גאָרנישט אידעאַליזירט. זעלטן האָבן שרייבער אַזוי ביטער, אַזוי אומבאַרעמהאַרציק געזאָגט דעם אמת זייער פאָלק, ווי די רוסישע.

אָבער פאַר יידן איז דאָס רוסישע פאָלק געווען אַן אַבסטראַקט, אַ בוך-זאַך. זיי האָבן אים געקענט—פון דער ליטעראַטור, זיין שפּראַך— די פאָלקס-שפּראַך — פון אַפאַנאַסיעווס זאַמלונג פון פאָלקסווערטלעך, אָדער פון שיינס (אויך אַ ייד) זאַמלונג פון פאָלקסלידער.

און טאָמער האָבן זיי יאָ שוין געזען אַן אמתן פויער—איז דאָס געווען אין סיביר, ווען זיי זענען געווען פאַרשיקט. און דאָס איז ווי-דעראַמאָל געווען שוין מער אַ בינע-פויער, נישט אַ ריכטיקער, וואָכעדיקער, פּשוטער און פונדאַמענטאַלער.

איך זאָג נישט, אַז מיר, פון דעם ייִנגערן דור, האָבן בעסער געקענט דאָס „פאָלק". אָבער מיר האָבן, לכל הפחות, נישט געהאַט קיין צו-גרויסע אילוזיעס. מיר האָבן נישט צעלעגט אויף טעלערלעך יעדעס וואָרט, יעדע חכמה פון דעם—פאָלק. מיר האָבן אויך נישט גערעכנט, ווי אונדזער פריינט וויקטאָר מיכאַילאָוויטש טשערנאָוו, אַז דער בעסטער אופן צו שרייבן רוסיש איז—צו באַזאַלצן עס מיט פאָלקסווערטלעך.

עס קאָן זיין, אַז אויף די ייִנגערע עס-ערן האָט דער מאַרקסיס-טישער סאָציאַליזם געהאַט אַ גרעסערע ווירקונג, האָט אַרויסגעטריבן פון אונדז די סענטימענטאַליטעט. און דערפאַר האָב איך פאַר אַ לאַנ-גער צייט נישט געהאַט קיין גרויסן אינטערעס פאַר ש. אַן—סקיס פאָ-

ליטישער און שריפטשטעלערישער אַרבעט. זי איז מיר געווען—צו אַלט, צו ווייך, צו ליריש.

דאָס ערשטע מאָל, ווען איך האָב אים געטראָפן—אין פּעטער-בורג—האָט ער אויף מיר געמאַכט אַ גאַנץ מערקווירדיקן איינדרוק. איך האָב דערזען פאַר מיר אַן אַלטן יידן, איך וואָלט געזאָגט, אַן אַמאָליקן, אַלטפרענקישן יידן. נישט זיין פּנים. ער וואָלט געקאָנט — לויט דעם אויסזען-זיין אַ רוסישער אינטעליגענט, אָדער אַ פראַנצויז פון דעם אַנאַטאָל פראַנס-טיפּ. נישט דער אויסערער מענטש—ער איז געווען אָנגעטאָן אין אַ מין האַלב-מיליטערישן קאָסטיום און האָט אויס-געזען, ווי אַן אַלטער געוועזענער אָפיציר.

אָבער זיין האַלטונג, זיין גאַנג, זיין קוק—אין געווען אַזוי זעלטן יידיש, אַזוי נישט צוגעפּאַסט צו דעם מיליטערישן רעקל און די הויכע שטיוול, אַז עס האָט זיך אויסגעוויזן, אַז אַ יידישער רב דהאָט זיך פאַרשטעלט פאַר אַ יון. און אַלטמאָדיש, ווי דער אויסערער מענטש, איז געווען אויך דער אינערער, דער גייסטיקער. איר ווייסט דאָך, עס זענען פאַראַן מענטשן, וואָס זענען בטבע אַלט אפילו ווען זיי זענען נאָך יונג אין יאָרן. אַלט זיין הייסט—אָפּשטעלן זיך ביי אַ געוויסן טרעפּ און נישט קאָנען גיין ווייטער, העכער אָדער נידעריקער, שטייגן אָדער פאַלן—וואָס איז די נפקא מינה, אַבי מען לעבט פול, פוליזאַפטיק און מיט אַלע פאַרעס. אין רוסלאַנד רופט מען אַזעלכע מענטשן, ווי, למשל, אַנ—סקי איז געווען, אַ „זעכציקער". דאָס הייסט נישט, אַז ער איז אַלט זעכציק יאָר. עס באַטייט בלויז, אַז דער גאַנצער מענטש לעבט אין דער אַטמאָספערע פון די זעכציקער יאָרן (אין דעם נײַנצעטן יאָרהונדערט), אין דער צייט פון גוטע, וויל-מיי-נענדיקע, ברייט-האַרציקע, ענג-האָריזאָנטיקע און פאָלקס-ליבנדיקע אידעאַליסטן. ער מעג זיין אַ ליבעראַל, צי אַ סאָציאַליסט, געהערן צו וואָסער פּאַרטיי ער וויל—דער „זעכציקער" איז אַ זעכציקער, עס ליגט אויף אים דער חותם.

צום ערשטן מאָל, ווען איך האָב זיך געטראָפן מיט אַנ—סקין, האָב איך געפּרוּווט רעדן מיט אים איבער „עניני דיומא", טאָג-פראַגן, פּאָליטיק פון דער הייסער שעה. אָבער גאָר באַלד האָב איך עס אויפ-געגעבן. מיר האָבן זיך נישט פאַרשטאַנען איינער דעם צווייטן. ער איז געווען פאַר מיר צו — שילעריש, צו גוט און צו אָפּטימיסטיש. דער אייז איז געבראָכן געוואָרן, ווען מיר האָבן אָנגעקגעלאָזט דעם הײנט

און זיך אומגעקערט צום אַמאָל. אַנ—סקי האָט מיר אָנגעהייבן צו דערציילן חסידישע מעשיות. ער האָט זיי געקענט אָן אַ שיעור, און האָט זיי דערציילט מיט מתיקות. אפילו חסידות האָט גרעדן. מען קאָן דערציילן מעשיות פונם בראצלאווער אָדער פון קאָצקער, און דאַן רעדט עס צום מוח; מען קאָן דערציילן מוסר־לעגענדעס, און דאַן וויגט עס איין, ווי אַן אַלטע באַלאַדע, ווי אַ שבת־נאָכמיטאָג אין אַן אַלט־יידיש חויז. אַנ—סקיס חסידות איז געווען פון דעם אידילישן, פאַרחלומטן, גוטהאַרציקן גאָט־פון־אברהם־שטייגער.

און דאַמאָלט אָן פלעג איך זוכן אָפט צו באַגעגענען אַנ—סקין. וואָס שווערער עס איז געוואָרן אויפן האַרצן, וואָס הערבסטלעכער עס איז געוואָרן אין רוסלאַנד, אַלץ מער האָט זיך געגלוסט צוצוטוליען זיך צו דעם אַלטן, וואַרעמען אויוועלע פון פאַרצייטנס.

נאָר איינמאָל האָב איך געזען אַנ—סקין אין אַ גרויסער, אַ טראַגישער ראָלע. און דער מאָמענט האָט זיך איינגעגראָבן אין מיין זכרון אַלס אַ סימבאָל פון רוסלאַנד. עס איז געווען אויפן צווייטן טאָג נאָך דער באָלשעוויסטישער רעוואָלוציע. די רעגירונג איז אַראָפּגעוואָרפן געוואָרן. קערענסקי איז אַנטלאָפן, די איבעריקע מיניסטאָרן—קישקין, פאַלטשינסקי, טערעשטשענקאָ, אונדזער פריינט רוטענבערג, מאַסלאָוו, וואָס איז געווען מיניסטער בלויז עטלעכע טעג, זענען געבליבן אין די פעטראָפּאַוולאָווסקע קאַזעמאַטן. אין שטאָט האָט מען געשאָסן. די יונקערס האָבן זיך נאָך צום טייל געהאַלטן און געקעמפט מיט די באָלשעוויקעס. עס איז געווען אַ מאָמענט פון אַנאַרכיע—איין רעגירונג איז געפאַלן, קיין צווייטע איז נאָך נישט געקומען, ווער עס זאָל איבערנעמען די מאַכט.

דער נאַטירלעכער יורש איז געווען די פעטערבורגער שטאָט־דומע, אַן אָנערקענטער געזעצלעכער מאַכט־אָרגאַן, אַ זעלבסטפאַרשטענדלעכער צענטער אין אַן איבערגאַנגס־צייט. און עס קאָן זיין, אַז די דומע וואָלט געווען טאַקע געוואָרן אַזאַ מאַכט־צענטער, אַ בריק צו אַ נייער רוסלאַנד, ווען—יאָ, ווען אַנדערע מענטשן וואָלטן זי געפירט, ווען נישט „זעכציקער", נאָר „צוואַנציקער", מענטשן פון דעם צוואַנציקסטן יאָרהונדערט וואָלטן באַדאַרפט זאָגן דעם אַנטשיידנדיקן וואָרט. אָבער אין שפיץ פון דער שטאָט־דומע איז געשטאַנען ג. שריידער, אַ ליבער מענטש, אַ גוטער עס־ער, אַ טייערער „נאַראָדניק", אָבער אַ פולשטענדיק אומפאָליטישער כאַראַקטער. און אַט מאָלט איך אויס די סצענע

אין דער דומע, ווען דער גורל פון פעטערבורג האָט באַדאַרפט ווערן באַשלאָסן. די דומע האָט געשיקט אַ דעפּוטאַציע צו די באָלשעוויקעס, צו פירן פאַרהאַנדלונגען מיט זיי איבער דער—מאַכט-פראַגע. און דער פירער פון דער דעפּוטאַציע, דער בורר צווישן צוויי רוסלאַנדס, איז געווען—ש. אַנ—סקי.

די צוגאַנגען צו דער דומע זענען געווען באַוואַכט פון סאָלדאַטן. אומעטום, אויף די שטיינערנע גרויסע טרעפּ, אין די לאַנגע קאָרידאָרן— יונגעלייט מיט ביקסן: „די רויטע גוואַרדיע", ווי מען האָט זי דע-מאָלט גערופן. אין דעם זיצונגסזאַל אַ כאַאָס, אַ הו-האַ. דריי גרופּן: רעכטס— די קאַדעטן, אין צענטער—די עס-ער, לינקס, נאָענט צום אַרויסגאַנג, גלייך ווי צו פאַרגרינגערן זייער אַוועקגיין בכלל—די באָל-שעוויקעס. פון רעכטס די באַקאַנטע פּנימער—אַריסטאָקראַטיש: שינגאַרעוו, די גרעפין פּאַנינאַ א. אַז. וו. אין צענטער—שוין מער יידישלעכע פּנימער. און לינקס—פאַרביסענע, פאַנאַטישע ליפּן, ציניש-שמייכלדיקע אויגן, פלאַמענדיקער האַס. אַ יידיש ווייבל—סלוצקאַיאַ—אַמאָל געווען אַ דאַנטיסטקע און שטודירט אין בערלין, האָט געבליצט מיט די שוואַר-צע אויגן און נישט געקאָנט איינזיצן קיין איין מינוט רויק. מאַנויל-סקי—דוקא נישט קיין ייד, אָבער מיט אַ יידישער פיזיאָנאָמיע—ד"האָט געשמייכלט מיט אַ געקינצלטן, כמעט טעאַטראַלישן שמייכל. פון אַלע זייטן זענען געפלויגן באַליידיקונגען, זידלערייען. אויף דער טריבינע האָט מען גערעדט, יעדע פּאַרטיי—אַחוץ די באָלשעוויקעס. זיי ד"האָבן נישט באַדאַרפט רעדן, זיי האָבן געטאָן. היסטערישע רעדעס, אָן אַ תכלית, אָן אַ זין. קיינער האָט נישט געוווסט, ווי אַזוי די זיצונג וועט זיך ענדיקן, מען האָט געוואַרט אויף דער דעפּוטאַציע.

און זי איז געקומען. ש. אַנ—סקי איז אַרויף אויף דער טריבינע, און האָט אָנגעהייבן צו לייענען פון אַ פּאַפּיר זיין באַריכט איבער די פאַרהאַנדלונגען. ער איז געווען מיד און אַלט, אַזוי אַלט, ווי איך האָב נאָך קיינמאָל נישט געזען. אַ צעבראָכענער מענטש. ער האָט געלייענט מיט אַ האַלב-זינגענדיקער שטים, איך וואָלט געזאָגט: מיט אַ תחינה-טאָן. דערציילט איבער דער רעזולטאַטלאָזיקייט פון זיין מיסיע. אַ מין דרעמל איז אָנגעפאַלן אויף דער פאַרזאַמלונג.

מען האָט פּלוצלונג דערפילט, אַז אַלצדינג איז פאַרלוירן, אַז מען האָט נישט מער וואָס צו דערוואַרטן פון דער בוררות און — פון דעם בורר. פּלוצלונג האָט זיך אַנ—סקיס שטימע דערהייבן—ער איז צו-

געקומען צו אַ קריטישן פּונקט. די גאַנצע נאַכט, דערציילט ער, זענען זיי, ד. ה. די בּוררים און די באָלשעוויקעס, געזעסן און דעבּאַטירט און זיך געדונגען. שפּעט אין דער נאַכט זענען געקומען די אַרבּעטער פון דער אָבּוכאָווער פאַבּריק און געגעבּן אַ קלאַפּ אין טיש: מאַכט אַ סוף, אָדער מיר וועלן מאַכן אַ סוף!

אַנ—סקי האָט אַ קלאַפּ געטאָן אין טיש—פאַר גרויס אויפרעגונג. און—דערנאָך איז זיין שטים ווידער אַראָפּגעפאַלן. ער האָט זיך נאָך איינגעהאָרבּעט און מיד דערענדיקט זיין באַריכט. און עס איז געוואָרן אומעטיק אין זאַל. אפילו די סלוצקאַיאַ איז געבּליבּן שטיל. ווי אַ שוואַרצער שאָטן איז דורכגעפלויגן דעם זאַל. אַ מעכטיקער שוואַרצער אָדלער מיט רוישנדיקע פליגלען, דער אָדלער פון טויט, פון חורבּן, פון פאַרצווייפלונג.

און תמיד, ווען איך דענק איבּער רוסלאַנד, איבּער דעם, ווי אַזוי דאָס איז געקומען—דערמאָן איך זיך אָן אַנ—סקיס אַלטער, מידער, איינגעהויקערטער פיגור אויף דער טריבּונע פון דער דומע; דערמאָן איך זיך אָן זיין טראַגישער בּורר־מיסיע און אָן זיין קלאַפּ אין טיש: „מאַכט אַ סוף, אָדער מיר וועלן מאַכן אַ סוף" !

# בעל־מחשבות.

נישט קיין אָפּשאַצונג. אפילו נישט קיין „בילד". עס איז נאָך צו פרי. עס קלינגט נאָך ווי אַ הספּד, און הספּדים פֿאַרפירן. דער הספּדסאָן צווינגט זיך אַרויף. ווילנדיק, נישט ווילנדיק.

אַן איינדרוק—וואָלט געווען דאָס ריכטיקע וואָרט. דער איינדרוק פֿון דעם טויט מענטשן, וואָס איך האָב אַזוי גוט געקענט—פֿון יאָרן און יאָרן. אַזוי גוט און אַזוי ווייניק, אַזוי נאָנט און אַזוי—ווי זאָל איך דאָס זאָגן — כמעט ווי ווילד־פרעמדע, ווי פּיינטלעכע, ווי היפּכים, און ווייל אַזוי ווידערשפּרוכספול איז ער געווען פֿאַר מיר תמיד—אינטערעסאַנט, צוציענדיק. און דאָס איז דאָך אַזוי זעלטן—ביי שרייבער.

שריפֿטשטעלער זענען דאָך — געוויינלעך — אומאינטערעסאַנטע מענטשן, און אָפֿט גראָד די בעסערע. פֿאַרשלאָסן אין זיך, פֿאַרריגלט. זייער וועלט טיף אין זיי. אַ רייכע וועלט, אַ שיינע, אַ פילפלאַכיקע, אָבער דערפֿאַר אויך שווער צו דערגרייכן צו איר. זייער אייגציקער שליסל—די פען. און זי סקריפּעט אויך אָפֿט — און זי עפֿנט אויך נישט תמיד די פֿאַרשלאָסנקייט.

זעלטן—זייער זעלטן פֿאַרייניקט זיך אין אַ שרייבער די קונסט פֿון שרייבן מיט דער קונסט פון רעדן. נישט פֿון דעם רעדן אויף דער טריבונע, פֿאַר דעם גרויסן עולם, ווו מען דאַרף זיין טעאַטראַליש, נאָר פֿון מענטש צו מענטש, אין אַ קרייז פון אייגענע, היימישע מענטשן; רעדן אַזוי, אַז דאָס געזאָגטע וואָרט זאָל זיין אַזוי שיין, ווי דאָס געשריבענע, און אָפֿט נאָך שענער, ווייל האַרציקער, ווייל וואַרעמער, אינדיווידועלער.

און צו אָט די זעלטענע האָט באַלאַנגט בעל־מחשבות. אַ שריפט־שטעלער, וואָס האָט געקאָנט רעדן. און רעדן אַזוי, ווי נאָר אַ ייד קאָן רעדן. עס איז דאָך אַן אַלט־יידישע קונסט: צונויפפירן אַ וואַנט מיט אַ וואַנט. עס איז, אַזוי צו זאָגן, אונדזער פּאַטענט. קיין שום פאָלק פון דער וועלט פאַרמאָגט נישט דעם טאַלאַנט. קאָן אים גאָרנישט האָבן, ווייל נאָר ביי יידן באַגעגענען זיך די ווייטסטע, די צעשיידנסטע קולטורן, באַגעגענען זיך אַלע מעגלעכקייטן און ניואַנסן.

קאָוונע—די ישיבה, מוסר־קולטור, רוסישע בילדונג, דייטשלאַנד, מעדיצין, אייראָפּייערטום, יידישער נאַציאָנאַליזם, ליטווישע חריפות און בערלינער וויץ, יידישער ביטול און ניטשעאַנישער, קאָפּ־שפּאַלטנדיקער ערנסט, סענטימענטאַליטעט און ראַציאָנאַליזם — ווו נאָך קאָנט איר עס געפינען אַ חוץ ביי אַ יידישן אינטעליגענט? און זעלטן, ווען צווישן די אינטעליגענטן האָט עמיצער אַזוי אָרגאַניש פאַרבונדן אין זיך דידאָזיקע אַלע היפּכים, ווי דר. עליאַשעוו־בעל־מחשבות.

איך זאָג—אינטעליגענטן, ווייל דאָס איז די הויפּטזאַך. איך ווייס נישט, צי בעל־מחשבות איז געווען „פון נאַטור אויס" אַ שרייבער. איך צווייפל. שרייבער זענען צום רוב — געטריבענע, נישט טרייבער. זיי מוזן שרייבן. דער שעפערישער אָדער אין זיי צווינגט זיי. שרייבן איז פאַר זיי אַ פונקציע. אַ שרייבער איז נישט קיין מיינונג־זאָגער, אַ שרייבער איז נישט קיין „פאַרשטייער". יעדער געבוירענער שרייבער שרייבט בלויז פון זיך. אָבער פון זיך, ווי ער שפּיגלט זיך אָפּ אין דער אַטמאָספערע אַרום אים. יעדער שרייבער איז אַ פּאָעט—אפילו ווען ער שרייבט נישט קיין לידער, אָדער ראָמאַנען, אפילו ווען ער איז נישט קיין „שאַפנדיקער", אויב ער איז אַ שרייבער.

בעל־מחשבות איז, דאַכט זיך מיר, נישט געווען קיין שרייבער פון נאַטורצוואַנג. ער איז געווען מער אַן אינטעליגענט, ד. ה. אַ קריטיש דענקענדיקער מענטש, וואָס האָט געטראַכט איבער זאַכן. געטראַכט — נישט געזען, פאַרשטאַנד—נישט אינטויציע.

און דערפאַר זיין קריטיק. דעריבער זיין קריטישע באַציונג צו דער וועלט, צו דער ליטעראַטור.

איך וווּנדער זיך אָפּט, פאַרוואָס קלייבט זיך אויס אַ מענטש דעם באַרוף פון אַ קריטיקער. וואָס נייטיקט אים צו זאָגן מיינונגען איבער אַנדערע? וואָס איז דער אינווייניקסטער אימפּולס? און ווען מען קוקט זיך צו נעענטער—זעט מען, אַז עס איז נישטאָ קיין איין אימפּולס. אַז די

מאָטיווו ביי פאַרשידענע קריטיקער זענען פאַרשידן. איינער איז פון נאַטור אויס אַ לערער, אַ מוסר־זאָגער. פאַר אים איז ליטעראַטור בלויז אַ שפיגל פון דער געזעלשאַפט. פאַר אַן אַנדערן איז דאָס אַ שפיל. ער האָט ליב צו שפּילן זיך מיט מענטשן, עס איז אַ ספאָרט. אַ דריטער איז אַ וואָרט־ליבהאָבער—און דאָס זענען צום רוב די קריטיקער פון פּאָעזיע. ווי גאָרקיס סאַטין, האָבן זיי גלאַט ליב שיינע ווערטער: „אָרגאַנאָן"—עס קלינגט פיין. און ווי פרויען, וואָס שפּילן זיך מיט פאַרביקע שטיינד־לעך־שפּילן זיי זיך מיט געפאַרבטע ווערטער.

און עס זענען פאַראַן אויך קריטיקער פון הערות. עס איז אַ גייסטרייכער לעזער, וואָס לייענט מיט אַ בלייַשטיפט אין דער האַנט און מאַכט באַמערקונגען אויפן ראַנד פון בוך. אָפט האָט די באַמערקונג נישט וואָס צו טאָן מיט דעם ענין. עס איז גלאַט אַן איינפאַל אַמאָל זייער אַ גוטער, אַמאָל אַ שוואַכער, אָפט אַ קאַפּריז, אַ שטימונג. עס איז אַ לעזער, וואָס רעדט וווּנדערבאַר וועגן ליטעראַטור, אָבער אַזוי גוט און שיין, אַז ער פאַרגעסט אַליין צו סוף, וואָס איז אייגנטלעך געווען די טעמע, און דער צוהערער פאַרגעסט אויך. דאָס בוך ווערט בלויז אַ שפּרינגברעטל פאַר דעם קריטישן לעזער.

און מיר דאַכט זיך, אַזאַ מין קריטיקער איז געווען בעל־מחשבות. דער בעסטער הערות־מאַכער, דער פיינסטער דעבאַטאַנט איבער ליטע־ראַטור. קונסט איז שווער, זייער שווער. איר עצם איז—איר נישט־דער־גרייכבאַרקייט. און רעדן איבער קונסט—איז נישט מער ווי רעדן אַרום איר און פאַרביי. אָבער דאָס אַרום און פאַרביי אַליין איז אינטערעסאַנט. עס איז נישט שעפעריש, עס ברענגט נישט אַריין קיין נייס. עס גיט נישט צו קיין איינציקן פינטעלע צו דעם, וואָס איז שוין דאָ—אָבער עס ברענגט דאָס געגעבענע אַריין אין אַ פאַרבינדונג מיט אַ וועלט פון געדאַנקען, וואָס האָבן גאָרנישט קיין שייכות צו אים.

די יידישע מעטאָדע, און בעל־מחשבות האָט זי באַהערשט ווי זעלטן אַן אַנדערער אויף דער יידישער גאַס.

* * *

נישט אַן אָפּשאַצונג? כלעבן, איך האָב עס נישט געוואָלט! אָבער אַזוי איז שוין דער גורל פון אַ שריפטשטעלער. צי מען וויל, צי

מען וויל נישט—אויף דעם וועג אָדער אויף אַן אַנדערן—קומט מען דאָך סוף כל סוף צו זיין ליטעראַרישער טעטיקייט און צו אָפּשאַצונגען. און צוריק גערעדט, וואָס בלייבט פון אַ מענטשן, אויב נישט אַ וואָרט? עס הענגט בלויז אָפּ פון דעם, ווי ווייט דאָס וואָרט טראָגט, ווי לאַנג עס קלינגט נאָך. און איך נעם זיך נישט אונטער צו שטעלן אַ פראַג־נאָז—אין פאַל פון בעל־מחשבות. ער—ער אַליין איז געווען אַ פעסימיסט אפילו אין דעם. ער אַליין האָט ווייניק געגלויבט אין דעם, וואָס מיר טוען, אין דעם, וואָס מיר שאַפן, מיר, אַלע מענטשן, און בפרט מיר, יידן. אַ מערקווירדיקע צעשפּאַלטונג—ווידעראַמאָל אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר דעם יידישן אינטעליגענט. אַ יידישער שרייבער, אַ ליבהאָבער פון דעם יידישן וואָרט און דער יידישער ליטעראַטור—און אין דער אייגע־נער צייט אַ לייקענער פון דער יידישער געגנוואַרט, אַן איבערצייג־טער ציוניסט, מיט אַלע קאָנסעקווענצן פון דעם ציוניזם—ד. ה. אַ פול־שטענדיקע באַנייונג פון דעם יידישן לעבן, אַ באַנייונג און נישט קיין המשך. אסימילירט־רוסיש, דייטש־אַסימילירט, און דאָך תמיד צוריקגע־קערט אין דער יידישער גאַס. אַ ניטשע־פאַרגאַפטער און אַ מענדעלע־פאַרערער, און דאָס אַלץ נישט גלאַט אַזוי, אויס מיספאַרשטענדעניש, אויס עקלעקטיציזם, אַ מין „שיטה מקובצת", נאָר מיט אַ באַוווסטזיני־קער אָנשטרענגונג אַריינצוברענגען אַ שטיקל סיסטעם אין די אַלע ווי־דערשפרוכן. און צו קלוג, צו פעסימיסטיש צו גלויבן, אַז עס איז אים געראָטן. שיער, שיער נישט קיין פאַרביטערטער—ווען נישט די איראָניע. זי האָט אים געראַטעוועט פון דעם ערגסטן, וואָס קאָן פאַסירן אַ גייס־טיקן אַרבעטער—ווערן ציניש צו דעם גייסט.

* *
*

אונדזער לעבן האָט אונדז אָפט צוזאַמענגעפירט. אין אייראָפּע, אין די צייטן פון איר גדולה, אין רוסלאַנד—אין די טראַגישע טעג פון איר ירידה. מיר זענען געזעסן אין פעטערבורג—אין דעם שרעקלעכן ווינטער נאָך דער באָלשעוויסטישער רעוואָלוציע—אין קעלט, אין הונגער, ווי אין אַ טורמע. אָפּגעשניטן פון דער גאַנצער וועלט— אַן אינזל אין אַ שטור־רעמדיקן ים. „עס וועט קיינמאָל נישט ווערן אַנדערש", — פלעגט מיר בעל־מחשבות „טרייסטן". און ער האָט מיר דערציילט אַ פאַנטאַזיע פון

דער צוקונפט. עס וועט קומען אַ צייט, ווען אַן אַלטער, אַלטער זיידע וועט זיצן אַרומגערינגלט מיט אייניקלעך און זיי דערציילן פון אַמאָליקע צייטן, ווי מען האָט אַמאָל געגעסן דריי מאָל אַ טאָג — און אפילו ווייס ברויט, געטרונקען טיי, ריכטיקע טיי, פון פּאַפּאָווס, אָדער וויסאָצקיס פירמע. ווינטער האָט מען געטראָגן אַ פעלץ און קאַלאָשן. עס פלעגן שטיין אויף די גאַסן איזוואָשטשיקעס און פאַר אַ פערטעלע האָט מען געקאָנט פאָרן פון דעם ניקאָלייעווסקי וואָקזאַל ביז וואַסיליעווסקי אָסט-ראָוו. און עס איז געווען אַ צייט, ווען מענטשן האָבן נישט געפירט קיין מלחמה — עס איז געווען שלום און אָרדענונג אויף דער וועלט. דער זיידע האָט דערציילט און די אייניקלעך האָבן געהערט, ווי מען הערט די מעשיות וועגן אַ וואָלף און אַ פויפסט. זיי האָבן נישט גע-גלויבט, אָבער עס האָט זיי הנאה געטאָן.

אָבער אָט איז דער זיידע אין זיין פאַנטאַסטישער באַשרייבונג דערגאַנגען ביז צום אַבסורד. ער האָט דערציילט, אַז „אַמאָל" פלעגן אַרויסגיין צוויי מאָל אַ טאָג צייטונגען, מענטשן פלעגן לייענען ביכער, שרייבן ביכער, ליב האָבן שיינקייט, קונסט, זיך באַרוישן ביים קלאַנג פון אַ וואָרט, פאַרגאַפט ווערן פון אַ בילד פון אַ מאָלער, דערציטערט ווערן ביים קלאַנג פון אַ פּיאַנאָ-שפּיל.

די קינדער האָבן זיך איבערגעקוקט איינער צום צווייטן און זיך צעלאַכט: „זיידע, דו פאַרגייסט שוין צו ווייט — אַזוי קליין זענען מיר נישט, אַז מען זאָל קאָנען דערציילן אַזעלכע ליגענס".

און דער זיידע האָט זיך פאַרשעמט. עס האָט זיך אים אַליין שוין אָנגעהייבן אויסוויזן, אַז עס איז אַ ליגן, אַז עס איז נאָך קיינ-מאָל נישט געווען אַזאַ צייט, ווען מענטשן האָבן נאָך ליב געהאַט שיינ-קייט און קונסט און געדאַנקען — ווען מענטשן האָבן נאָך געהאַט אַ תּאווה צו ליטעראַטור.

אַזאַ בילד האָט זיך אויסגעמאָלט בעל-מחשבות. אַ שוואַרץ בילד, אָן אַ ליכטשטראַל, אָן פּערספּעקטיוון. און ער האָט געוווסט, אַז זיין וועלט איז אונטערגעגאַנגען. זיין וועלט — די וועלט פון אַ גוטן איירא-פּייער און פון אַ יידישן אינטעליגענט.

און ער האָט קוים-קוים דערצויגן דאָס לעבן. ער איז געווען צו מיד און צו קראַנק, כדי זיך אַריינצופּאַסן אין דער נייער וועלט.

און ווער קאָן עס? נאָר שאַפער, אָדער ברוטאַלע קעמפער האָבן נאָך אַ פּלאַץ אין איר — דערווייל. פאַר דעם „געניסער", פאַר דעם

„מבין" זענען אַלע װעגן פֿאַרמאַכט. אַלע, אַחוץ דעם לעצטן. אײנער פֿריער, אײנער שפּעטער—די מבינים פֿון אונדזער דור, זײ גײען אַראָפּ פֿון דער בינע. באַלד, באַלד—װעט מען נישט פֿאַרשטײן אפֿילו זײערע װעגן—װו זײ האָבן געפֿירט און פֿונװאַנען.

בערלין—מיט פֿופֿצן יאָר צוריק. קאַפֿע דעס װעסטענס. אַ פּליוש־סאָפֿע אין אַ װינקל. אויף דעם בענקל לעבן דעם קײלעכדיקן טיש אַ באַרג מיט צײטונגען און זשורנאַלן—פֿון דער גאַנצער װעלט. אַלבערט דער קעלנער האָט געקענט יעדן גאַסט און געװוּסט, װאָס יעדער לײענט. אויף שרײבגעצײג איז געשטאַנען אָנגעגרײט. דער װינקל אין דעם קאַפֿע איז געװען אויך אַן אַרבעטסצימער.

אָבער די צײטונגען זענען געלעגן אויסגעלײגט—דער שרײבגעצײג איז געשטאַנען אומבאַנוצט.

אַ װיכטיקערע אַרבעט איז געװען פֿאַר מיר. איך בין געזעסן מיט אַ פֿרײנט און האָב געשמועסט. אַ זעלטענער פֿרײנט. מיר פֿלעגן זיך טרעפֿן מיט אים בלויז פֿון צײט צו צײט — אין אינטערװאַלן. נישט בלויז װײל ער פֿלעגט פֿלוצלונג פֿאַרשװינדן אויף גאַנצע חדשים, אַװעק־פֿאָרן פֿון בערלין, פֿון דײטשלאַנד, פֿאַרשװינדן קײן װאַרשע און נישט לאָזן אפֿילו פֿון זיך הערן. אפֿילו זײענדיק אין בערלין, פֿלעגט אָפֿט אויף אים אָנקומען אַ מערקװירדיקע שטימונג, אַ קאַפּריז, און ער פֿלעגט זיך דערװײטערן, געװאָרן מיטאַמאָל אַזוי קאַלט, פֿרעמד, איראָניש און— בײז. זײן דאַר פּנים איז געװאָרן געלבלעך, אַרום דעם מויל האָבן זיך געװיזן אַ פּאָר ביטערע קנײטשן. און מיר פֿלעגן פֿאַרבײגײן אײנער דעם צװײטן—מיט אַ קילן גרוס. אָבער אָט איז פֿאַרבײ דער קאַפּריז, די שטימונג האָט זיך געביטן—דאָס פּנים האָט באַקומען פֿאַרב, די ליניע אַרום די ליפּן האָט באַקומען אַ נײע, אַן אָנגענעמע קרימונג — און מיר זענען װידער געװאָרן חברים, פֿרײנט, — אַזוי װי ער פֿלעגט זיך אויסדריקן—קולטור־גענאָסן.

װאָרים אויף װערטער שמידן איז ער געװען אַ מײסטער. און געדאַנקען זענען געפֿלויגן אַרום דעם טיש — געדאַנקען געשליפֿן און פּאָלירט, געטאָקט און אויסגעטראָגן.

און אויך דערויף איז ער געווען אַ מייסטער. נישט אומזיסט האָט ער געטראָגן דעם נאָמען: דער מענטש פון געדאַנקען — בעל־מחשבות.

אַ נאָמען — אַ סימבאָל.

מיר זענען געזעסן און געפּלוידערט — ד. ה. הויפּטזעכלעך האָט גערעדט בעל־מחשבות. איך האָב בלויז, פון צייט צו צייט, אַריינגעשטעלט אַ וואָרט, אַ באַמערקונג, אַ רעפּליק. איך האָב עס דאָך שוין לאַנג באַמערקט, אַז איך ווער אַ ביסל בטול, ווען איך קום זיך צונויף מיט אַן אמת יידישן אינטעליגענט. ער איז צו גיך פאַר מיר, צו שאַרף. איך קאָן אָפט נישט נאָכפאָלגן דעם געדאַנקענגאַנג, עס איז מיר שווער צוהאַלטן שריט. בילדער נאָך בילדער, בליץ נאָך בליץ. די גאַנצע אייראָפּיישע קולטור אין אַן אָריגינעלן סינטעז.

און מיר דאַכט זיך אָפט אויס, אַז דאָס, וואָס איבעראַשט מיך אַזוי, איז דער יידישער וועג פון סינטעטיזם, נישט קיין פאַרטיקער פּראָדוקט, נאָר אַ פּראָצעס. די לאַבאָראַטאָריע אַרבעט פאַר אייערע אויגן — און אַרבעט מיט אַזאַ שנעלקייט, אַז דאָס אויג קאָן קוים נאָכפאָלגן, דער מוח קאָן מיט מי נאָכהאַלטן.

בעל־מחשבות איז נאָר וואָס געקומען פון ווארשע. עס האָט זיך אים ווידער פאַרבענקט קיין אייראָפּע, זיך פאַרוואָלט נאָכאַמאָל איינטונקען אין דעם גרויסן ים.

און מיר האָבן גערעדט איבער דער אייביקער טעמע: יידנטום און וועלט, יידישע קולטור, איר צוקונפט, איר ווערט, איר שטעלונג און איר אינהאַלט.

עס איז געווען צווישן אונדז אַ מערקווירדיקע באַציונג. איך בין געשטאַנען „פון דרויסן", ער איז געווען „אינעווייניק". איך בין געווען אַ זייטיקער באַאָבזיכטער און דאָס אויך פונדערווייטנס — ער, איינער פון די, וואָס שאַפן אַליין די יידישע קולטור. ער פלעגט עס מיר תמיד פאַריבל נעמען.

עס איז געווען אַ מין חשד־באַציונג. „איר ווילט נישט — עס פּאַסט אייך נישט? עס ציט אייך צו דער ווייטער וועלט? איר מיינט באמת, אַז ווען מען איז אין אַ גרויס וואַסער, איז מען שוין אַ גרויסער פיש? עס איז גאָרנישט אַזאַ גרויסע מעלה. פאָרעלן לעבן אין קליינע וואַסערן".

מיר האָבן זיך דאָסמאָל אויך אַריבערגערעדט צו דער טעמע, פון

איין פראַגע צו דער צווייטער, פון ניי־ליטעראַרישע דערשיינונגען, פון די „לעצטע ווערטער״ צו די „לעצטע ווערטער״—און פאַר בעל־מחשבות און אויך פאַר מיר איז דאָס „לעצטע וואָרט״ פּאָרט געווען—דאָס רע־טענישדיקע יידישע איך.

ער האָט מיר דערציילט פון וואַרשע, פון דעם ליטעראַרישן לעבן, פון די נייע טאַלאַנטן, וואָס הייבן זיך אָן צו אַנטוויקלען ביי יידן, פון דעם נייעם שווונג. גערעדט, דערהיצט זיך—אָבער פלוצלונג האָט זיך זיין טאָן געביטן: ביטערקייט, טרויעריקייט, פאַרטראַכטקייט. איך בין געווען געווינט צו אַזעלכע שטימונגסענדערונגען. איך האָב אפילו נישט געפרעגט. איך האָב שוין געוווּסט פון דערפאַרונג: עס קומט שוין פון זיך, די נייע שטימונג וועט שוין געפינען איר אויסדרוק. און, ווירקלעך. „נו, שיין, ווי גוט האָט איר עס דאָ?״—האָט זיך אַרויסגעריסן ביי אים. „ווען איך וואָלט געקאָנט אַזוי לעבן—פריי״.

און ער האָט מיר אָנגעהייבן צו קלאָגן זיך. וואַרשע, רוסלאַנד, יידישע גאַס. ענגקייט, שמאלע האָריזאָנטן, אַ לעבן, וואָס איז בלויז אָריענטירט אויף דעם מאָרגן, אָדער אויף דעם נעכטן, ווו דער היינט פעלט. אַ לעבן אָן דעם לעצטן פאַוסטישן מאָטיוו—דער ליבע צו דעם, וואָס א י ז. מינכען, בערלין, דרעזדען, ווין—דייטשע קולטור, אייראָפּע, ווי שיין, ווי גרינג, ווי זעלבסטפאַרשטענדלעך! דאָרט—פון יענער זייט ברענעץ, שווערקייט. פאַרקנייטשטקייט, פאַרוואָרצלטקייט—יאָ, אָבער די וואָרצלען זענען ערגעץ טיף, טיף. שווער זיך צו זיי צו דערגראָבן. און פאָרמלאָזיקייט.

איך געדענק נישט מער אַקוראַט, וואָס מיר האָבן געזאָגט איינער דעם אַנדערן. אָבער איינס געדענק איך. עס איז שוין געווען זייער שפּעט און מיר האָבן זיך שוין געגרייט צו גיין. און פאַר דעם אַוועקגיין האָב איך אים געזאָגט: „וואָס דאַרפט איר צוריקפאָרן קיין וואַרשע? בלייבט דאָ. לאָמיר ביידע אינאיינעם פאָרן קיין ווערסאַל. לאָמיר דאָרט לערנען די קונסט פון שערן — פון גראַציע, פון דער לעבעדיקער ליניע״. און בעל־מחשבות האָט מיר געענטפערט: „עס איז אפשר אַ פּלאַן, אָבער מען טאָר נישט. אויב לערנען זיך שערן—איז אויף דער אייגענער באָרד. מיר האָבן אין וואַרשע דאָך אויך אַ ווערסאַל־אַרבעט, און ווייטער, ווער זאָגט עס דען, אַז ווערסאַל איז דאָס לעצטע וואָרט? אפשר איז דער בעלאָוועזשער וואַלד וויכטיקער?״

* *
*

צען יאָר שפּעטער. אַווינטעראָוונט אין פּעטראָגראַד. וואַסיליעווסקי אָסטראָוו—אַכטע ליניע. די גאַסן פאַרשנייט. אַ קאַלטער, ביטערער פּעטערבורגער אָוונט. שטיל אויף דער גאַס. אַלע טויערן צוגעשלאָסן — פאַרקלאַפּט די פאַראַדנע אַריינגאַנגען. עס איז געווען אין די ערשטע פּאָר חדשים נאָך דער באָלשעוויסטישער רעוואָלוציע. די שטאָט, ווי אין אַ באַלאַגערונגסצושטאַנד, און די מענטשן, ווי אין טראַנשייען. עס איז מיר נמאס געוואָרן צו זיצן ביי זיך אין הויז, — עס האָט זיך פאַרגלוסט צו זען אַ מענטשן, אַ נאָענטן אין גייסט, אין אינטערעסן. און נאָך אַ סיבה: איך האָב געהאַט אַ חשד, אַז די נאַכט וועט זיין אַן „אָביסק" ביי מיר אין הויז. צי ביי מיר, צי ביי אַ שכן — קיינער האָט נישט געוווסט אַקוראַט—אָבער עס האָט זיך געטראָגן אַ קלאַנג. און איך האָב באַשלאָסן זיך צו דערווייטערן אויף אַ נאַכט פון מיין וווינונג. און דער ערשטער געדאַנק איז געווען: גיין צו עליאַשעוון. ער איז געווען אַזוי דורך און דורך אומפּאָליטיש, אַז עס וואָלט קיינעם נישט איינגעפאַלן צו שטערן אים—אין זיין רו. און דערצו—אַ דאָקטאָר.

קוים זיך דערשלעפּט אין טראַמוואַי צו עליאַשעווס וווינונג. דער „דוואָרניק" האָט מיך לכתחילה נישט געוואָלט אַריינלאָזן — געעפנט אַ פענסטערל אין טויער און געפרעגט: צו וועמען? און צוגעגעבן אַ שטיקל מוסר: „היינטיקן צייטן שלעפּט מען זיך נישט אַרום ביינאַכט".

אָבער ווידעראַמאָל—אַ דאָקטאָר. און איך האָב אים געשוואָרן מיט אַלע הייליקע פון אַלע קאַלענדאַרן, אַז איך בין אַ חולה מסוכן, און מוז זען איסידאָר זאַכאַריעוויטשן—(אַזוי האָט עליאַשעוו געהייסן ביים דוואָריק), אָדער איך שטאַרב מיט אַ יונגן טויט.

נאַריינגעלאָזט. און מיטאַמאָל איז געוואָרן ליכטיק און וואַרעם. טיי מיט פּלעצעלעך און האָניק—די אַלטע רוסישע דינסט האָט אַוועקגעשטעלט אויפן טיש אין דעם קאַבינעט דאָס שענסטע און בעסטע אין הויז. און עס איז געוואָרן יום-טובדיק. פאַר אונדז אַ גאַנצער אָוונט. ביכער, די דערוואַרטונג פון אַ פיינעם געשפּרעך, ווייכע שטולן, אַ גוטע סאָפע.

עליאַשעוו האָט זיך געריבן די הענט פון פאַרגעניגן. עס האָט אים אויך הנאה געטאָן. ער איז דאָך אויך געווען אַן איינזאַמער אין

דער גרויסער, קאַלטער, משוגע געוואָרענער שטאָט.

פון טאָג-טעמעס צו אַלגעמיינע פראַגן, צו ערינערונגען, צו אינטימע אויסגוסן.

און צוביסלעכווייז דערגאַנגען ביז צו ליטעראַטור, ביז צו אים אַליין.

„זאָגט מיר אויפריכטיק, וואָס דענקט איר פון מיר, פון מיר אַלס שריפטשטעלער?" — פרעגט מיך פלוצלונג עליאשעוו. אַ פאַרלעגנהייטס-פויזע. נישט דערפאַר, וואָס עס איז אַזוי שווער געווען צו ענטפערן, נאָר ווייל עס איז מיר — און איך גלויב, אַז יעדן — פיינלעך צו רעדן פון אַ צווייטן. וויוויסעקציע איז בכלל נישט קיין זייער אַנגענעמע באַשעפטיקונג, בפרט נאָך אויף אַ פריינט און אַ קאָלעגע.

ער האָט דערזען מיין פאַרלעגנהייט. „מיינט נישט, אַז איך פרעג אייך מבינות — אַזוי נאַיוו בין איך נישט און אויך נישט אַזוי יונג. איך מיין בכלל — וואָס האַלט איר פון דעם זשאַנר. איר זייט דאָך אַ ביסל פון פאַך".

איך האָב גוט געוווסט, אַז זיין „אַ ביסל" איז נישט קיין איראָניע. ער האָט עס טאַקע געמיינט. און איך האָב אויף אים קיין פאַריבל נישט געהאַט. איך פלעג נאָך דעמאָלט באַטראַכטן די זשורנאַליסטיק פאַר אַ צייטווייליקייט, פאַר אַ מדרגה צו עפּעס אַנדערש, און בפרט אין רוסלאַנד — ווען דאָס „עפּעס אַנדערש" האָט זיך געהאַט אָנגעהייבן צו קריסטאַליזירן.

איך וויל דאָ נישט איבערגעבן דעם לאַנגן, האַרציקן, פון מענטש-צו-מענטש-געשפּרעך אָט דעמדאָזיקן ווינטעראָוונט אין דעם שטילן קאַבינעט.

אָבער איינס קאָן איך זאָגן, — ווען מיר זענען זיך צעגאַנגען דעם נעקסטן מאָרגן, איז בעל-מחשבות פאַר מיר געוואָרן אַן אַנדערער. דאָס פריערדיקע בילד, וואָס איך האָב געהאַט פון אים, דאָס בילד פון אַן אומרויקן, אייבדרוקן-הונגעריקן, פעליעטאָניזירנדיקן ליטעראַרישן „דענדי" איז פאַרשוווּנדן. איך האָב דערזען אַן אַנדער מענטשן — אַ קעמפער מיט זיך אַליין, קעגן זיך אַליין, אַ מענטשן, וואָס האָט געטראַכט טיפער, ווי ער האָט געשריבן, און געהאַט רעספּעקט פאַר דענקען. דער פּסעוודאָנים איז אַ נאָמען אַ צוגעפּאַסטער.

און איך האָב געטראַכט: אָט וועט באַלד פאַרבייגיין דער שטורעם, אָט וועט דאָס לעבן ווידער זיך צוריקקערן אין זיינע ברעגן. און בעל-

מחשבות, דער אויסגעוואַקסענער, דער רייף געוואָרענער וועט זיך ווייזן פון זיין בייער זייט. מיר האָבן דאָך אַזוי ווייניק מענטשן, וואָס טראָגן אין זיך געדאַנקען. מיר זענען דאָך אַזוי אָרעם אין פערזענלעכקייטן!

אָבער עס האָט נישט געוואָלט זיין. דער שוואַכער גוף פון בעל-מחשבות האָט נישט געקאָנט איבערטראָגן דעם שטורעם. דער בוים איז געבראָכן געוואָרן, איידער ער האָט אונדז געגעבן זיין רייפסטע פרוכט.

און איך זיץ ווידער — אין אַ ווינטעראָוונט און רעד מיט בעל-מחשבות. שרייבנדיק — דערמאָנענדיק זיך — זע איך אים, ווי לעבעדיקער-הייט. און זע זיין שמייכל.

באַרג-אַראָפּ, האַ? „סיעוואָדניא יאַ, אַ זאַוטראַ טי" — ? און עס רעדט זיך נישט ווייטער. נאַכט — עס ווערט שפּעט. שפּעט — דאָס לעבן פאַרקלינגט. דער דור רייסט זיך, איין סטרונע נאָך דער צווייטער. זיל-בערנע סטרונעס!

# דוד פרישמאַן.

צווישן דעם „אַרמיאַנסקי פּערעאולאָק“ און דער „באָלשאַיאַ באַסמאַנאַיאַ“—איז אָנגעגאַנגען אַ שטילע מלחמה. צוויי מאָסקווער גאַסן—אין דהאַרצן פון דער אַלטער טיף־רוסישער שטאָט, אָבער אויך צוויי צענטערס פון—העברעישער קולטור. העברעישער—נישט סתם־יידישער.

ווי אַזוי דאָס איז געקומען, אַז גראָד אין מאָסקווע זאָל ווערן אַן העברעישער צענטער, אַז דאָרט—צווישן די פּערציק מאָל פּערציק קלויסטערס—זאָל געפינען פאַר זיך אַ מקום מנוחה דער „העברעישער רענעסאַנס“—איז אַ קאַפּיטל פאַר זיך. דאָס איז איינס פון די משונה־דיקייטן און די נסים פון דעם רוסישן לעבן. עס זענען דאָ אַ סך קשיות אויף מאָסקווע, און יעדע קשיה מוז מען פאַרענטפערן מיט אַ „תּיקות“—ווען אליהו הנביא וועט קומען, וועלן אפשר די קשיות פאַרענטפערט ווערן.

אָבער דערווייל איז דאָס געווען אַזוי. די ביידע העברעישע צענטערס האָבן צווישן זיך געפירט אַ מלחמה. שטיל, קוים וואָס מען האָט זי געמערקט, אָבער פאָרט די מלחמה צווישן דעם גלויביקן און דעם אפּיקורוס, צווישן דעם ענטוזיאַסט און דעם סקעפּטיקער, אויב נישט גאָר ציניקער. אין דעם אַרמיאַנסקי פּערעאולאָק זענען געזעסן—אין די יאָרן 1918—1920—די „תּרבות“־מענטשן, די העברעיסטן, די כּהנים פון דעם „העברעישן רענעסאַנס“; און אויף דער באָלשאַיאַ באַסמאַנאַיאַ איז געזעסן דוד פרישמאַן און—רעדאַקטירט די „התקופה“.

די צוויי גרופּעס האָבן זיך ווייניק אָנגעקערט אײנע מיט דער צווייטער. די תרבותניקעס האָבן געקוקט מיט חשד און אומרו אויף פרישמאַנען; און פרישמאַן האָט געקוקט מיט איראָניע, אָפּט מיט אַ בייזער, אויף דעם „תרבות״.

איך רוף אים—דוד פרישמאַנען—אָן אַ „גרופּע״, ווייל דאָס איז ער געווען. אַ גרופּע פאַר זיך, אַ דערשיינונג פאַר זיך, איינער אַליין, און קיינער נישט מיט אים. אַ מערקווירדיקע פּערזענלעכקייט צווישן זעלבסטפאַרשטענדלעכע, צוועלף-אויף-אַ-טוצנדיקע מענטשן.

מערקווירדיק, און—פאַר מיר—תמיד אַ פראַגעצייכן.

איך קאָן פאַרשטיין דעם „תרבות״, איך קאָן פאַרשטיין די „העברעער״ זיי גייען אַרום און—רעדן העברעיש. זייער לעבנסציל איז—שפּראַך. זיי חלומען פון ווערטער, פון שרשים, פון דקדוק. די גאַנצע יידישע געשיכטע שפּיגלט זיך אָפּ ביי זיי—אַלס די געשיכטע פון דער העברעישער שפּראַך. און די צוקונפט פון די יידן—איז פאַר זיי די צוקונפט פון העברעיש. יידן, יידנטום, אַט די אומפאַרשטענדלעכע, טראַגישע דערשיינונג, אָט דער רעטעניש פון דער וועלט—פאַר זיי איז דאָס בלויז אַ מין צוגאָב צו דער העברעישער שפּראַך.

מילא—עס איז אָפּט קוריאָז, אַמאָל פּסיכאָלאָגיש פאַרשטענדלעך. אַמאָל—ווען מען קוקט זיך איין אין די מענטשן, ווען מען טראַכט זיך אַריין אין זייער פאַרגאַנגענהייט, אין זייער דערציונג און אין זייער סביבה.

אָבער פרישמאַן? יעדעס מאָל, ווען עס פלעגט מיר ווערן לאַנגווייליק אין מאָסקווע, לאַנגווייליק פון דעם באָלשעוויזם, פון דער פּאָליטיק, פון דעם קלאָגן אויף דעם חורבן פון רוסלאַנד און פון אויסרעכענען, ווען וועט שוין קומען די „באַפרייונג״—און אַזאַ לאַנגוויילהאָב איך געפילט זייער אָפּט כמעט צוויי מאָל אַ טאָג—פלעג איך אַרויפקלעטערן אויף דעם טראַמוויי, זיך אַריינשפּאַרן מיט מסירת נפש אין דעם וואַגאָן און צופאָרן אויף דער באָלשאַיאַ באַסמאַנאַיאַ צו דוד פרישמאַן. ער איז פאָרט געווען דער איינציקער מענטש אין מאָסקווע, וואָס איז נישט געווען לאַנגווייליק, דער איינציקער, וואָס האָט געקאָנט שמייכלען איבער אַלצדינג, איינער פון די ווייניקע, וואָס האָט נישט פאַרלוירן קיין באַציונג צו קונסט, ליטעראַטור, צו דעם העכערן קינסטלעריש-געפאָרמטן לעבן.

תמיד עלעגאַנט, תמיד מיט אַ דיקן ציגאַר אין מויל, אַ שמייכל

צווישן די געדיכטע, שוואַרצע—אָדער שוואַרץ געפאַרבטע?—וואָנסן אונטער די ברילן—אַ פרעגנדיקער, פאָרשנדיקער, אומרויקער און ליידנדיקער בליק. „אַך, איך האַבע הויטע זאָ פיל צו אַרבייטען — איך בין איינפאַך איבערבירדעט״.—דאָס איז געווען געוויינלעך זיין באַגריסונג. איך ווייס, נישט פאַרוואָס, אָבער ער פלעגט רעדן מיט מיר כמעט תמיד דייטש. אפשר איז דאָס געווען אַ פּאָזע, אָדער אפשר—אַ נויטווענדיקייט. אפשר האָט ער זיך פשוט געוואָלט אָפּרוען פון זיין גאַנצער גייסטיקער סביבה און פילן זיך—אויף אַ ווייל—אַ מאָדערנער, דורכאויס אייראָפּעישער מענטש; אפשר האָט ער אויף אַ מינוט געוואָלט פאַרגעסן, אַז ער איז אַ ייד און זיצט אין מאָסקווע און שרייבט פאַר שטיבלס פאַרלאַג אויף העברעיש!

און כדי צו פאַרשטאַרקן זיינע ווערטער, פלעגט ער מיר אָנווייזן אויף אַ גאַנצן פּאַק מאַנוסקריפּטן און קאָרעקטורען, וואָס ער דאַרף איבערלייענען, קאָרעגירן, דורכקוקן! „די לייטע קענען דאָך ניט העברעיש שרייבען״—האָט ער זיך געקלאָגט.

אָבער דאָס האָט אים נישט אָבגעהאַלטן אָפּצוזיצן אַזוי אַ שעה פיר-פינף און רעדן, רעדן, און פרייען זיך דערמיט, וואָס ער האָט אַ תירוץ נישט צו לייענען די מאַנוסקריפּטן און נישט צו קאָרעגירן דעם דקדוק פון די העברעישע שרייבער. און יעדעס מאָל פלעג איך אַוועקגיין פון אים מיט אַ פאַרוואונדערונג: ווי קומט ער צו העברעיש? פאַרוואָס איז ער, אָט דער אייראָפּייער, אָט דער פיינט פון אַלצדינג, וואָס איז אַלט, וואָס איז אָפּגעלעבט, אָט דער אַנטימיסטיקער, אָט דער קאָסמאָפּאָליט—פאַרוואָס איז ער זיין גאַנץ לעבן געווען אַ העברעישער שרייבער?

מען דיסקוטירט אין דער יידישער וועלט זייער אָפט, זייער ביטער די שפּראַך-פראַגע. היינט ווייניקער ביטער ווי אַמאָל, אָבער עס איז נאָך אַלץ דאָ אַ מין שנאה צווישן די העברעיסטן און די יידישיסטן. יעדער קוקט אויף דעם אַנדערן פון אויבן אַראָפּ, בפרט דער העברעיסט. „יידיש! אויך אַ שפּראַך! די שפּראַך פון גלות, די שפּראַך פון מאַרק. אָן טראַדיציע, אָן שיינקייט, אָן האַרמאָניע! דייטש, העברעיש, סלאַוויש, דורכגעמישט, דורכגעוואָרפן ווי אַ שאַף מיט אַלטע קליידער. העברעיש—דאָס איז די עלטסטע קולטורשפּראַך, די שפּראַך, וואָס האָט אַ המשך, אַן אייגענע פאָרם, איר אינדיווידועלן כאַראַקטער, איר ריטם! העברעיש—הייסט קולטור!״

גוט. איך וויל נישט אַריינדרינגען אין דער פראַגע גופא. אָבער

איינס איז מיר—אַלס שרײַפֿטשטעלער—נישט גאַנץ פֿאַרשטענדלעך: ווי קאָן מען שרײַבן העברעיש פֿון דער נשמה אַרויס, שרײַבן אַזוי, אַז עס זאָל זיך אָפּשפּיגלען די גאַנצע פּערזענלעכקייט, מיט אירע קאַפּריזן, מיט אירע שטימונגען? אַ פּובליציסט, אַ וויסנשאַפֿטלער, אַ דענקער, מילא. וויסנשאַפֿט קאָן מען שרײַבן אויף יעדער שפּראַך, און דער וויסנשאַפֿטלעכער סטיל אין העברעיש געהערט אפֿשר צו די בעסטע פֿון אַלע שפּראַכן.

אָבער שטימונגסליטעראַטור? אָבער דאָרט, ווו דער מענטש רעדט אויס זײַן האַרץ פֿאַר דעם צווייטן, זינגט זיך אויס, וויינט זיך אויס, שמייכלט, טרויערט, פֿרייט זיך, ווי איז דאָס מעגלעך? און ווי קאָן מען שרײַבן אַ פֿעליעטאָן—אַ פֿעליעטאָן ווי פֿרישמאַן פֿלעגט שרײַבן — אויף העברעיש? דווקא דער פֿעליעטאָן, דאָס איז דאָך די ברייטסטע אַרט פֿון שרײַבן, די אומגעבונדנסטע. עס איז דאָס שרײַבן איבער זאַכן, וואָס קומען און פֿאַרגייען, עס איז אַ שפּיגלען זיך אין דער וועלט און אָפּשפּיגלען זי אין זיך. אין זיך, אין די ווערטער, אין דעם קלאַנג און ריטם. יעדער טאָג, יעדע וואָך ניי, גלייך ווי זי וואָלט געווען פֿריש און שפּאָגלניי. דאָס איז די קונסט פֿון דעם פֿעליעטאָניסט: צו ווייזן די אַלטע וועלט אין איר אייביקער באַנייונג.

ווי קאָן מען דעמדאָזיקן רייכטום אַרײַנשפּאַרן אין די אַלטע פֿאָרמען פֿון העברעיש? ווי קאָן מען די סוביעקטיווסטע, פּערזענלעכסטע איבערלעבונגען, די פֿיינע ניואַנסן אויסדריקן אין ווערטער, וואָס לעבן בלויז אין ווערטערבוך?

אָט איז ער געזעסן מיט מיר, דער גייסטרייכער, פֿונקענדיקער מענטש, און האָט גערעדט, דערציילט, געוויצלט זיך, געשמידט גלייכווערטלעך, אַפֿאָריזמען. אָט איז ער געווען אַ מענטש פֿון זײַן צײַט, צונויפֿגעגאָסן מיט איר, מיט דער גאַס, מיט דעם לעבן, מיט רוסלאַנד, מיט אייראָפּע,—און זעצט ער זיך שרײַבן, דאַרף ער צוריקשרויפֿן זײַן מוח, איבערזעצן זיך אַליין אין העברעיש. צווינגען זיך צו טראַכטן אַנדערש, אין אַ שפּראַך, וואָס ער רעדט נישט. קאָן מען דען איבערזעצן זיך אַליין? „דער איבערזעצער איז אַ פֿאַררעטער"—זאָגט דער איטאַליענער. און ווען מען איבערזעצט זיך אַליין, פֿאַרראַט מען זיך נישט? איז דאָס, וואָס פֿרישמאַן האָט געשריבן אין זײַנע פֿעליעטאָנען, געווען דאָס, וואָס פֿרישמאַן האָט געוואָלט, האָט באַדאַרפֿט שרײַבן? די שפּראַך האָט געהערשט איבער אים, נישט ער איבער דער שפּראַך. אויף העברעיש קאָן

מען נישט טאַנצן קיין טאַנגאָ. אויף העברעיש קאָן מען נישט שפּילן קיין דזשעז. העברעיש פאַרטראָגט נישט קיין קאַזלקעס. העברעיש האָט נישט קיין „אונטערערדישע וועלט", קיין „גנבים־שפּראַך", קיין גאַסן־זשאַרגאָן, קיין קינדער־שפּראַך, קיין מיידל־שפּראַך. אַלצדינג איז איין טאָן, תמיד אײן שטייגער. אָדער די פּאַטעטישע ליידנשאַפט־לעכע און וואָרט־אָרעמע נביאים־שפּראַך, אָדער דער האַלב־אַראַמעיש פון דעם תלמוד. און דאָס איז דאָך די קונסט פון דעם שרייבער: אַרויסצעגראָבן אַלע ווערטער פון זייערע באַהעלטענישן, באַשטראַלן מיט חן און שיינקייט דאָס וווּלגאַרע און באַגיסן מיט דעם קאַלטן וואַסער פון איראָניע דאָס—פּאַטעטישע.

קאָן מען דאָס אויף העברעיש? איך בין נישט מסופק, אַז אין פּאַלעסטינע וועט מען דאָס אַמאָל קאָנען. פאַרוואָס נישט? עס וועט זיין אַן אַנדער העברעיש, ווי מיר האָבן אים היינט, עס וועט זיין אַ מזרח־שפּראַך, מיט דעם גליענדיקן, הייסן ווייס פון דעם אָריענט, אַ העברעיש מיט אַן אַראַבישן הינטערגרונט. עס קאָן זיין. אָבער היינט, אָבער אין וואַרשע און אין מאָסקווע, ווו דער הינטערגרונט איז פּוי־ליש, רוסיש, דייטש אָדער—יידיש?

און איך האָב קיינמאָל נישט געקאָנט פאַרשטיין, פאַרוואָס פריש־מאַן האָט געשריבן העברעיש. איך האָב מורא, אַז ער אַליין האָט עס אויך נישט געקענט פאַרשטיין. ער איז נישט געווען קיין הייסער יידישער נאַציאָנאַליסט, נישט קיין פאַנאַטיקער פון יידנטום און פון דער יידישער ירושה. זיינע אינטערעסן זענען תמיד געווען — ריין מענטשלעכע, איבערנאַציאָנאַלע, אינטערנאַציאָנאַלע. די פּראָזע, אַלס אַזעלכע, איז אים געווען פאַרהאַסט. די פּראָזע אין פאַרשידענע פאָרמען—צי דאָס איז די רוסישע, גאָטזוכערישע דאָסטאָיעווסקי־פּראָ־זע, צי דאָס איז די דייטשע פילאָזאָפישע פּראָזע, צי דאָס איז די יידישע נאַציאָנאַל־אָריענטאַלישע. ער האָט נישט תמיד געהאַט דעם מוט צו זאָגן זיין אמת ביז צום סוף. אָבער — האָט ער געהאַט דעם מוט דורכצודענקען אים ביז צום סוף? ער איז דאָך געווען גע־בונדן. און געבונדן דורך זיין אינערציע, דורך זיין פּאַסיוויטעט דורך אַ צופאַל—דורך דער סביבה—איז ער געוואָרן אַ העברעישער שרייבער, און דורך פּאַסיוויטעט איז ער עס פאַרבליבן. ער האָט זיך נישט געקאָנט אָפּרייסן פון די אַלטע געוויינהייטן.

און ער האָט אַליין געפילט דעם תהום צווישן דעם, וואָס ער

איז און דעם, ווי ער ווייזט זיך, צווישן דעם איבערלעבן און דעם שרייבן, צווישן זיין אייגענער פאָרם און דער פאָרם, וואָס טויזנטער יאָרן האָבן אויף אים אַרויפגעצוווּנגען. און דאָס האָט אים פאַרביטערט, דאָס האָט אים איזאָלירט.

דוד פרישמאַן איז געווען דער איינזאַמסטער צווישן אַלע יידישע שרייבער, ווי יעדער, וואָס פאַרבלאָנדזשעט אין אַ סביבה און האָט נישט געגוג שטאַרקן ווילן זיך צו באַפרייען פון איר. און דאָס איז געווען זיין טראַגעדיע: ער האָט געקאָנט און געזאָלט ווערן איינער פון די סוביעקטיווסטע, אָריגינעלסטע יידישע שרייבער, און איז געוואָרן — אַ סטיליסט פון העברעיש. די ווערטער זענען געבליבן, אָבער עס זענען טויטע ווערטער, שיינע, געשליפענע שטיינער, אָבער מאַטע, זיי לאָזן נישט דורך דעם לעבעדיקן שיין. מוזיי-ווערטער!

אַ העברעישער שרייבער אין „גלות” האָט נישט קיין אַנדער ברירה: ער מוז ווערן אַ קלאַסיקער, אָדער ער איז גאָרנישט.

און דוד פרישמאַן האָט געמוזט אַזוי לאַנג טראָגען אויף זיך דעם עול פון אַ קלאַסיקער. ער האָט זיך געמוזט אויספּיינען פאַר דער פאַר־גאַנגענהייט. ער האָט געקוקט אין שפּיגל — און הינטער זיין איראנישן שמייכלדיקן פּנים מיט דעם גראָבן ציגאַר — האָט אַרויסגעשטעקט דער קאָפּ פון חבקוק, אָדער פון צפניה!.. און עס האָט זיך אים אַזוי נישט געגלוסט צו זיין תמיד אין דער געזעלשאַפט פון די נביאים! עס איז גוט פאַר אַ יום-טוב, ווען מען האָט עלית נשמה, ווען מען ווערט הויך געשטימט. אָבער טאָג-איין, טאָג-אויס,—אויף די נאַלעווקיס, אין קאַפע דעס וועסטענס אין בערלין, אויף דער באַלשאַיאַ באַסמאַנאַיאַ אין מאָס־קווע: תמיד חבקוק, תמיד צפניה,—עס איז צו שווער, צו הייליק! זיי האָבן קוים געפּאַסט איינער צום צווייטן—פרישמאַן צו דהעברעיש און העברעיש צו פרישמאַנען—און זיי האָבן געמוזט אָפּלעבן די יאָרן אינ־איינעם. אַ טראַגישער שידוך!

## ש. ש. פרוג.

„בעט פון מיר קיין זיסע שטימען,
בעט קיין פרייעס ליד.
אויף מיין פידל ליגט דער סימן
מיט דעם שטעמפל „ייד".
אוי, דאָס איז אַ טיפע חתימה
אויף מיין קראַנקן האַרץ
און עס גיסט זיך פון מיין שטימע
נאָר געוויין און שמאַרץ".
(פרוג).

יידן זענען בעלי-בכיה. זיי האָבן גרינגע טרערן. האָבן אויך גענוג סיבות דערצו. די רעאַקציע פון אַ פאַריאָמערט לעבן און די רעאַקציע פון שוואַכקייט. אַזיוויי פרויען. אַ טרערן-זאַק, וואָס איז תמיד גרייט. ביי דער מינדסטער געלעגנהייט עפנט זיך דער קוואַל. אָפט אויך אָן אַ נאָענטן, זיכטבאַרן גרונט: ס'וויינט זיך. די נערוון זענען שוואַך געוואָרן. ס'וויינט זיך אַפילו פון שמחה.

מענער האָבן אָפט קיין רעספעקט נישט פאַר פרויענטרערן. זענען אפשר אָפט אומגערעכט — פאַרשטייען נישט דעם טיפן ווייטיק פון אַ פרויען-נשמה. אָבער פאָרט—אַז מען געוויינט זיך צו צו טרערן, אַז מ'הערט צו אָפט דאָס קלאָגן און יאָמערן, ווערט עס וואָכעדיק, נמאס. אַזוי איז שוין די נאַטור פון דעם מענטשן.

שטילער טרויער ווירקט מער ווי הויך-טראַגישער. אַ בלייך, פאַרטראַכט פנים, אַ ליידנדיקער בליק, אַ קנייטש פון דעם שטערן, אַ ביטערער שמייכל זאָגט מער, רעדט שטאַרקער, פאַטעטישער, האַרצרייסנדיקער, ווי אַ קוואַל פון טרערן און אַ שטורעם פון ווערטער.

מיר האָבן די ווונדערשיינע, צאַרטע, טיף־פּאָעטישע לעגענדע פון דער מוטער רחל. רחל, די בליכע רחל, די ליידנדיקע, רחל די מוטער, וואָס וויינט אינדערנאַכט, וויינט פאַר אירע קינדער.

קאָנסטאַנטין שאַפּיראָ האָט אַמאָל אין אַ ליד — איינע פון די שענסטע לידער פון דער העברעישער ליטעראַטור — אויסגעמאָלט דאָס גראַנדיעזע בילד פון „רחל מבכה על בניה”,—רחל, וואָס קלאָגט אויף אירע קינדער. דאָס בילד פון דער מאַמען, דער שטילער, ליבנדיקער, טרויעריקער מאַמען...

מיר האָבן אַזוי ווייניק רחל־פּאָעזיע אין אונדז, אַזוי ווייניק רחל־טענער אין אונדזער ליטעראַטור, ווייניק שטילקייט, ווייניק רעגנבויגן־קונסט. אַלץ איין טאָן, איין מעלאָדיע, אומעט, טרויער, בענקשאַפט.

אין דער ליטעראַטור מער, ווי אין לעבן. די פאָלקספּאָעזיע איז געזינטער, ריינער. פדהצור, דער גרויסער יידישער פאָלקספידלער, האָט געהאַט די גאַנצע סקאַלע פון מאָטיוון און טענער. דער גרונט־מאָטיוו — די השתפכות הנפש פון דער יידישער נשמה, אָבער אַרום און אַרום די באַגלייטונג, די אויסאַרבעטונג — קונסט. פאַרביק, האַרמאָניש.

זענען דען יידן אויסשליסלעך — יידן? אַ פּאָליטישע, נאַציאָנאַלע גרופּע, -- און נישט מער? טראַכטן זיי נאָר אויסשליסלעך פון צרות און רדיפות, פון גזירות, פון דעם, וואָס אַמאָל איז געווען און פון דעם, וואָס וועט אַמאָל זיין? איז דען אַ חוץ דעם נישט פאַראַן דער ייד אַלס א מענטש, דער ייד, וואָס לעבט אין אַ סביבה און האָט זי איינגעזאַפּט אין זיך?

דער ייד איז רייכער, ווי דאָס רוב יידישע דיכטער ווייזן אים. עס איז אַ פּשוטע זאַך. זיי זענען נישט גענוג קינסטלער, נישט גע־נוג דיכטער. עס איז גרינגער צו פאַרשטיין און „באַזינגען” דעם פאָלקסשמערץ, ווי דעם שמערץ פון דעם איינצלנעם מענטשן. עס איז די „ליניע פון קלענסטן ווידערשטאַנד”.

און אויף איר איז געגאַנגען ש. ש. פרוג.

קענט איר זיך אויסמאָלן אַ מענטשן, וואָס זאָל טאָג און נאַכט טראַכטן פון כלל־ישראל? קענט איר זיך אויסמאָלן אַ מענטשן, וואָס זאָל גאָרנישט האָבן פאַר זיך, כאָטש איין ווינקעלע, כאָטש אַ שטיקעלע וועלט, ווו ער זאָל זיין דער צענטער? און קענט איר זיך אויסמאָלן

אַ דיכטער, וואָס זאָל תּמיד שרייבן איבער פאָלקסשמערצן, פאָלקס־האָפענונגען און קיינמאָל נישט איבער זיינע אייגענע? קיינמאָל נישט איבער זיין פערזענלעך לעבן? איטלעכער פון אונדז האָט זיינע צרות, האָפענונגען, וואָס זענען צונישט געוואָרן, אילוזיעס צעשטערטע, נייע אילוזיעס, וואָס ווערן געבוירן. דאָס לעבן איז רייך, דאָס לעבן איז אַ פּריזמע, אין וועלכער עס ברעכן זיך איבער די שטראַלן פון דער גאַנצער וועלט, און פאַרשידענע פאַרבן זענען פאַראַן, און נאָר דאָס איז קונסט, וואָס גיט אונדז דעם מענטשן, דעם אינדיווידועלן, וואָס קערט זיך קיינמאָל נישט מער אום, וואָס איז איינציק. קיינער איז קיינעם נישט גלייך, קיינער לעבט נישט איבער די וועלט אויף דעם אייגענעם אופן. און דאָס איז דער חותם פון אַ פּאָעט — באַציען די וועלט אויף זיך, ווייזן זי, ווי ער לעבט זי איבער...

איך האָב מיך זייער אָפּט געוווּנדערט איבער פרוגן, ווי קען ער זיין אַזאַ „נסתּר"? ווי קען ער אַזוי שטאַרק באַהאַלטן זיך, פאַרבאָרגן זיין פערזענלעכקייט, אָפּגעבן זיך אויסשליסלעך דער פאָלקסזאַך?

און איך האָב עס מיר דערקלערט צום טייל דערמיט, וואָס פרוג האָט לכתּחילה געשריבן רוסיש. עס ווייזט זיך אויס, וואָס איז די נפקא מינה. אויף אַ וואָסער שפּראַך מען שרייבט. אָבער האָט איר דען נישט באַמערקט, אַז די גאַנצע יידישע ליטעראַטור, וואָס איז געשריבן אויף פרעמדע שפּראַכן — רוסיש, דייטש, ענגליש, איז אַזוי סענטימענטאַל, איינזייטיק, איינטאָניק? עס איז נאַטירלעך, מען רעדט צו פרעמדע. מען איז נישט אינערלעך פריי, מען מוז זיך פאַרטיידיקן, מען קלאָגט אָן, מען שטרעבט זיך צו באַהעפטן, מען באַמיט זיך אָנצושלאָגן אַן אומגעווייגלעכן טאָן, מען האָט אַ טענדענץ, מען קען נישט „זינגען, ווי דער פייגל זינגט".

עס זענען דאָ ווינציק יידישע פּאָעטן, וואָס האָבן געשריבן אויף אַנדערע שפּראַכן און געבליבן אי אמתע יידן, אי אמתע פּאָעטן. איין אויסנאַם איז אפשר דער פראַנצויזישער מאָדערנער דיכטער: אַנדריי ספּירא — און אויך נאָר דערפאַר, וואָס ער איז מער פראַנצויז, ווי ייד, וואָס דער יידישער טאָן איז ביי אים אַ נעבן־מאָטיוו...

פרוג האָט אים אָבער געמאַכט צום הויפּטמאָטיוו. ער האָט געשריבן יידישע, ציוניסטישע לידער — אין רוסיש. פאַר וועמען? פאַר דעם יידישן פאָלק? ס'האָט זיי נישט געלייענט, נישט געקענט פאַרשטיין? פאַר דעם רוסישן פאָלק? ס'האָט זיי נישט באַדאַרפט.

דער רוס, אַפילו דער ליבעראַלער, אַפילו דער אינטעליגענט, האָט געקענט אפשר באַאיינפלוסט ווערן פון איינעם, צוויי שירים פון פרוגן – אָבער גענוג. ווייטער האָט ער פאַר אים קיין אינטערעס נישט געהאַט, סיידן אַן עטנאָגראַפישן.

פרוג האָט נישט געהאַט קיין גרונטלאַגע פאַר זיין שאַפן. אויסגעוואַקסן אין כערסאָנער גובערניע, צווישן ועלדער און פעלדער, אין אַ רייכער, זאַטער, מאַלערישער געגנט, צווישן געזונטע סטעפּ־יידן, צווישן קאָלאָניסטן, אויסגעוואַקסן, ווי די מייסטע רוסיש־יידישע אינטעליגענטן, אַ צוויי־שפּראַכיקער. רוסיש און יידיש זענען געווען זיינע צוויי מוטערשפּראַכן. רוסיש אפשר מער, ווי יידיש, ווייל זיין רוסיש איז געווען די שפּראַך פון זיין קולטור, דאָס יידישע איז ביי אים פאַרבליבן נאָר פון דעם חדר, פון דעם טאַטנס הויז. עס איז געווען אַ קאַפּיטאַל, וואָס איז נישט געוואַקסן.

פון נאַטור אויס האָט פרוג געהאַט אַ גרינגע פען, אַ לייכטע, מוזיקאַלישע שפּראַך, נישט קיין טיפע מוזיק, נאָר די פאָלקסמוזיק, די מוזיק פון די קליינרוסישע באַנדורעס, פון די יידישע פאָלקס־לידער, און אַ לייכטן גראַם; געווען באַשאַפן צו זינגען גראַציעזע, לייכטע לידער, אַ ביסל מעלאַנכאָליש, אין נאַדסאָן־טאָן, אין טאָן פון „בעדני, סטראַדאַיושטשי בראַט", מיט אַ טענדענץ צו „בירגער־פּאָעזיע" אויף דעם נעקראַסאָוו־שניט.

אָבער דער פּאָגראָם פון 1881 – פרוג איז דעמאָלט אַלט געווען 21 יאָר – האָט אים „פריטשמעליעט" אויף דעם גאַנצן לעבן.

עס איז געווען נאַטירלעך, דער פאָלקסשמערץ האָט אים פאַר־כאַפּט – ער האָט געשטימט זיין פידל אויף דעם טאָן פון פאָלקס־שמערץ און קיינמאָל נישט מער געקענט באַפרייען זיך פון אים.

פאָלקסשמערץ איז אַ דאַנקבאַרע טעמע, אָבער זייער איינטאָניק. צו שווער געווען פאַר דער פרוגישער מוזע. צו טראַגיש פאַר זיין לייכטן ריטם, פאַר זיין פשוטן ליריזם.

מען קען נישט וועבן קיין פורפורנעם מאַנטל, קיין שווערע פערסישע דעק מיט אַ שוואַכער נאָדל. מען מוז האָבן דעם ירמיהו־טאָן דערצו, דעם טיפן פּאַטאָס פון אַן עפּיקער. די יידישע היסטאָריע איז נישט קיין לירישע טעמע.

און פרוג איז געווען אַ ליריקער, און נאָר אַ ליריקער.

כמעט אין איטלעכן ליד, וואָס פרוג האָט געשריבן, זענען

דיזעלבע בילדער: ווונדן, סטרונעס, קייטן פון קנעכטשאַפט, נאַכט, קברים. נישט קיין בילדער, ווערטער זענען עס, ווערטער, וואָס גראַמען זיך אַזוי גוט, וואָס לעזן זיך אַזוי לייכט. נעמט למשל, אַ סטראָפע, פון אַ ליד פון פרוג (אין רוסיש):

„און פינסטער איז די נאַכט... און אָן אַ סוף די קנעכטשאַפט,
וויינען, אַלץ וויינען... און ווי ביזטו ביטער,
ווי ביזטו פאַרהאַסט, דו שרעקלעכער מזל
פון אַ פּאָעט, וואָס וויינט אויף קברים".

איך ווייס נישט — עס איז צופיל. צופיל שמערץ און צופיל קלאָגנדיקע ווערטער. אין איין פּאָר שורות—אי נאַכט, אי קנעכטשאַפט, אי קברים.

עס איז שווער צו אַנאַליזירן פרוגן אַלס דיכטער. ווייל זיין אייגנטלעכע דיכטונג איז די רוסישע — און איך האָב מורא, אַז איך וועל זיין אומגערעכט צו אים, ווען איך וועל פּרווון איבערגעבן זיינע קלינגענדיקע רוסישע לידער אין יידישער פּראָזע.

און זיינע יידישע לידער? פאָלקסטאָן — געוויס, פאָלקסמאָטיוון, יאָ, אָבער פאָלקסמאָטיוון פון זכרון, פון פאַרגאַנגענהייט, פון אַ גאַנץ ענגן קרייז, פאָלקסמאָטיוון, וואָס זענען שוין דעמאָלט, אַז ער האָט זיי געשריבן, געווען אַלט און איבערגעלעבט.

ער האָט זיך אַמאָל אַליין כאַראַקטעריזירט:

„איך בין אַ חזן אָן אַן עמוד
כמעט שוין פינפאונצוואנציק יאָר
דאָך קלינגען מיינע תפילות תמיד
און כ'האָב דערצו אַ שיינעם כאָר.

מיין האַרץ איז אָבער ווי אין רינגען
געפּאַסט, און וויינען ציט עס מיך,
און וואָס איך הייב נישט אָן צו זינגען—
מיט מן המצר ענדיק איך"...

און אין אַן אַנדער אָרט („העריבסטלידער):

מען האָט געלאַכט און לאַנג וועט מען נאָך לאַכן,
ביז וואַנען לעבן וועט דער ייד.
נו, הערזשע אויף, נגנו, געבוג צו וויינען
מיין ליד, מיין פרייערדיקעס ליד"...

ער האָט אָפט אַליין געפּילט, תמיד געפּילט, אַז ער וויינט צו־פיל, אַז ער איז אָרעמער, ווי דאָס יידישע לעבן, אַז ער האָט נאָר איין טאָן, איין סטרונע אויף זיין פידל. און קיין נייעם האָט ער נישט נעקענט באַקומען. און סוף־כל־סוף איז זיין וויינען געוואָרן אַ מין אויטאָמאַטישעס, אַ געוויינהייט און אַ מאַניער.

געוויס — אין מינוטן פון אמתער, שטאַרקער אויפרעגונג און ווייטיק, האָט ער געקענט געפינען דעם ריכטיקן טאָן. צום ביישפּיל: אין זיין באַרימטן ליד נאָך דעם קישינעווער פּאָגראָם: „רחמנות", מיט דעם רירנדיקן פּאָלקס־רעפרען:

„גיט די טויטע אויף תכריכים
און די לעבעדיקע ברויט".

געוויס — נאָך היינט ווירקט זיין רוסיש ליד — די „ציונידע", וואָס הייבט זיך אָן מיט די ווערטער: „טראָג אַוועק מיין נשמה אין דער בלויער ווייטקייט"...

אָבער אַפילו די בעסטע און נאַטירלעכסטע לידער ווערן פאַר־טרונקען אין אַ ים פון ווערטער, פון גראַמען.

צי זענען מיר אויסגעוואַקסן פון דעם סענטימענטאַליטעטס־פעריאָד — מיר האָבן דאָך אַמאָל אַזוי שטאַרק געהאַלטן פון פרוגן— צי איז דאָס יידישע לעבן געוואָרן רייכער און טיפער, — יעדנפאַלס, פרוג איז שוין היינט נאָר אַ היסטאָרישע ערינערונג. אַ קאַפּיטל פון דער רוסיש־יידישער געשיכטע, אַן עכאָ—איבערגעטריבן, פאַרשטאַרקט— פון דער שטימונג פון דעם רוסישן יידנטום. דער זיפץ פון אַ דור...

## א. רייזען.

מיין ליבער פריינט אברהם רייזען!

איך ווייס, עס איז נישט גאַנץ אין אָרדענונג. אַזוי טוט מען נישט, אַזוי „פירט עס זיך נישט". אַ יובליי, פופציק יאָר, אַ ליטעראַרישער, אַ פערזענלעכער יום-טוב, און אפשר אַ יום-הדין—פאָרט פופציק יאָר!—און דאָ גאָר אַ ידידי-בריוועלע. עס פירט זיך נישט אַזוי. דער מנהג איז, דער דרך-ארץ, דער ליטעראַרישער ערנסט פאַרלאַנגען, אַז מען זאָל זיך אַנידערזעצן, איבערלייענען אויפסניי אַלע אייערע בענדער, און דערנאָך פאַרקנייטשן דעם שטערן און שרייבן מיט כובד ראש, מיט הויכע כוונות אַן „אָפּשאַצונג", אונטערפירן „סך-הכּלס", זאָגן מיינונגען, באַשטימען אַ פּלאַץ אין דער ליטעראַטור, פאַרגלייכן—קורץ, איר ווייסט דאָך אַליין—און איך ווייס עס אויך.

עס קאָן זיין, ביי אַן אַנדערן וואָלט איך עס אפשר געטאָן. אמת, איך האַלט בכלל נישט פון אַזאַ מין צוגאַנג צו מענטשן און ווערק. מיר דאַכט זיך אויס, אַז יעדער קריטיקער און אָפּשאַצער איז תמיד אומגערעכט, אפילו ווען ער איז אינגאַנצן גערעכט. עס איז גאָר-נישטאָ קיין איין-איינציקע קריטישע מעטאָדע, וואָס זאָל פירן צום ווירקלעכן אמת. גייט מען אַרויס, ווי, למשל, סען-בעוו, פון דעם מענטשן, פון זיין לעבן, זיין פערזענלעכקייט—וואָס ווייסן מיר, וואָס קאָנען מיר וויסן פון אַ מענטשן? ער איז דאָך פאַר אונדז תמיד אַ רעטעניש, אַ בריוו מיט זיבן זיגלען, אַ טיר מיט זיבן ריגלען.

און דאָס ווערק! וואָס איז עס דען יעדעס ווערק, אויב נישט
קיין פראַגמענט? דאָס ווערק איז נישט דער מענטש, עס איז מער —
ער איז ווייניקער. זיינס און נישט זיינס. און דער שאַפנדיקער אַליין
איז זיך נישט קלאָר, ווו איז זיין פלויט, ווו הייבט זיך אָן דער
רשות הרבים.

נאָר, מילא, ווען איך וואָלט זיך געוואָלט אָנשטרענגען, אָנשטעלן
אַ מינע און ווערן אויף אַ ווייל אַ קריטיקער—אויף אַזאַ אופן אָדער
אַן אַנדערן—ביי אייך, ביי דער געלעגנהייט פון אייער פופציק־יאָריקן
יום טוב—באמנות, איך קאָן דאָס נישט. מיר דאַכט זיך, אָט־אָט צעלאַכט
איר זיך: זע נאָר, זע נאָר דעם אָנשטעל! וואָרים איר, מיין פריינט,
זייט—אפשר ווייסט איר עס אַליין נישט—אַן איראָניקער. איך זאָג
נישט, חס־ושלום, אַ ציניקער. איר זייט ווייט פון דעם, קאָנט עס גאָר
נישט זיין, אָבער הינטער אייער גאַנצן ענטוזיאַזם, הינטער אייער
פשטות פון פאָרם און אידעען, הינטער אייער גלויביקייט ליגט פאַר-
באָרגן אַ שטאַרקע, אַ בייסנדיקע איראָניע. איך וואָלט געזאָגט מער—
אַ ביטול. איר וווּנדערט זיך? איר—און ביטול? איר, וואָס האָט אַזוי-
פיל באַציונג און באַציונגען; איר, דער עכאָ פון דער צייט, וואָס
גיט איבער אירע גערוישן, איר שטורעם און איר ווייכקייט, איר שטילן
ליריזם; איר, וואָס קאָנט אַזוי נתפעל ווערן און גערירט ווערן; איר,
וואָס טראָגט אויף די ברעמען פון אייערע לידער און פון אייער
פראָזע אַ פערלדיקע טרער—איר און ביטול?

און דאָך—און דאָך!

איך וויל נישט—נישט איצט—ציטירן אייך אייערע אייגענע לי-
דער און דערציילונגען; אָבער אין יעדער שורה, וואָס איר האָט אָנגע-
שריבן, איז דאָ אַ מערקווירדיקער אונטערטאָן, אַ ציטערנדיקער נאָכ-
קלאַנג. צי זינגט איר איבער דעם פרימיטיוון אין מענטש און וועלט,
איבער דעם אייביק זיך אומקערנדיקן, זיך תמיד באַנייענדיקן; צי
זיפצט איר מיט דעם פאָלק, אָדער פרייט זיך מיט אים; צי דערציילט
איר פון שטאַרקע, אָדער פון שוואַכע—תמיד פילט מען, אַז עפּעס
איז דאָ נישט דערזאָגט. און דאָס נישט דערזאָגן איז—פּאָעזיע. איך
וויל אייך נישט קריטיקירן—זיכער נישט היינט. אָבער איך וויל אייך
נישט זאָגן קיין „גוטע ווערטער”—איך האָב עס נישט ליב און איר
פאַרשטייט אויך דעם חילוק צווישן יובילײ־מליצות און אויפריכטיקע
מיינונגען. איך פאַרשטיי בכלל נישט, פאַרוואָס מענטשן, אפילו ווען זיי

זענען פּאָעטן, נייטיקן זיך אַזוי שטאַרק אין „מיינונגען". עס איז דאָ בלויז איין מיינונג, וואָס האָט אַ ווערט פאַר מענטשן, און דאָס איז— פאַרצייעט מיר פאַר דעם געקינסטלטן וואָרט—דאָס איז די „מיין"-ונג"— אָט דאָס, וואָס מיין איך פילט וועגן זיך, דאָס, וואָס איך לעב אי-בער, דאָס האָט אַ ווערט פאַר מיר. יעדע אַנדערע מיינונג איז אַ „זיי-נונג"—און דערפאַר אַ זייטיקייט.

אָבער ווען איך דערלויב מיר איצט פאָרט אַרויסצוזאָגן אַ מיינונג וועגן אייך און אייער פּאָעזיע, איז דאָס בלויז דערפאַר, ווייל איך וויל זיך אַליין קלאָר מאַכן, פאַרוואָס האָב איך צו אייך—אַ שייכות, נישט נאָר צו דעם מענטשן, פּריינט רייזען, נאָר צו דעם שריפטשטע-לער, צו דעם שאַפנדיקן.

אָפט זענען אייערע וועגן נישט מיינע, אייערע ענטוזיאַזמען זע-נען מיר פרעמד, און אויך ריין-פאָרמעל ציט מיך אָפט צו אַנדערע שווערערע, פאַרוויקלטערע מאָטיוון און געשטאַלטונגען. איך האָב ליב דאָס אומגעריכטע, דאָס אומדערוואַרטע, דאָס רמזימדיקע. איר דאָס קלאָרע און קריסטאַלענע. איך גיי ליבער אויף וואַלד-סטעזשקעס, דאָרט, ווו די צווייגן פאַרשטעלן דעם וועג און שלאָגען אין פּנים אַריין; איר גייט אַמליבסטן אַזוי ווייט ווי עס לאָזט זיך נאָר — אויף דעם פעלדוועג: אַ ווייסער וועג צווישן גאָלדענע, פולע זאַנגען.

און דאָך—און פאָרט—זענט איר מיר נעגטער ווי אַ סך פון די קאָמפּליצירטסטע פּאָעטן. און ווייסט איר, פאַרוואָס? דערפאַר, וואָס איר דערזאָגט נישט, וואָס אין אייער פּשטות איז דאָ אַ פאַרשעמטקייט.

נישט אַלצדינג אַרויסזאָגן—דאָס איז די קונסט פון דעם קינסט-לער. נישט עפענען טיר און טויער—נאַ, אָט האָסטו מיך, דאָס בין איך—איך—איך.

איך האָב ליב דעם צניעותדיקן „איך". און ווייסט איר, רייזען, אַז איר האָט קיינמאָל נישט געשריבן וועגן זיך: אפשר ווייניקער פון אַלע אַנדערע פּאָעטן. אין יעדן ליד אייערן איז דאָ „איך" און „מיינע". יעדעס ליד, אָדער דערציילונג, איז אַ מין ווידוי, און פונדעסטוועגן האָט איר נאָך קיינמאָל נישט דערציילט וועגן אייער אמתן איך. איר קאָנט עס נישט. דער מענטש אין אייך, דער קינסטלער, דער ערלע-כער, פאַרשעמטער, צניעותדיקער מענטש לאָזט עס נישט צו. איר שפּרייט מיט פולע הענט אייער ליבע צו מענטשן, און איר ווייסט דעם סוד פון ליבע צו אַנדערע. דאָס איז דער גרויסער צער—צו זיך,

איבער זיך, אָט צו דעם פאַרבאָרגענעם קאַנעצל, וואָס טליעט ערגעץ אין דער טיפסטער פאַרבאָרגנהייט — אַזוי טיף, אַז קיינער זעט נישט זיין שטיל ליכט, סיידן ער לאָזט זיך אַראָפּ—גראָבן גאָלד.

דער אונטערטאָן, דער ביטול-טאָן, דער איראָנישער טאָן, אָדער— ווי זאָל איך עס זאָגן—דער יידישער טאָן!

איך ווייס, איר האָט נישט ליב, אַז מען רופט אייך „פאָלקסדיקטער". און איר זייט גערעכט. וואָס איז דען אַ פאָלקסדיכטער? דער, וואָס זינגט לידער פאַר און פון דעם פאָלק, און דאָס פאָלק איז דאָך—נעמט עס מיר נישט פאַריבל—אַזוי באַנאַל. ברוך ווי זרח, בתיה ווי גנענדל—אַלע פילן זיי דאָס אייגענע. און אויב זיי פילן און רעאַגירן פאַרשיידן—זיי האָבן נישט קיין מיטלען עס אויסצודריקן. וואָס זיי זאָלען נישט איבערלעבען, מיט וואָס פאַר אַ תחנונים זיי זאָלן נישט טרעטן פאַר גאָט—זיי דאַוונען דאָך אַלע פון דעם אייגענעם מחזור.

איר האָט אויך נישט קיין פאַרגעניגן, ווען מען רופט אייך אַ „נאַציאָנאַלער פּאָעט". און זייט ווידער גערעכט. נאַציאָנאַל—מיינט סביבה, מיינט היסטאָריע, מיינט אָפּשיידונג און אָפּצאַמונג, און אַ פּאָעט איז ברייטער. אין דער טיף — און אינדערהויך — זענען נישטאָ קיין געאָגראַפיע און קיין היסטאָריע. דאָרט איז דאָ דער מענטש און די מוראדיקע, נישט-צו-דערטראַכטנדיקע אומענדלעכקייט.

און פונדעסטוועגן, איר זייט פאָרט דער נאַציאָנאַלסטער, דער יידישסטער, דער פאָלקסטימלעכסטער פּאָעט. און אָט פאַרוואָס: דער ייד איז אַ זייער משונהדיקע בריה. ער איז אַזוי קאָמפּליצירט, אַז ער קאָן זיך כמעט נישט אַריינפּאַסן אין קיין שום פאָרם. ער איז פרום, זייער פרום, און איז אַ ניין-זאָגער: ער פרעדיקט „יראת שמים" און שמייכלט דערביי. ער האָט נישט קיין מורא, ער איז מיט גאָט אויף דו, אַ היימישער, אַן „אַריינגייער", ער ווייסט זיינע סודות—און שאַ.

דער ייד איז סענטימענטאַל, אַ „בעל-בכי"—דער יידישער „שמעלץ"! און דערביי איז ער קלוג, ראַציאָנאַליסטיש, ציניש. ער איז עראָטיש, אַ הייס בלוט, אַ גליענדיקע, ליידנשאַפטלעכע פאַנטאַזיע—און דערביי אַסקעטיש, שעמט זיך אין לעצטן גרונט, שעמט זיך פאַר זיך. דער ייד איז אַ גלויביקער—און אין דער אייגענער צייט האָט ער אַ ביטול צו אַלעמען. ער גלויבט נישט אין פאַקטן—ער גלויבט נאָר אין דעם גלויבן.

און דערפאַר, וואָס ער איז אַזוי קאָמפּליצירט, איז ער אַזוי אייגנטימ-לעך אין זיין אויסדרוק. ער רעדט אַ סך—און דאָס וויכטיקסטע דער-זאָגט ער נישט. ביים אמתן געדיכטן שטעלט ער זיך אָפּ—אַ זשעסט, אַ ווונק, אַ פּינטל מיט דעם אויג—און שטויס זיך אָן, אויב דו קאָנסט.

און דאָ דערנענטערט איר זיך, מיין ליבער פריינט, מער אפשר ווי אַלע אַנדערע צייט-גענאָסן, צו דעם יידישן מקור. און דער-פאַר זייט איר דער רעפּרעזענטאַטיווסטער יידישער פּאָעט. דערפאַר זינגט דאָס פאָלק אייערע לידער מיט אַזאַ ליבע און דורכדרינגונג. עס הערט אין זיי זיין טיפסטעס—ווי אַן עכאָ אין די בערג.



איר זעט, מיין ליבער, איך האָב געוואָלט זאָגן אַ „פּאָר ווער-טער", און האָב זיך צערעדט. „מיט וואָס דאָס האַרץ איז פול, איז פול אויך דאָס מויל". עס וואָלט זיך נאָך געגלוסט ווייטער רעדן, ווייטער אַריינדרינגען, טיפער אין דער נשמה פון דעם פּאָעט: אָבער איך וויל נישט. מען טאָר נישט.

און אַזוי ווערט איר שוין פופציק יאָר. „עס לויפן די יאָרן, זיי פליען, פּאַסטומוס, און נישט קיין איין קנייטש ווערט פאַרצויגן דורך פרומקייט און ער קומט—דער עלטער".

וואָס זאָל מען טאָן? אוודאי איז עס געווען פרייליכער—אונדז ביידע—איר געדענקט, מיט אַ יאָר צוואַנציק צוריק, אין ווין, ווען נישט בלויז דער ווינער וואַלד, נאָר מיר האָבן אויך נאָך געגרינט? שטראַלנ-דיק, שפּראָצנדיק, שפּרודלדיק, ווי אַ קוואַל זייט איר דעמאָלט געווען. שווערע, רייכע, גרויסע, אומפאַרגעסלעכע צוואַנציק יאָר, די וועלט איז געוואַקסן, און איר, רייזען, איר זייט געוואַקסן מיט איר. און ווער ווייסט, אפשר איז דער אַלטער טאָלסטאָי געווען גערעכט? ער שרייבט אין איינעם פון זיינע בריוו צו זיין טאָכטער מאַשע: „דו ביזט נאָר וואָס אַלט געוואָרן דרייסיק יאָר, און מיר, דעם זעקס און זעכציק-יאָ-ריקן, איז עס אַזוי קלאָר, אַז דאָס איז בלויז דער קלענערער און אָרעמערער טייל פון דעם לעבן—און אַז דאָס אמתע לעבן הייבט זיך ערשט אָן".

דאָס „אמתע" לעבן, דאָס לעבן פון אַ קינסטלער, וואָס איז ערלעך מיט זיך און צו זיך, איז ווי ווײַן—וואָס עלטער, אַלץ שטאַרקער, אַלץ בעסער. און איך ווינטש אײַך פון דעם גאַנצן האַרצן, אַז אײַער ווײַן זאָל ווערן אַלץ שטאַרקער, אַלץ פאַרשיכּורנדיקער, אַלץ דערפרײַענדיקער. אײַך—און דעם גאַנצן יידישן פאָלק, איר ליבער, איר האַרציקער פאָעט פון דעם יידישן פאָלק, אברהם רייזען!

* * *

ס'איז אומעטיק. די וועלט זינגט אין מינאָר — איז דער מאָרגן וואָרעם און ליכטיק, ציטערט די בענקשאַפט אין אַ געפּיל פון אומ־ענדלעכע מעגלעכקייטן; איז דער מאָרגן גרוי און קאַלט, ווייגט די בענקשאַפט...

און עס קומט דער אָוונט. שאָטנס גייען אים פאַרויס. לאַנגע, פּויזנדיקע, דינע, דערנאָך אַלץ מער געדיכטערע, גרעסערע, ביז זיי דעקן אַלץ צו, און עס ווערט פינסטער. ווי די גרויקייט פון די האָר, ביסלעכווייז, פּאַסנווייז, ביז זי דעקט זיך איין, נעמט זיך אַרום מיט דעם ווייסן, קאַלטן ווינטערמאַנטל, און ווייטער.

פאַרוואָס איז דאָס אַזוי אומעטיק? נאָך וואָס גייט די בענקשאַפט? איך ווייס נישט, דו ווייסט נישט, קיינער ווייסט נישט. נישט פאַראַן קיין ווערטער דערפאַר.

איז מען טרויעריק, ווייסט מען נישט פאַרוואָס. איז מען פריילעך, רעדט דאָס לעבן אָפענע דבורים, מיט קולי־קולות. אָבער אומעט שווייגט. אומעט זינגט. און זינגט נישט נאָך נאָטן, נאָר אַזוי שטיל אין זיך אַריין, די הייליקע שירה פון דער נשמה, די תפילה זכה.

אין אַ זומערדיקן טאָג, אויפן פעלד שיינט די זון, ברענט און גליט, און עס לעבט דאָס פעלד. אָבער פון דער ערד, ערגעץ פון דער טיף, פון דער זייט, פון דער הויך — ערגעץ זיפצט עס שטיל. קוקסט זיך אום — ווער זיפצט? קיינער נישט. הערסט זיך איין. פונוואַנען דער קול — שטיל. — אָבער דו פילסט: עס זיפצט זיך אין דער וועלט...

לעבסטו אַ פול לעבן—זיפצט דער אומעט קוים וואָס דו הערסט. קומט דער אָסיען, קומט די רעגנגנאַכט, די ווינטנאַכט — קלאָגט דער אומעט אויף אַ קול. שטאַרקער פון פרייד, טיפער פון טרויער, ווי דער קאַסטן פון אַ פידל, ווען מען שפּילט אויף אים. די סטרונעס זינגען, לאַכן אָדער וויינען, — דער קאַסטן ציטערט זיין אייגן ציטערניש, בענקט זיין אייגענע בענקשאַפט, זיפצט זיך שטיל, קיינער הערט אים נישט, נאָר דער שפּילער. און די סטרונעס — אויך אַמאָל, ווען זיי הייבן פּלוצלונג אָן צו ציטערן — אויסער דעם טאַקט, אַקעגן די נאָטן...

און אַז עס איז אומעטיק אויפן האַרץ, גיי אַוועק צום ברעג פון ים, זעץ זיך אַנידער אויף אַ שטיין און קוק זיך איין אין די כוואַליעס און הער זיך איין אין זייער אַהין און צוריק, אין דעם ריטם פון דעם אייביק-גלייכן. און קוק זיך איין אין דעם הימל, וואָס הענגט פאַרטראַכט און שטיל איבער זיי. און מיש צונויף דיין אומעט מיט דעם פון דער וועלט. און דעמאָלט וועסטו וויסן, וואָס דאָס הייסט הייליקייט, וואָס הייסט עלית נשמה...

אָדער נעם דאָס ליד פון אַ דיכטער און לייען אים. נישט מיט די ליפּן, נישט הויך, נאָר ווי מען זאָגט ווידוי, ווי מען טראַכט, ווי מען רעדט מיט זיך און מיט גאָט. זאָג דאָס ליד מיט דער נשמה.

און דו וועסט זען — ענטפערט דיר דאָס ליד, צי שווייגט עס.

און דו וועסט זען, ווער איז דיין באַגלייטער, אַ דיכטער, צי — ווי זאָל איך עס זאָגן — אַ שפּילער, אַ בויגנפירער, אַ ווירטואָז...

* * *

רייזן ווייזט מיר דאָס לעבן דורך אַ פּשוטער גלעזערנער טאַפליע, — אָבער עס איז רעאַל, אָבער דאָס איז מיינס, אָבער דאָס איז דער אמת, זיין אמת און מיינער...

איך לייען אַ לידל:

עס ציט מיך צום אַלטן, צום אַלטן,
צו דעם, וואָס מען רופט עס פאַרצייטן,
וואָס ווינקט און וואָס רופט פון אַ ווייטן,
דאָך נאָענטן לאַנד אין גרינסן באַהאַלטן,
און דאָס, וואָס איז לאַנג שוין באַגראָבן,
דאָס לעבט אין געדאַנק,
בייזט תמיד ווי קראַנק,
פאַר בענקשאַפט צוריק עס צו האָבן.

און דאָס גיט מיר דעם טאָן. עס עפענען זיך די אַלטע טויערן. דאָס, „וואָס איז לאַנג שוין באַגראָבן", ווערט לעבעדיק, מיט אַ ציטערדיק-געלבלעכן ליכט באַשטראַלט, ווי מיט דעם ליכט פון די גרויסע געלע

וואַקס־ליכט יום־כּפּור בּיינאַכט. שטייט אויף די איינציק שיינע און פּאַפּטישע און שטאַרקע יידישע צייט. נישט די גאַר אַלטע. די געדענקען מיר נישט. דאָס וואָלט אויך שוין געווען פאַנטאַזיע און סענטימענטאַליטעט און געקינצלטקייט. אָבער די נאָר וואָס פאַרגאַנגענע, די נעכטן געוועזענע, די, וואָס צאַנקט נאָך פאַר אונדזערע אויגן ערגעץ אין אַ ווינקל און גייט אויס, ווי אַ ליכט.

נישט פאָלקלאָר, נישט עטנאָגראַפיע, נישט זכרונות און אויך נישט פאָקסמאָטיוון,—ניין, בלויז וואַרעמע אויפריכטיקייט און ערלעכקייט צו זיך אַליין.

> געקומען דער פייגל פון לענדער פון ווייטע
> (געוועזן צוזאַמען מיט חברה פאַרשייטע),
> געקומען צום בוים, ווו זיין נעסט איז געשטאַנען,
> געזוכט אים — צעטראָגן, ער ווייסט נישט פונוואַנען.

רייזען איז אַ מאָדערנער מענטש, אַ „גוטער אייראָפּייער", שרייבט יידיש און זינגט יידישע מאָטיוון נישט אויס „איבערצייגונג" אָדער אויס „נאַציאָנאַלע מאָטיוון", נאָר ווייל ער איז ערלעך צו זיך אַליין. וואָרצלט טיף אין דעם אַלטן באָדן, כאָטש די צווייגן און די קרוינען שוין אין דער פרייער לופט, ווו עס איז נישטאָ קיין „יידיש" און „נישט־יידיש", ווו ס'איז נאָר דאָ — מענטש און וועלט און דער סוד...

ס'איז דאָ אַ לידל ביי רייזען, וואָס איך האַלט פאַר איינס פון זיינע בעסטע, און דאָס הייסט: „צוויי וועגן". ס'הייבט זיך אָן מינאָריש:

> ו'הין גייט איר, יונגע קינדער,
> אזוי פאַמעלעך, שטיל?
> אך, גייט דאָך, גייט געשווינדער —
> צו גיין האָט איר נאָך פיל.
> עס ענטפערן די קינדער:
> דער וועג איז אונדז באַקאַנט,
> די זיידעס און די באָבעס,
> זיי האָבן דאָ געשפּאַנט.
> מיר גייען לאַנגזאַם, לאַנגזאַם,
> ווייל דאָרט, איר זעט, פון ווייט,
> דאָרט שטייט שוין דער בית־עולם,
> מיר האָבן צייט נאָך, צייט...

און ס'גייט ווייטער מיט אַ שטימונג און טאָן-ענדערונג אין מיידזשאָר:

וווּ גייט איר, יונגע קינדער,
וואָס זינגט איר אַזוי שטאַרק,
איר זענט דאָך שוין פאַרמאַטערט
צווישן טאָל און באַרג.
עס ענטפערן די קינדער:
דער וועג איז אַזוי ניי...
מיר יאָגן, יאָגן שנעלער
און זינגען צו דערביי.
דער וועג — אַן אומבאַקאַנטער
און ס'איז אַזוי צו מוט...
בלויז טאָלן, בערג און פעלזן —
ס'מוז ערגעץ-ווּ זיין גוט...

הערט זיך נאָר איין אין די ערשטע פערזן פוןביידע העלפט, אין דער וואַריאַציע פון די ווערטער. אין דעם ערשטן פרעגט ער: „וו'הין", אין דעם צווייטן „וווּ". פילט איר דעם טאָן? פילט איר די ווייכקייט, די זאַנפטקייט, די זיפציקייט פון דעם „וו'הין" און די שטאַרקייט, האַרטקייט פון דעם „וווּ"?

רייזען קינצלט נישט. ער איז אַ דיכטער, נישט קיין ווירטואָז. איך ווייס עס. און אַפילו איך וואָלט עס נישט וויסן — איך פיל עס. „ער זינגט, ווי דער פייגל זינגט". ס'איז דער ריטם אַליין, וואָס זינגט אים אונטער, טראָגט אים, טראָגט זיין געזאַנג.

ס'איז מוזיק, און רייזען איז — מיר דאַכט — דער איינציקער זינגבאַרער יידישער פּאָעט. און מען זינגט אים, זינגט אים, אינסטינקטיוו, מיט דעם טיפן, אומעטיקן — נישט טרויעריקן — פאַר-חלומטן און פאַרבענקטן ניגון פון זומערנעכט און מיטנאַכטיקע וויג-לידער...

ער לאַכט נישט, ער שמייכלט, ער וויינט נישט, ער זיפצט. אין דעם שטאַרקסטן פּאַטאָס — איראָניע. שטעלט זיך אַליין אָפּ, כּמעט ווי פאַרשעמט, האַלט זיך ביים איינפאַכסטן, דינט נישט דער פאָרם און פאַרשקלאַפט זיך נישט דעם וואָרט.

געוויס, ווען דער אינסטרומענט וואָלט געווען אַ קלינגענדיקערער, אַ פאַרפיינערטער, וואָלט די מוזיק אויך אַנדערש געקלונגען. אָבער

נישט דאָס וואָרט און נישט דער קלאַנג איז דער עיקר—די שטימונג
איז דאָס שאַפן, דאָס איינציקע, וואָס בלייבט.

ער האָט צו מיין שטימונג גערעדט. ס'האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז מיין שטימונג גיסט זיך צונויף — דורך אים — מיט דער נשמה פון אַלע, וואָס זינגען פון דעם אייגענעם אומעט. געבויט אַ בריק — אַ בריק פון זיפצן, אַ ייִדן-צאַרטע בריק פון אומעט און בענקשאַפט צווישן אַלטע און נייע, אַמאָליקע און היינטיקע, צווישן ייִדן, ייִדן-מענטשן, ייִדן מיט וועלט-ברייטע שטימונגען און תּהומות.

נאָר אַ דיכטער קען בויען אַזעלכע צאַרטע, גראַציעזע, שוועבנדיקע בריקן, אַ דיכטער...

# יהואש.

יהואש איז טויט. אומגעריכט, פלוצלונג אַ ווייַ געטאָן אַ ווינט און אויסגעלאָשן דעם איינזאַמען, צאַנקענהיקן ליכט, און ביים ערשטן אויגנבליק אַזוי ווייט, גלייך ווי דאָס ליכט וואָלט געהאַט געברענט ערגעץ־ווו איבער ימים, אָפּגעשיידט פון אונדז מיט אַ ברייטן, געדיכטן נעפּל.

און איך פאַרמאַך די אויגן, שטרענג אָן מיין זכרון און מי זיך אים נאָכאַמאָל צו זען, אַזוי ווי איך האָב אים אַזויפיל מאָל געזען, אַזוי נאָענט, אַזוי חברדיק. און דאָס בילד אַמפּערט זיך, עס וויל נישט קומען. דער זכרון איז נישט וויליק—ער וויל נישט דינען. און איך וווּנדער זיך, און איך פרעג זיך—פאַרוואָס?

פאַרוואָס שטייט עפּעס אַ מחיצה צווישן מיר און דעם בילד, וואָס איך וויל אַרויסרופן אין מיר? אַ מחיצה נישט פון פרעמדקייט, נישט פון דערווייטערונג, נאָר פון—ווי זאָל איך דאָס זאָגן?—פון אָפּ-שיי, פון אַ טיפן געפיל, וואָס דערלאָזט מיך נישט צוקומען צו נאָענט, דורכברעכן, וועלן, פרווון זיך דורכברעכן די גרענעץ פון דער פאַר-געסלעכקייט.

און עס ווערט מיר קלאָר: דאָס איז דאָך געווען די באַציונג, וואָס איך האָב תמיד געהאַט צו יהואשן, צו דעם פּאָעט און צו דעם מענטשן. איך דערמאָן זיך: די שמאָלע פיגור, צירלעך און שוואַך, דין און מאָגער, אַ שמאָל, כמעט אַסקעטיש פּנים, מיט דעם שטאַמפּ פון

קראַנקהייט און לײדן. און אויגן, וואָס האָבן אַזוי שטערנאַרטיק געפינקלט.

איך דערמאָן זיך—אַז פון דעם ערשטן מאָל, ווען איך האָב באַגעגנט יהואשן, דעם פּאָעט, האָב איך געהאַט דעם געפיל: דאָ האָט אַן איינזאַמער זיך אָפּגעצאַמט, און ווען איך האָב באַגעגנט יהואש, דעם מענטשן, האָב איך פאַרשטאַנען: דאָ האָט אַ פּערזענלעכקייט זיך איינגעמויערט.

שווער זענען געווען די צוגאַנגען צו אים. אָפּט אוממעגלעך. צו דעם פּאָעט, צו דעם מענטשן. איר האָט זעלטן, זעלטן געזען דעם אָנהייב—כמעט קיינמאָל נישט געוווּסט ווּהין גייט דער וועג. איר האָט תּמיד געהאַט דעם באַוווּסטזיין: איר זענט ערגעץ אין אַ מיט. האָט ער געשריבן אַ ליד, איז דאָס געווען, ווי אַרויסגעריסן פון עפּעס אַ גרויסן, אומבאַקאַנטן צוזאַמענהאַנג. ד'האָט ער געזאָגט אַ וואָרט, איז דאָס געווען—אַ רמז, אַ פאָדעם פון אַ געוועב. און דעם פּראָצעס פון וועבן און שפּינען האָט איר נישט געקאָנט זען.

אַ שווערער פּאָעט. נישט קיין „זינגער", נישט קיין דיכטער, וואָס קאָן ווערן פּאָפּולער און „באַליבט" ביי די מאַסן. אויך נישט קיין גאָר-קינסטלער, אַ ווירטואָז, וואָס האָט זיך געיאָגט נאָך פאָרם און געגלידערט און געשטאָלטעט און געקאָכט זיך אין וואָרט.

אַ פּאָעט פון דעם בראַונינג-טיפּ, דער דיכטער פון ווייטע און ברייטע באַציונגען. אַרום אים האָט אַ וועלט געברויזט און געקאָכט—אַ געשמאָלצענע לאַווע. אַלצדינג דאָרט. אַלצדינג, וואָס קאָן ווערן שיינקייט און וואָס מוז ווערן ווידערלעכע פאָרמלאָזיקע גרויע מאַסע, טונקט דער דיכטער זיין האַנט אַריין אין דעם שמעלצטאָפּ—ביידע הענט—זיין גאַנצן וועזן, און ציט פון דאָרט אַרויס דעם גליענדיקן מעטאַל און פורעמט אים. און ווי דאָס טוט וויי! פאַרברענט די הענט, דער גאַנצער מענטש איין בראַנד-וווּנד. אָבער אַזוי איז דער פּאָעט: ער איז אַ בראַנד-אָפּפער אַליין. ער איז דער כהן גדול, וואָס ברענגט דעם קרבן—און דער קרבן איז ער אַליין.

דער צוקוקער אָבער, דער, וואָס שטייט פאַר דעם כהן, ער זעט נאָר איינס: דעם שיינעם יום-טובדיקן כהנדיקן זשעסט. ער זעט דאָס גאָלד און די דימענטן פון די בגדים, אָבער נישט דעם פאַרברענטן, ווונדן-באַדעקטן לייב.

איבער מיין געלעגער
האָט די נאַכט זיך איינגעבויגן
און מיר געגעבן זויגן
שיינקייט און הייטיק,
שיינקייט און ווייטיק
אויף איר ברוסט האָב איך געוויינט,
ווי אַן ערשט־געבוירן קינד,
און מיט צוגעמאַכטע אויגן
געזויגן שיינקייט און ווייטיק
שיינקייט און ווייטיק.

דער לעזער אָבער, דער, וואָס האָט דערנאָך אין זיך אַריינגענו־מען די שורות פון יהואשן, ער האָט געזען די „שיינקייט", אָבער דעם ווייטיק האָט ער נישט מיטגעפילט. דער לעזער—ער האָט בלויז געהערט די רייכע טענער, האָט זיך געוווּנדערט איבער דער זעלטענער, אויסגעטאָקטער, קונסטפולער און ווי פון זילבער געקאָוועטער יידישער שפּראַך פון דעם פּאָעט, און ער האָט אָפט נישט געוווּסט, וויפיל ווייטיק, היפּיל וועלט־אומעט עס ליגט אין די געטאָקטע וואָרט־סטאַטועטן און וויפיל מינאָרישער אַסקעטיזם איז פאַרבאָרגן אין די פאַרביקע ראַנד־באַמאָלונגען אויף דעם אַלט־יידישן פּאַרמעט.

אַ קליין לידעלע פון יהואשן קלינגט מיר אין אויער. אַ ליד, וואָס הייסט „אַ שטערן".

אַ שטערן איז אַריינגעפאַלן
דורכ'ן שויב—
איז מיין שוואַרצע פעדער
טויט געבליבן אין די פינגער.
האָבן אַלע קליינע, שיינע זאַכן
זיך אויסגעשאָטן און צעפלויגן
ווי שטויב פון אַלטע בגדים.
און איך בין געבליבן ברייט און ליידיק,
ווי אַ שנייאיק פעלד,
מיטן שטערן אינדערמיט.

אַ בריים, ווייס, קאַלט, שנייאיק פעלד-ליידיק, פּאַרדעקט די ערד מיט אַ ווייסן ליילעך, טרייסטלאָז, און אָן פּערספּעקטיוון, אָבער אַ שטערן אינדערמיט. ווייס און גאָלד - פּאַרפרוירן לעבן און שימע־רירן פון אַ וואַרעמער, גליענדיקער, ערגעצדיקער וועלט.

אַ שווערער דיכטער-ווייל פון מיט צניעות. ווייל דורך און דורך אַריסטאָקראַט. ווייל אומווילקיק אַריינצולאָזן עמעצן, אפילו נישט זען דעם טויער פון דעם וואָרט-פון זיין אייגענעם איך-דאָרט, וווּ דאָס שפּינגעוועב וועבט זיך, דאָרט, וווּ עס ווערט פון ווייטיק געבוירן שיינקייט.

אַריסטאָקראַטיש-דאָס איז, אפשר אין אַן אַנדער פאָרם, געוועזן דער שטערן פון זיין לעבן און שאַפן. אַריסטאָקראַטיש- דאָס איז געהייבנקייט, געבונדנקייט פון דער פּערזענלעכקייט צו אַ קייט, וואָס ער האָט פאַר זיך אַליין געשמידט-צו אַ גאָלדענער קייט. און דאָס מיינט ווייטער: פאַרוואָרצלטקייט אין דער פאַרגאַנגענהייט און פאַראַנט־וואָרטלעכקייט פאַר דער צוקונפט.

יהואש איז געווען אַ פּאָעט פון פאַראַנטוואָרטלעכקייט. ער האָט געפילט אַ חוב פאַר זיין אינסטרומענט, ווי יעדער קינסטלער מוז אים פילן-אַ חוב צו זיין שפּראַך. זעלטן ה־האָט אַ יידישער פּאָעט זיך באַצויגן מיט אַזאַ רירנדיקער ליבע, פאַרליבטקייט, מיט אַזאַ פּאַטאָס צו דער יידישער שפּראַך, ווי ער. ער האָט איבער איר געאַרבעט, ווי אַ גאָלדשמיד איבער זיין גאָלד. געליייטערט און געשמאָלצן, און געפּו־רעמט. ער האָט זיך געשפּילט מיט איר און געכאָוועט זי, און געליטן מיט איר. ער האָט געוווסט: מיר האָבן אָפּצוצאָלן אַ שולד צו דער שפּראַך, וואָס האָט אויסגעטראָגן אין זיך דעם ווייטיק פון הונדערטער יאָרן. און די שולד האָט ער געוואָלט באַצאָלן.

ער האָט זי באַצאָלט-מיט זיין תנ״ך-איבערזעצונג.

מיר האָבן זיך געוווּנדערט: צוליב וואָס טוט ער דאָס? פאַרוואָס פאַרגראָבט זיך אָט דער קלוגער, אָט דער פינקלדיקער, אָט דער פיין־רעאַגירנדיקער פּאָעט, אָט דער מאָדערנער מענטש הינטער דיקע פאָ־ליאַנטן, ווערטערביכער, קאָנקאָרדאַנצן, גראַמאַטיקעס-פאַרוואָס פאַרברענגט ער זיינע געצעלטע יאָרן מיט אַזאַ אַרבעט, ווי איבערזעצן דעם תנ״ך אויף יידיש?

און ער האָט געוווּסט פון דעם פלייצע-קוועטשן און דעם אָפּט אירָאָנישן שמייכל פון חברים און באַנטע. ער האָט מיט זיך אַליין שווער

געקעמפט. אַ דיכטער, וואָס שפּאַנט זיך איין אין אַ שווערן יאָך; אַ לעבעדיקער מענטש, וואָס פאַרמשפּט זיך אַליין אויף יאָרן פון שווייגן און פּאַסיוויטעט—די, וואָס האָבן געקענט יהואשן, האָבן געוווּסט זיין צער, האָבן געזען, ווי ער ליידט—הגם ער האָט שטאָלץ געשוויגן און פאַרבאָרגן זיין לייד.

ער האָט אָבער נישט אָפּגעלאָזט זיין אַרבעט. ווייל ער האָט געפילט אַ חוב—צו דער שפּראַך: ווייל ער האָט געוואָלט איר געבן די לעצטע באַשיינונג, דעם שענסטן חן—דעם חן פון דער אַמאָליקער יידישער שיינקייט, וואָס שטראַלט נאָך היינט דורך דעם שפּינגעוועב פון די צייטן.

ער האָט געוואָלט געבן דער יידישער שפּראַך—די לעצטע באַהייליקונג.

און ווען זיין אַרבעט איז שוין באַלד געטאָן געוואָרן—אויסגעשמידט דאָס גאָלד—האָט דער קינסטלער דערפילט די גרויסע מידקייט און איז אַנטשלאָפן געוואָרן, און געשטאָרבן אין גלויבן—און אין טריישאַפט—גלויבן אין זיין אַרבעט, טריישאַפט צו זיין „איך"

ווי ברייט די אָרעמס מיינע,
ווי שטאַרק!
טויזנט-טויזנט יאָרן בין איך אַלט
און טויזנט-טויזנט יאָרן וועל איך אַלט זיין.

מיט זיבן יאָר צוריק האָט יהואש אַזוי פאַרענדיקט זיין ליד „אויף די חורבות". און ווען מיר שטייען איצט, נאָך זיבן יאָר, ביי דער חורבה פון דעם שוואַכן, קראַנקן גוף, וואָס יהואש האָט באַוווינט פאַר דריי און פופציק יאָר—און איצט ווילט זיך עס גלויבן: „און טויזנט-טויזנט יאָרן וועט ער אַלט זיין"—ווי דאָס פאָלק און ווי דאָס יידישע וואָרט.

# ה. ד. באָמבערג.

פאַר צוויי-יאָרן אין פּאַריז — פּאַראַיאָרן — אין וואַרשע — היי-יאָר, נישט לאַנג צוריק, ערשט עטלעכע וואָכן אין דעם — אין צירין, אין באַזעל, אין בערלין: אומעטום, ווו מיין פוס האָט אַ טראָט געטאָן, אומעטום אויף אַלע גרויסע שליאַכן פון לעבן, אויף אַלע קרייצוועגן: באָמבערג.

צוואַנציק יאָר נאָכאַנאַנד — אָדער זענען עס שוין מער, דאַרף מען צוריקשטעלן דעם זייגער נאָר ווייטער צוריק — באַגעגענישן מיט באָמבערגן. באַגעגענישן — נישט צוזאַמענזיין. צוזאַמענטרעפן זיך, קיינמאָל נישט מיטאַנאַנד. תמיד אַ גאַסט — איינער ביים צווייטן, קיינמאָל נישט קיין שטענדיקער.

און צוזאַמענטרעפן תּמיד אויף דעם אומגעריכטסטן אופן, איינמאָל — שפּעט ביי דער נאַכט, אַרום צוויי אָדער דריי אַ זייגער, אין דעם באַרימטן קאַפע סטעפאַניע אין מינכען. עס איז געווען אַ צייט, ווען עס האָט נאָך עקזיסטירט אין דער וועלט די „באָהעם", ווען קינסטלער זענען נאָך געווען קינסטלער פון לעבן, און נישט בלויז „גייסטיקע אַרבעטער". מינכען איז געווען דער צענטער פון דער דייטשער קינסטלער-באָהעם, אין קאַפע סטעפאַניע — דער צענטער פון מינכען.

רויך פון ציגאַרן, ליאַרעם פון הויכע ווערטער, פון שיינע ווערטער. מליצות זענען געפלויגן, ווי ראַקעטן. עס האָט געזשומעט און געהילכט און געגלאַנצט. און פּלוצלונג דערהער איך פון ערגעץ — מען האָט איבער דעם רויך נישט געקאָנט זען פּונקט פונוואַנען — אַ באַקאַנט קול — שאַרף און סקריפּעדיק און שניידנדיק, געלאַסן, לאַנגזאַם, און אומגעשמיותדיק.

איך האָב דאָס קול דערקענט — נישט בלויז צוליב דער מערק־ווירדיקער וואַרשעווער — צי וואַרשעווער איבערטריבן פויליש־יידישער אויסשפּראַך, אפילו ווען ער וואָלט זיך פאַרשטעלט, ווען ער וואָלט אָנגעהייבן צו רעדן ריין ליטוויש אָדער מינכענער דייטש — וואָלט איך אים אויך דערקענט. ווייל די גאַנצע אייגנאַרטיקייט זיינע איז געווען אין דעם קול, וואָס איז געווען אָפּגעשיידן פון דעם גוף, וואָס האָט נישט געהאַט כמעט קיין שום פאַרבינדונג מיט די שטימ־בענדער, אַ קול, וואָס איז געקומען ווי פונדערווייטנס.

נאַמבערגס קול.

נאַמבערג האָט געשפּילט ביליאַרד מיט עפּעס אַ דייטש, צווישן איין צוג און דעם צווייטן אויסגעטרונקען אַ שאָל קאַווע און פאַר־רויכערט אַ פּאַפּיראָס.

„וואָס טוט איר דאָ, נאַמבערג?" — „יאָך!" — האָט צוריקגע־קלונגען דער ענטפער. — „וואָס טו יאָך דאָ? וואַרט צו אַ ווייל — כ'וועל בלויז פאַרענדיקן דעם שפּיל, וועל'יך אייך דערציילן, וואַרט — ס'איז דאָך נאָך פרי".

און איך האָב געוואַרט — און ס'איז געוואָרן פיר אָדער פינף פאַרטאָג, איידער מיר זענען אַרויס פון דעם קאַפע סטעפאַניע און זיך געלאָזט גיין איבער די שיינע, שמעקעדיקע, מיט דרום־לופט שוין אָנגעהויכטע, איטאַליע־בענקענדיקע גאַסן פון מינכען — געגאַנגען ביז צום העלן טאָג, פון איין קאַפע־הויז אין אַן אַנדערן—און גערעדט.

און אַזוי תמיד — אַזוי אַלע יאָרן, וואָס איך האָב אים געקענט.

„וואַרט, ס'איז נאָך פרי — וואָס איילט איר זיך?" — לעבן — צוליב דענקען, דענקען, פרעגן, נייגעריק זיין, דענקען און שמייכלען.

אַ מענטש אַ פּאַראַדאָקס. פאַר אַנדערע. אַ פּאַראַדאָקס אין דעם לעבן, אין דעם דענקען — אין דעם שרייבן, און דאָס פּאַראַדאָק־סאַלסטע אין אים איז געווען, וואָס ער האָט קיינמאָל גאָרנישט גע־מאַכט קיין אָנשטעל אויף אָריגינאַליטעט, וואָס ער האָט זיך קיינמאָל נישט געיאָגט נאָך עפעקטן. זיין פּאַראַדאָקס איז געווען, וואָס ער האָט געהאַט דאָס, אין וואָס מענטשן — און בפרט יידן, היינטיקע יידן — האָבן שוין פאַרגעסן: אַ גלייכן קאָפּ, דעם „שכל הישר", אַ מענטש, וואָס האָט פאַרשטאַנען. אויב איר ווילט—איז דאָס אַ טראַגיש בילד. דאָס ביטערסטע, וואָס דאָס לעבן האָט פאַר אונדז — איז פאַר־שטיין, איך מיין — נישט פילאָזאָפירן, נישט חקירהן, נישט שאַפן

זיך סימבאָלן און פאָרמולעס און סיסטעמען, נאָר — פאַרשטיין, דאָס הייסט: זען אַלצדינג אין דער פּראָפּאָרציע, נישט איבערשאַצן, נישט אַריינפאַלן אין התפּעלות, בלייבן קיל און ניכטער — אַפילו נאָך אַ רייכער סעודה מיט די בעסטע ווײַנען, — דער גייסטיקער סעודה, וואָס פאַרשיכּורט אַזוי זיס, — עס איז אַ סאָקראַטישער צוג: קאָנען טרינקען, וועלן טרינקען און נישט שיכּור ווערן, שעפּן פון אַלע קוואַלן און בלייבן פריי און טריי צו זיך, ליב האָבן דעם חומר, זיין אַן ענטוזיאַסט פון דעם גוף — און אַלצדינג, וואָס דער גוף קאָן געבן און אים האַלטן, אַזוי צו זאָגן, אויף אַ דיסטאַנץ, אין זיין זוכן און זוכן גייסטיק — מיט אַן איראָנישן שמייכל, אָן אַ חסידיש-פאַנאַטישער באַציִונג צום גייסט.

אַ סאָקראַטישער צוג אין אַ סאָקראַטישן מענטשן. דעם איינציקן פון דעם מין, וואָס מיר האָבן געהאַט אין דער יידישער וועלט, אין דער היינטיקער, דער אונדזעריקער.

אַ שוואַכער, אַ קליינער, אַ דאַרער, קוים-קוים וואָס „די נשמה האָט זיך דערהאַלטן אין אים", אַ צעבראָכענער שאַרבן. איר וואָלט קיינמאָל נישט געגלויבט, אַז אַזאַ „שברי-כּלי" קאָן אין זיך האָבן אַזויפיל וויין, לעבנס-וויין, אַזויפיל שטאַרקן זאַפט. און אָט דער שוואַכער מענטש איז געווען דער שטאַרקסטער פון אַלע — שטאַרקער פון די מיט די בערגן-גופן. ווייל ער האָט מער פון זיי אַלע ליב געהאַט דאָס לעבן, ווייל ער איז געווען אַ פאַרליבטער אין דער וועלט, אין אַלצדינג, וואָס איז אין איר, גוטס און שלעכטס, שיין און מיאוס, אין אַלצדינג, וואָס איז באַשיינט פון דער זון, אָדער פאַרדעקט פון דער נאַכט. אַ פאַרליבטער אין זאַכן — נישט אין מענטשן. ווייל זאַכן זענען אָן קונצן, ווייל זיי לעבן, ווי זיי מוזן, נישט ווי זיי ווילן.

אויבנאויף — דער טיפּישער געטאָ-ייד, אָבער הינטער דעם געטאָ-מעסיק, איז געווען דער וועלטמענטש, אָן גרענעצן, אַ וועלטבירגער, ווי מען טרעפט אים בלויז זעלטן — און דאָס אויך אין איינגעלעבטע, אַלטע, זאַטע קולטור-סביבות.

דער ייד האָט ליב רוחניות, און ער באַרימט זיך דערמיט, און מאַכט דערפון אַ וועזן, ווייזט עס יעדן, שטעכט די אויגן דערמיט, מאַכט אַ פּראָפעסיע דערפון. נאָמבערג האָט זיך געשעמט מיט דערדאָזיקער צו אָפענער ליבע. אַזוי ווייט — ווייל ער איז געווען

באמת אַ פאַרליבטער אין גײַסט, — אַז ער האָט זיך גענומען אַרויס-צוטרייבן פון דעם טאָג-טעגלעכן לעבן דאָס „רוחניותדיקע". — „טאַנצן" — — „קומט טאַנצן — איך וועל אייך אויסלערנען אַ נייעם טאַנץ". — מ'האָט געלאַכט איבער זיין טאַנצן, אַ קליינינקער, אַ דאַריג-קער, אַן איינגעהויקערטער, שלעפּט קוים די פיס און טאַנצט טשאַרלסטאָן אָדער טאַנגאָ. און ער איז געווען צו קלוג, דאָס נישט צו וויסן, ער האָט זיך געזען אין דעם שפּיגל, אָבער דאָס „טאַנצן" איז ביי אים געוואָרן אַ מין אַנטלויפן פון דער געקינסטלטער ליטע-ראַרישער און פּאָליטישער יידישער אַטמאָספערע עס איז געווען זיין פּראָטעסט, דער סאָקראַטישער פּראָטעסט אקעגן דעם אָנגע-שטעלטן ערנסט און דעם געמאַכטן פּאַטאָס פון זיין היינטיקן יידישן לעבן.

טאַנץ איז דיסציפּלין פון דעם גוף. יעדער טריט איז אויסגע-רעכנט, יעדע באַוועגונג האָט אַ לאָגיק. עס איז דער שכל פון די פיס. און נאָמבערג האָט אומעטום געזוכט דאָס שכלדיקע, אין יעדער דערשיינונג, אין יעדער פאָרם פון לעבן.

* * *

איך פלעג אים פרעגן: פאַרוואָס האָט איר זיך איבערגעגעבן צו דער זשורנאַליסטיק, פאַרוואָס האָט איר אויפגעהערט צו שרייבן קונסט?

און ער האָט מיר געענטפערט: „און איר, הייסט עס, גלויבט נאָך אַלץ אין קונסט? צו וואָס די פאַרשטעלטע פאָרם, אויב מען קאָן זיין דירעקט, פּשוט, גלייך? צו וואָס אַ מאָדיסטקע — ווען די ווירקלעכקייט איז אַזוי שיין?"

ער האָט זיך — אין זיין סאָקראַטישער עניוות — נישט געוואָלט מודה זיין, אַז ער האָט געהאַט אַ צוועק און אַ שליחות: איינפלאַנצן נאָכאַמאָל דעם שכל הישר אין דעם יידישן גאָרטן, ער האָט זיך נישט באַרימט — אָבער איך האָב עס געוווסט, און אַלע האָבן עס

געפילט: דער איינציקער קילער קאָפּ, דער איינציקער קלאָר-זעער אין דער מחנה פון „נביאים“.



מיר זענען געזעסן אין באַזעל און געשמועסט. נאָר וואָס האָט ער — אין ציריך, ביי דער קאָנפערענץ פון די יידישע מינאָריטעטן — דורכגעפירט אַ קאַמף פאַר יידיש, דעמאָנסטראַטיוו פאַרלאָזן די קאָנפערענץ, ווען עטלעכע העברעיִשע פאַנאַטיקער, מיט דער הילף פון אונדזערע אַמעריקאַנער פּלאַטאָנישע העברעיִסטן, — וואָס זענען פאַר העברעיִש אומעטום — אַ חוץ אין אַמעריקע — ווייל זיי האָבן נישט קיין שום באַציִונג נישט צו יידיש און נישט צו העברעיִש, — ווען זיי האָבן געקריוודעט די רעכט פון דער יידישער שפּראַך אין די לענדער, ווו זי איז נאָך אַן ענין.

נאָמבערג איז געווען צעפרידן — פון דעם קאָנגרעס, צעפרידן, ווייל — ווייל די ציוניסטן זענען געווען אומצופרידן און אומגליקלעך.

צעפרידן, ווייל ארץ-ישראל האָט באַקומען אַ מעגלעכקייט צו עמאַנציפּירן זיך פון די ציוניסטן.

„וואָס דאַרפן מיר דאָס אַלץ, — האָט ער געטענהט, — וואָס שטורעמט איר, וואָס פּראַזעוועט איר? דאָס יידישע לעבן איז נישט קיין פּאָליטישע פּלאַטפאָרם, עס איז אַ ווירקלעכקייט. נאַלעווקי איז אַ ווירקלעכקייט — זי מעג אייך נישט געפעלן — אָבער זי איז, און ארץ-ישראל איז אַ ווירקלעכקייט — לאָזט זיי גיין זייער אייגענעם וועג — לאָזט זיי לעבן זייער אייגענעם נאַטירלעכן לעבן“.

מיר האָבן זיך שיער נישט צעקריגט דעמאָלט ביים קאַפע-טיש אין באַזעל, צו שאַרף האָט געקלונגען זיין אומגשמיותדיקער קול; צו קלוג איז געווען זיין רעדן — צו אומפּאַטעטיש. אַ קאַלטער דוש — און ער שניידט און מען איז ברוגז, פאַרוואָס דאָס וואַסער איז אַזוי קאַלט. באַלד האָט זיך די שטימונג געביטן. נאָמבערג האָט אַרויסגערוקט ווידעראַמאָל דעם „טאַנץ-מאָטיוו“, „לאָזט די געשיכטע זאָרגן

פאַר זיך אַליין — זי וועט שוין אַרויסגיין אויף דעם גלייכן וועג — איך וויל אייך ווייזן אַ נייעם טאַנץ״.

איך האָב זיך צעלאַכט, ער האָט געשמייכלט — און מיר האָבן ווידער אָן ווערטער פאַרשטאַנען — דעם טיפן זין פון דעם „טאַנץ-טריט״.

און זיך איבערגעבעטן, ווידער פאַרייניקט אין דער שטילער, באַהאַלטענער בענקעניש פון אַ דור, וואָס זוכט די לאָגיק פון דעם טריט — און קאָן אים נישט געפינען.

„ווען וועלן מיר זיך ווידעראַמאָל זען?״ — „געוויס — מן הסתם באַלד. איך גרייט זיך צו אַ רייזע אַרום דער וועלט״. — מיר האָבן זיך געזעגנט מיט די ווערטער אין בערלין, שפּעט ביינאַכט, ווען איך האָב אָפּגעפירט נאָמבערגן אַהיים, אין זיין האָטעל אין שאַרלאָטענבורג. אַ דאַרע האַנט, אַ ביינערדיקע, אַ פאַנטאַסטיש-מאָגערע — האָט געדריקט מיינע. „אַ וועלט-רייזע״ — און איך בין געווען זיכער, אַז באַלד וועלן מיר זיך ווידער זען — ערגעץ ווו אין דער ברייטער, ווייטער וועלט — נאָכאַמאָל פאַרייניקט אין דעם טאַנץ-ריטם פון דעם גייסט.

און — כלעבן, איך בין זיך מודה — איך בענק נאָך אים, איצט, ווו עס איז דאָ בלויז איין וועג, ווו מיר קאָנען זיך באַגעגענען — אין אומענדלעכקייט...

# טעאָדאָר הערצל.

... אָפּט דאַכט זיך אויס, אַז ער אַליין איז אַ חלום, אַ בילד פון דער פאַנטאַזיע.

און וואָס ווייטער, וואָס גרעסער די מחיצה צווישן אים און די, וואָס לעבן, צווישן אים און די נייע דורות, ווערט די פראַגע ווערן שאַרפער. „צי האָט ער ווירקלעך געלעבט אַמאָל, געווען אַ מענטש, ווי מיר אַלע, געגאַנגען אויף דעמזעלבן שווערן, שטויביקן, אומזיכערן, פאַרנאַרנדיקן וועג פון לעבן? אָדער איז ער נאָר די דיכטונג פון די דורות, דער סוף פון יידישער בענקשאַפט, יידישן ווילן?

מיר, יידן פון היינט, האָבן זייער ווייניק מאָלנדיקע, פּאָעטישע פאַנטאַזיע. אַזויפיל יאָרן שוין אַוועק פון זינט טעאָדאָר הערצל איז געשטאָרבן און עס האָט זיך קיינער נישט געפונען, קיין איינציקער נישט צווישן די יידישע קינסטלער, וואָס זאָל אַריינשטעלן אים, אָט די איינציקע, זעלטן-שיינע, פאַרטרוימטע, — אַליין אַ טרוים, — פיגור, איינע פון די ווייניק גרויסע „היסטאָרישע“ געשטאַלטן פון דעם יידישן פאָלק.

„היסטאָריש“ הייסט נישט — דאָס איז געווען און געשפּילט אַ ראָלע, געווירקט, געשאַפן. היסטאָריש איז נישט אַלצדינג, וואָס איז, אָדער איז געווען אַ פאַקט, אַ געשעעניש. אונדזער געוויינלעך טעגלעך לעבן איז נאָך נישט היסטאָריע. דאָס טיפּישע, זיך תמיד, אייביק ווידערהאָלנדיקע איז נאָך נישט היסטאָריע. היסטאָריע הייבט זיך אָן דאָרט, ווו עס קומט אַריין אין דעם טיפּישן דאָס נייע, ווו דער אומענדלעכער רימען פון דעם לעבנס-מעכאַניזם שטעלט זיך אָפּ אויף אַ ווײַלע, באַקומט אַ נייעם אימפּולס, נעמט אָן אַ נייע ריכטונג.

און דאָס איז דער צייכן פון אַ היסטאָרישער פּערזענלעכקייט— וואָס זי איז ניי. קיינמאָל פריער נישט געווען אין אַזאַ געשטאַלט, וועט קיינמאָל שפּעטער, קיינמאָל ווייטער נישט צוריקקומען. מען קען קען זיין אַ גרויסער פּאָליטיקער, אַ קלוגער, טיפער שטאַטסמאַן און דאָך נישט ווערן קיין היסטאָרישע פּערזענלעכקייט, און פאַרקערט, מען קען טאָן פעלער נאָך פעלער, קיין איין גלייכן שריט און אויף אייביק פאַרבלייבן אין דעם זכרון פון דעם מענטשן.

„וואָס איז אַ גרויסער נאָמען״? — האָט אַמאָל געפרעגט נאַפּאָ-לעאָן. און האָט געענטפערט: „עס איז אַ גרויסער רעש, געזעצן, אינסטיטוציעס, מאָנומענטן, גאַנצע פעלקער גייען אַוועק, פאַלן, גייען לאיבוד — אָבער דער רעש בלייבט און הילכט אויף דורות אין די אויערן פון די מענטשן״.

אָבער וואָס מאַכט דעם רעש? דאָס אויסערגעוויינלעכע, דאָס נייע, דאָס, וואָס רעדט צו דער פאַנטאַזיע פון דעם מענטשן. נאַפּאָ-לעאָן אַליין איז דער בעסטער ביישפּיל. וואָס איז פון אים געבליבן? וואָס האָט ער איבערגעלאָזט? גאָרנישט. מיט איין צוק פון דער פעדער האָבן מיטלמעסיקע מענטשן — אַ מעטערניך, אַ לאָרד קאַסעלרי, און נאָך אַזעלכע פּאָליטיקער געמאַכט צו נישט די גאַנצע אַרבעט פון זיין לעבן. אומזיסט איז געווען דאָס בלוט, וואָס נאַפּאָלעאָן האָט פאַרגאָסן און געלאָזט פאַרגיסן אין דער וועלט. אומזיסט זיינע חלומות. גאָרנישט איז געבליבן, נאָר אַ שאָטן, אַ לעגענדע, אַ נאָמען, אַ רעש... און דאָס איז היסטאָריע...



אַלץ אין אַלעם — וואָס האָט אייגנטלעך הערצל אויפגעטאָן? אין וואָס איז באַשטאַנען זיין גרויסקייט? וואָס האָט ער געזאָגט אַזעלכעס, וואָס קיינער האָט נישט געוווּסט פאַר אים, געטראַכט פאַר אים, געטאָן פאַר אים? אַלצדינג, וואָס ער האָט געזאָגט און געטאָן, האָבן אַנדערע, פאַר אים שוין געוווּסט. — „יידנשטאַט״ — דר. פּינסקער

האָט עס יאָרן פֿאַר הערצלען פֿאָרמולירט אַזוי קלאָר און דײַטלעך, אַז קלאָרער קען נישט זײַן. באָראָן ראָטשילד האָט די פּראַקטישע אַרבעט אין ארץ-ישראל, די אידעע פֿון קאָלאָניזאַציע נישט נאָר באַטראַכט פֿריער, נאָר אָנגעהייבן אויסצופֿירן. באָראָן הירש האָט דעם אייגענעם עקספּערימענט געמאַכט אין אַרגענטינע. די גאַנצע אידעאָלאָגיע פֿון דעם מאָדערנעם ציוניזם איז באַשאַפֿן געוואָרן צענדליקער יאָרן פֿאַר הערצלען. העס האָט געלייגט דעם פֿילאָזאָפֿישן פֿונדאַמענט. דיזראַעלי האָט געגעבן דעם דיכטערישן בילד פֿון דעם אַלט-נײַעם, ווידער-אויפֿלעבנדיקן ייִדנטום. די „חובבי ציון" האָבן געוויזן דעם וועג פֿון אידעאַליסטיש-פּראַקטישער פּאָליטיק.

אַלצדינג איז געווען פֿאַרטיק, דאָס גאַנצע געבוי פֿון דעם ציוניזם איז געווען גרייט פֿונם פֿונדאַמענט ביזן דאַך, ווען הערצל איז געקומען. אין דעם אַלטן פֿאָלקס-זכּרון האָבן זיך אָנגעקליבן אַלע דערפֿאַרונגען, האָפֿענונג און יאוש און די טיפֿע, מידע איבערצייגונג פֿון „אין חדש תּחת השמש". זאָגן אין דער ייִדישער געשיכטע אַ נײַ וואָרט — האָט זיך אויסגעוויזן אַן אַבסורד. ווי קען מען עפּעס זאָגן דאָרט, וואו אַלצדינג איז שוין געזאָגט געוואָרן. איטלעכער ייִד האָט אויף זיך געטראָגן די משא פֿון דעם עבֿר, די לאַסט פֿון טויזנטער יאָרן. מען האָט אַלץ אויספּרובירט און עס איז גאָרנישט געראָטן, אויף אַלע וועגן געגאַנגען, און אין ערגעץ נישט דערגאַנגען, גאָרנישט דערגרייכט—און עס האָט זיך אויסגעוויזן, אַז עס איז שוין נישטאָ ווײַטער וווּהין צו גיין, אַז אַלע טויערן זענען פֿאַרמאַכט.

פּלוצלונג איז געקומען איינער, וואָס האָט פֿאַרגעסן, וואָס האָט דאָס ייִדישע לעבן דערזען צום ערשטן מאָל. גאַנץ נײַ — גלייך ווי דאָס ייִדישע פֿאָלק וואָלט נישט געווען אַלט, אָנגעזאַפּט מיט יאָרן און מיט ביטערע דערפֿאַרונגען, גלייך ווי עס וואָלט נישט געווען אַ פֿאָלק פֿון קבֿרים און מצבֿות, נאָר יונג, פֿריש, נײַ, אַ פֿאָלק, וואָס הייבט ערשט אָן צו לעבן, צו טרוימען און צו האָפֿן.

עס זענען דאָ אין לעבן פֿון מענטשן אַזעלכע געדאַנקען, וואָס זענען אַלט ווי די וועלט, אַלט ווי דער מענטש אַליין. אָבער זעלטן וואָגט עס עמעצער זיי אויסצודענקען ביזן סוף. די אייביקע געדאַנקען פֿון לעבן און טויט, פֿון גאָט און מענטש, פֿון דער אומפֿאַרשטענדלעכקייט פֿון דעם, וואָס טוט זיך אַרום אונדז, פֿון דער אומדערגרינדלעכקייט פֿון אונדז אַליין. און אַז עס קומט אַ נײַער און

האָט דעם מוט דורכצוטראַכטן די געדאַנקען אויפסניי — מאַכן זיי צו זיין אייגענעם, פערזענלעכן, פרישן דערלעבעניש — עפּענען מענטשן אויפן מויל און אויערן און עס ווייזט זיך זיי אויס — אַז דאָס איז עפּעס אַ נייס, עפּעס אַ מין פרישע תורה.

הערצל האָט די יידישע פראַגע אויפגעפאַסט, ווי אַ נייע זאַך. ער האָט זיך נישט גענומען שטודירן אַלטע ספרים, שמות, צוהערן זיך וואָס אַנדערע פאַר אים האָבן געזאָגט, צוצוקוקן זיך וואָס איז שוין פאַר אים געטאָן געוואָרן. און דאָס איז געווען זיין גליק און זיין גרויסקייט. דאָ איז געווען דער שורש פון זיין היסטאָרישער גע-ניאַליטעט.

מאָלט אייך אויס, אַ ווינער יונגערמאַן, אויפגעוואַקסן אין דער וואָך-סענטימענטאַלער ווינער קאָסמאָפּאָליטישער אַטמאָספערע, אַ פע-ליעטאָניסט, אַ שרייבער מיט אַ לייכטן, שמייכלענדיקן, אַ ביסל איראָנישן סטיל, אַ פאַרפאַסער פון אַ פּאָר נישט זייער טיפע, נישט זייער שטאַרקע, שפּילערישע קאָמעדיעס, אַליין שיין, ווי אַן אָריענטאַלישער פּרינץ, עלעגאַנט, דורך און דורך אייראָפּעער, וווינט אין פּאַריז, אַלס קאָרעס-פּאָנדענט פון דער ווינער „נייער פרייע פּרעסע", אַריינגעטאָן אין דעם טומל פון דעם פּאַריזער לעבן — פרעמד צו אַלע נאַציאָנאַלע פראַגן, איבערהויפּט נישט פּאָליטיש פאַראינטערעסירט. אָן אַ סאָציאַלן טעמפּעראַמענט, אָן אַ פּאַטאָס. אָט דער מענטש, וואָס האָט געהאַט אַזוי ווייניק יידישעס אין זיך, נישט אין זיין כאַראַקטער, נישט אין זיין דערציִונג, וואָס האָט באַהאַלטן ערגעץ טיף אין זיין נשמה אַ פּאָר קינדער-זכרונות, אַ פּאָר בילדער פון זיין יידישער היים — פאַרטראַכט זיך פּלוצלונג איבער דער יידישער פראַגע. דער „דרייפוס-פּראָצעס" האָט אים דערמאָנט אָן זיין יידנטום. דאַכט זיך, ווער האָט נישט געוווּסט פון דעם דרייפוס-פּראָצעס? ווער האָט ער נישט אויפ-גערודערט? גאַנץ פראַנקרייך, גאַנץ אייראָפּע, די גאַנצע ציוויליזירטע וועלט איז געגאַנגען כאַדאָראָם.

אָבער ווינציק ווער, אַפילו צווישן די יידן אַליין, האָבן אויפ-געפאַסט דעם פּראָצעס אַלס אַ י י ד י ש ע פראַגע. אַ קאַמף אַנטקעגן דעם מיליטאַריזם, דער רעאַקציע, די שוואַרצע כּוחות אין דער גע-זעלשאַפט, אַנטקעגן דעם אַנטיסעמיטיזם, אַ קאַמף צווישן רעכט און מאַכט — וואָס איר ווילט, פון אַלע שטאַנדפּונקטן איז מען צוגעגאַנגען צו דעם פּראָצעס. אָבער נישט פון דעם יידיש-נאַציאָנאַלן. וואָרים די

סמיכות-הפרשה צווישן דער יידישער געשיכטע און דער טראַגעדיע פון אַ יידישן קאַפּיטאַן אין דער פראַנצויזישער אַרמיי איז געווען זייער אַ ווייטע. אָבער אויף הערצלען האָט דער פּראָצעס געווירקט אויף אַ גאַנץ אומדערוואַרטן שטייגער. די יידנפראַגע האָט זיך פאַר אים אַנידערגעשטעלט, ער האָט זי דערזען. דערזען, ווי אַ מענטש, וואָס זעט אַ דערשיינונג צום ערשטן מאָל. און ער האָט געהאַט דעם מוט און די קראַפט זי אויסצודענקען גאַנץ, ביז צום סוף.

און איז געקומען צום — ציוניזם. „געקומען" איז נישט דאָס ריכטיקע וואָרט. מען קומט צו דעם, וואָס איז דאָ. דער „ציוניזם" איז אָבער פאַר הערצלען נישט געווען. אַלצדינג, דאַכט זיך, איז שוין געווען אָנגעגרייט, אַלצדינג אויספּרובירט — אָבער די פאָרם, וואָס הערצל האָט אַריינגעטראָגן, איז נאָך קיינמאָל נישט געווען.

אַקוראַט, ווי אַ קונסטווערק. ראָדען שאַפט אַ סטאַטוע, מאַכט למשל „די בירגער פון קאַלע", אָדער דעם „דענקער" אָדער די „האַנט פון גאָט". אי דער מירמלשטיין איז שוין געווען פאַרטיק, אי די אידעע איז נישט ניי, ווי דער מאָדעל איז פאַראַנען געווען — אָבער דאָס אַלץ איז געווען פאַר זיך, ביז ראָדען, דער קינסטלער איז נישט געקומען און פאַרבונדן אַלצדינג אינאיינעם — דורך זיך, דורך זיין נשמה, זיין פּערזענלעכקייט און האָט געשאַפן אַ נ י ס. וואָס איז דאָס? דער מאַטעריאַל. די אידעע? ניין — ראָדען איז ניי. ער איז איינציק. פאַר אים האָט קיינער אַזוי נישט געזען, קיינער וועט נאָך אים אַזוי נישט זען. וואָרים יעדער פון אונדז איז אַ וועלט פאַר זיך, וואָס קערט זיך נישט אום און ווידערהאָלט זיך נישט. און יעדער האָט זיין באַוועגונג, זיין אייגענעם ריטם. דער גרויסער, דער גע-ניאַלער מענטש קען דעם ריטם מיטטיילן דעם לעבן אַרום אים. ער גיט דער וועלט זיין חותם.

מען זאָגט, אַז די גרויסקייט פון הערצלען איז געווען—וואָס ער האָט באַשאַפן די ציוניסטישע קאָנגרעסן, געגרינדעט אַ באַנק, געמאַכט אַן אינטערנאַציאָנאַלע יידישע באַוועגונג — איז דאָס באמת אַזוי גרויס? האָט מען געדאַרפט וואָרטן הונדערטער, צי טויזנטער יאָרן צו קומען צו אַזאַ אידעע? ווער האָט עס נישט פאַרשטאַנען, ווער האָט עס נישט געוווסט? ס'איז דאָך אַזוי פּראָסט, אַזוי באַלעבאַטיש, און דער גאַנצער פּאָליטישער הערצלשער ציוניזם! איז ער דען אַזוי אָריגינעל? אַ וואָסער ייִד הינטער דער הרובה אין קלויז האָט נישט אַליין, מיט

זיין אייגענעם שכל משיג געווען שוין לאַנג, פאַר הערצלען, אַז עס וואָלט געווען אַ פּלאַן אָפּצוקויפןביים טערק ארץ-ישראל—„ווען ראָטשילד זאָל נאָר וועלן״? אָבער אונטער הערצלס האַנט האָט אַלצדינג באַקומען גאָר אַן אַנדער פּנים, אויסגעוויזן זיך, ווי אַ שפּאָגל נייע אַנט־דעקונג, אַנגעמאכט אַ רעוואָלוציע אין יידישן לעבן. מיט איין מאָל, איבער נאַכט, איז דער ווינער שריפטשטעלער געוואָרן דער פירער, דער מנהיג הדור, דער גואל, כמעט דער משיח. דאָס גאַנצע יידנטום האָט מיטאַמאָל דערפילט, אַז דאָס איז דער „מענטש פון דער השגחה״, אַז אין דער יידישער געשיכטע האָט זיך אָנגעהייבן אַ נייַ קאַפּיטל. פאַרוואָס, האָט קיינער נישט געוווסט, קיינער האָט עס נישט געקענט פאַרשטיין, קיינער האָט עס עד היום נישט געקענט משיג זיין מיט דעם אַנאַליז פון דעם שכל. פאַרוואָס ווערן מיר באַגייסטערט, פאַר־כּישופט, פאַרשיכּורט פון אַ קונסטווערק? פאַרוואָס ווייזט זיך אונדז אויס, אַז מיר ווערן רייכער, בעסער, שענער, טיפער, ייִנגער, אַז מיר שטייען פאַר אַ גרויס קונסטווערק? עס איז אַ סוד. און נישט צו דערגרינדן.

הערצל האָט דאָס יידישע פאָלק ייִנגער געמאַכט. ייִנגער מיט טויזנטער יאָרן, אַראָפּגענומען די פלאַסטן, וואָס האָבן זיך אָנגעזאַמלט, די פלאַסטן פון דער געשיכטע, די האַרטע קאָרע פון דעם געוועזענעם און צוריקגעגעבן אים די זון, די שטראַלן פון דעם וואַרעמען לעבן. מיר פילן עס אַלע — צי מיר זענען אָנהענגער, צי קעגנער פון דעם ציוניזם, מיר פילן, אַז מיר — אַלע יידן — זענען ייִנגער און פרישער, געזינטער און נאַיווער. מיר פילן, אַז מיר זענען נאָך נישט קיין אָפּגעשטאָרבענער גוף, קיין טויטע ביינער, אַז עס איז נאָך מעגלעך אַ האָפענונג אויף אַ נייַ לעבן. דער חלום און די בענקשאַפט זענען צוריקגעקומען צו אונדז. און דאָס אַלץ דערפאַר, ווייל הערצל האָט געלעבט, ווייל הערצל האָט געהאָפט, געחלומט, ווייל ער — דער נייער — האָט אונדז אַלע געמאַכט פאַר נייע..

* *
*

הערצל איז געווען אַליין אַ קונסטווערק. דער פירער, ווי די פאַנטאַזיע קען זי זיך נאָר אויסמאָלן. ווי פון אַ לעגענדע אַרויסגע-נומען. אַ לעגענדע פון אַלטע צייטן. מיר זענען היינט געוויינט צו קלענערע מאַסשטאַבן, מיר ווייסן היינט, אייגנטלעך, נישט, וואָס דער אמתער פירער איז. די אַמאָליקע מענטשן האָבן געהאַט זייער בילד פון אַ פירער. אַ הערשער איבער מענטשן האָט באַדאַרפט זיין דער מ ו ש ל ם. אין אַלע אַלטע לעגענדן ווערט איר עס זען. דער מ ל ך איז געווען דער בעסטער, דער שענסטער, דער האַרמאָנישסטער פון פון אַלע. „פון זיין פּלייצע און העכער, גרעסער פאַר דעם גאַנצן פאָלק". עס קען זיין, אַז אין לעבן זענען זיי געווען נישט אַזוי „איבערמענטשלעך". די פאָרשער זאָגן, אַז אַלכסנדר מוקדון, דער גרויסער אַלכסנדר איז געווען נישט קיין שיינער און קליין פון וווקס, אָבער די פאַנטאַזיע פון די מענטשן האָט זיך נישט געוואָלט רעכענען מיט דער ווירקלעכקייט. זי האָט זיך אויסגעמאָלט — און די אַלטע סטאַטועס ווייזן עס — אַלכסנדרן אַלס אַ גבור, אַ שיינעם יונגנמאַן, הויך, גרויס, שטאַרק און אָן איין חסרון.

הערצל איז געווען אין דער ווירקלעכקייט אַזויווי די לעגענדע וואָלט אים באַדאַרפט מאָלן. אויב עס איז דאָ אין דער וועלט נאָך אַ „קעניגלעכע" געשטאַלט — איז דאָס געווען די הערצלשע. די גע-שטאַלט פון אַ מערבן-פּרינץ, די געשטאַלט פון אַ סאַלאַדין. און דאָס איז געווען זיין — געווען אונדזער גליק. די וועלט און מיר אַליין האָבן צום ערשטן מאָל דערזען אַ יידישע געשטאַלט, וועלכע איז אַבסאָלוט שיין, רופט נישט אַרויס קיין שום ספקות, לאָזט נישט צו קיין שום איראָניע. מאָלט אייך, למשל, אחד-העם אַלס פירער פון יידן. דער „געטאָ-ייד", ווי ער שטייט אין בוך: קליין, שוואַך, פאַר-טראַכט מיט מעלאַנכאָלישע אויגן און דעם גרויסן יידישן שטערן. ער אימפּאָנירט נישט, לאָזט קאַלט די פאַנטאַזיע. ער איז געדאַנק, לאָגיק, מוח. און מוח רעדט צו מוח. געדאַנק פאָדערט אַרויס ווידערשפּרוך.

אָבער קעגן שיינקייט, קעגן דעם שטראַלנדיקן ווילן, קעגן אַ

פרימיטיוון, נאַיוו-געזונטן, פרישן, שטאַרקן גרויבן — קענען אַ מעשהלע וואָס קענט איר טאָן?

איר פאַרגעסט אָן דעם תּוך — די פאָרם נעמט אייך אין גע-פאַנגענשאַפט.

און הערצל איז געווען אַ קינד פון גליק. אין שיינקייט און יוגנט געקומען צו זיין לעבנסווערק און אין שיינקייט אַוועקגעריסן פון דעם לעבן: זיין מזל האָט אים באַהיט פאַר דער פּראָזע פון אַלטווערן, פון וואַכעדיק ווערן. אַלס אַ לעגענדע איז ער געקומען און אַלס אַ לעגענדע איז ער אַוועקגעגאַנגען. און אַ לעגענדע איז ער געבליבן.

וואָס עס וועט ווערן פון זיין ווערק — ווער קען עס וויסן? יעדנפאַלס נישט דאָס, וואָס הערצל האָט געטרוימט. די ווירקלעכקייט איז באַנאַלער, ווי דער טרוים. אָבער דאָס איז גאָרנישט וויכטיק. „געזעצן און שטאַטן, אינסטיטוציעס און נאַציעס פאַרגייען — אָבער דער רעש בלייבט און קלינגט די מענטשן אין די אויערן". דער קלאַנג, די לעגענדע, די שיינקייט, די פּערזענלעכקייט פון הערצל—איז וויכטיקער, ווי אַלץ, וואָס ער האָט געשאַפן. און מיר, און דורות נאָך אונדז, פילן זיך רייכער און שענער, ווייל—הערצל האָט געלעבט. דער איינציקער שיינער ייִד פון אונדזער צייט. דאָס גרויסע מאָדערנע יידישע קונסטווערק פון אונדזער עפּאָכע...

# דר. חיים ווייצמאַן.

שיקזאַל, גורל, מזל,—דריי ווערטער, איין באַגריף. אַלעאינאייר־נעם מיינען זיי איינס: דאָס אומפאַרשטענדלעכע, דאָס אומראַציאָנאַלע, דאָס, וואָס איז, ווייל עס איז, נישט ווייל עס האָט געזאָלט און באַדאַרפט זיין.

אַזוי מיט זאַכן, אַזוי מיט מענטשן. אָפט קומט אייך אַ מענטש אין וועג, ווערט פאַר אייך אַ שטרויכל, אָדער אַ הילף, אַ וואַנט, אָדער אַ וועג, אַ פירער, אָדער אַן אַוועקפירער, — ער ווערט פאַר אייך אַ פּראָבלעם.

און איר ברעכט זיך דעם קאָפּ: פאַרוואָס, וואָס איז הער זין פון דעם מענטשן, וואָס איז זיין סוד? מיט וואָס האָט ער באַקומען אַזאַ מאַכט איבער אייער ווילן, — וואָס גיט אים אַ רעכט צו ווערן דער קנעטער פון אייער גורל?—און איר קאָנט נישט געפינען קיין תשובה. איר וועגט און מעסט—און עס שטימט נישט. דאָ אַ פעלער, דאָרט איז די מאָס נישט פול—און פאָרט: ער וועגט איבער די גאַנצע וואָגשאָל.

איך וויל דאָ נישט אַריינגיין אין ווייט־פאַרצווייגטע אַנאַליזן און היסטאָרישע פּאַראַלעלן. ביישפילן העלפן נישט און „פאַרגלייך איז נישט קיין טעם“—זאָגט דאָס קלוגע פראַנצויזישע ווערטל.

אָט איז פאַר אונדז אַ פּראָבלעם: ווייצמאַן.

נישט קיין מיטישע פיגור, נישט קיין מיסטישע, נישט איינער פון די, וואָס קומען ערגעץ פון די מרחקים, אַ דוד ראובני, דער

„פרינץ פון די שוואַרצע לענדער", אַ דוד אלראי, אַ געשטאַלט פון משיח־שטראַלונגען, אפילו נישט קיין הערצל — אַן איינציקער און אַן ערשטער.

מיר אַלע קענען אים. און אויפן קאָנגרעס, צווישן היימישע, צווישן חברים, קען מען אים צו גוט, צו נאָענט.

ער מעג זיין פאַר אַמעריקע, פאַר דרום־אַפריקע, פאַר דער איסט־סייד אין ניו־יאָרק, אָדער פאַר לואי מאַרשאַל, ד ע ר פירער, דער נחמיה פון היינט. דאָס איז פאַר זיי. זיי האָבן צו אים די נייטיקע די־סטאַנץ. פאַר זיי איז ער אַ פרעמדער, פאַר זיי איז ער, ד ע ר דר. ווייצמאַן, אָבער פאַר דעם קאָנגרעס איז ער אַן אייגענער.

יעדער—כמעט יעדער פון די דעלעגאַטן, בפרט פון די עלטערע—געדענקט אים, דעם סטודענט פון בערן, דעם פריוואַטדאָצענט פון זשענעווע, דעם מיטגליד פון דער פראַקציע, דעם אָפּאָזיציאָנעלן,—דעם איראָפּעיזירטן אינטעליגענט פון מאָטעלע—מיט זיין אייגנאַרטיקן טרוקענעם הומאָר. פאַר זיי—פאַר די מייסטע פון זיי—איז ער ח י י ם.

און פונדעסטוועגן—אפילו פאַר זיי איז ער: דער מענטש פון דעם שיקזאַל. אפילו זיי, וואָס זענען אין דער אָפּאָזיציע צו אים, האָבן נישט די ערנסטע כוונה, דעם אמתן ווילן אים צו באַזייטיקן פון דער פירער־שאַפט, איבערנעמען די לייטונג פון זיינע הענט.

אַן „אימפּרעסיאָניסט", אַ „פּאָליטישער פּעליעטאָניסט", אַ „דילע־טאַנט"—וואָס זאָגן זיי נישט וועגן אים, עפנטלעך און פריוואַט, אין די קולואַרן און פון דער קאָנגרעס־טריבונע! אין גרינבוים און סאָלאָוויי־טשיק און זשאַבאָטינסקי — אַלע שאַרפן זיי דעם חלף, שפּאַנען אָן דעם בויגן—אָבער ווען עס קומט צו דער טאַט—פאַלט אַראָפּ דער חלף, און דער בויגן ווערט אַ שפּילכל, אַ ל"ג־בעומר־פייל און בויגן אין זייערע הענט.

„וואָס מאַכט איר אַזויפיל העוויות?" — האָב איך נישט איינמאָל געפרעגט מיינע פריינט פון דער אָפּאָזיציע,—וואָס דאַרפט איר האָבן די אַלע קונצן? איר ווייסט דאָך, ווייצמאַנס צייט איז אָפּגעלאָפן, ער האָט נישט מער די פּאָפּולאַריטעט, ווי אַמאָל, זיין כוח איז צערונען, ער האָט זיך איבערגעגעבן אין די הענט פון די „נאָטאַבעלן"—ווי גרינבוים האָט זיך ליב אויסצודריקן,—ער האָט אפילו אין פּאַלעסטינע איבערגעגעבן די מאַכט צו איינעם, וואָס איז שטאַרקער פון אים. איר ווייסט דאָך — ער איז נישט קיין פירער, נאָר אַ געפירטער—וואָס זשע מאַכט איר זיך? גורם

אָן די לענדן—און ווערט אַליין די פירער.״

איך האָב עס מיט זיי געטענהט, נישט דערפאַר, וואָס איך האָב באמת געוואָלט. אַז זיי זאָלן איבערנעמען די פירערשאַפט. מיין אמונה אין זייער פעיקייט צו פירן איז נאָך קלענער—ווי אפילו וויצמאַנס.

איך האָב אויך נישט געמיינט ערנסט, אַז עס איז די צייט, אַז וויצמאַן זאָל אָפּגעבן די לייצעס פון זייגע הענט, די לייצעס, וואָס ער האַלט אַזוי לויז, אַזוי שוואַך.

פאַר מיר איז בלויז געווען אינטערעסאַנט דער פסיכאָלאָגישער מאָמענט. פאַרוואָס ווילן זיי נישט זאָגן דאָס לעצטע וואָרט, פאַרוואָס האָבן זיי נישט דעם מוט צו דער טאַט?

און זייער ענטפער איז געווען אַן עכט־יידישער, אַ פראַגע: „פאַרוואָס און צו וואָס זאָלן מיר דאָס טאָן? ער האָט פאַרקאָכט אַ קאַשע, זאָל ער זיך מיט איר האַלטן. נאָך צוויי יאָר, און מיר וועלן מיט אים זיין פאַרטיק—און ער א־יך—אָבער איצט צו וואָס?״

זיי האָבן אַליין אפשר נישט געוווסט. וואָס פאַר אַ קאָמפּלימענט זיי האָבן געמאַכט דעם, וואָס זיי באַקעמפן, וואָס פאַר אַן אַטעסטאַט זיי האָבן אויסגעשטעלט וויצמאַנען.

אַ פירער? זענען טאַקע דאָ אַזעלכע? מען זאָגט—עס זענען געווען. מען זאָגט—לענין, מוסאָליני א. אַז. וו. אָבער וואָס איז זייער פירערשאַפט? זיי גייען מיטן שטראָם — מיינענדיק, אַז זיי גייען אנטקעגן אים.

לענין איז געגאַנגען מיט דער מאַסע—נאָך איר אינסטינקט. מוסאָליני האָט געטאָן דעם ווילן פון דער גרויס־בורזשואַזיע. „מען מיינט, אַז מען טרייבט און מען ווערט געטריבן״.

פירונג איז אַן אילוזיע און אַ מיראַזש.

און בפרט אין אַ לאַגע, ווי די יידישע, פאַר אַ פראָבלעם, ווי דער אויפבוי פון ארץ־ישראל.

אין גרונט—וואָס פעלט אונדז? מיר האָבן אַ לאַנד, מיר האָבן מענטשן, אפילו דעם ווילן האָבן מיר,—איינס פעלט אונדז,—צו דער דערגרייכונג: צייט.

צייט, וואָס ווערט אומגעזעצט אין מאָראַלע און מאַטעריעלע ווערטן, צייט, וואָס איז וואַקסן.

דאָס, וואָס ביי אַנדערע פעלקער דריקט זיך אויס אין רוים־באַגריפן,—אין שטח,—פאַרכאַפּן לאַנד, זיך אויסשפּרייטן, ווערט ביי אונדז

צייט-באַגריפלעך, ווייל צייט הייסט ענערגיע. און ענערגיע בייטיקט זיך אין לאַנגזאַמקייט—אין זיך פאַנאַנדערוויקלען.

דאַרפן אַנדערע האָבן אַ בריק איבער דעם שטח—צווישן בערג, איבער תהומות — בייטיקן מיר זיך אין אַ בריק איבער דער צייט — צווישן איין ענערגיע-פאָרם פון דעם יידישן מענטשן און אַ צווייטער. אַנדערער פירונג—איז אַ בריק-פירונג.

אַ בריק, וואָס פאַרבינדט די איבערגאַנגען.

און דאָס איז דר. ווייצמאַנס איינציקע קראַפט, דאָס איז זיין מיסטישע פעיקייט, וואָס האָט אים, דעם צופעליק געוואָרענעם פירער, געמאַכט פאַר דעם „מענטש פון שיקזאַל".

אַ מענטש, וואָס קאָן וואַרטן, וואָס האָט דעם מוט נישט צו זיין קאָנזעקווענט, אַ מענטש פון שטימונגען—דאָס הייסט פון קרימונגען און זיגזאַגן פון דעם ווירקלעכן לעבן. היינט אַזוי—מאָרגן אַנדערש—און וואָס איז? נישט לאָגיש, נישט אויסגעהאַלטן—מילא! איז דאָס לעבן לאָגיש? איז ביז אַהער די יידישע געשיכטע געגאַנגען אויף גלייכע וועגן, ווי אַ סטרונע, ווי אַ וויַרע? טאָר, חלילה, נישט זיין קיין שום לאָגישער פעלער אין איר, קיין שום זייטיקער וועג?

דר. ווייצמאַן איז אַ בריק — צו אַ פאָזיציע, און מער פון אַלע גרינבוים—אַ ווירע. ער איז דער יידישער שטח,—אין זיין גאַנצן מהות אַזוי עכט-יידיש, קאַפריז און שכל, שטימונג און עקשנות, וויץ און סקעפטיק און אַן אומראַציאָנאַלער גלויבן. עס איז דאָ עפעס חסידישעס אין זיין וועזן. אָט התלהבות—און אָט אַ ווונק מיט דעם אויג—אַ שמייכל, אַ ביטול, וואָס דערגייט ביז צום ביטול היש.

און דערפאַר איז ער אייגנטלעך דער סינטעז פון דעם גאַנצן רוסישן יידנטום. ער האָט אפשר נישט קיין איינציקן טראָפּן מערב-בלוט אין זיינע אָדערן. ער איז דער מזרחיסטישער פון אַלע. ער — דער איראָפּייער, דער זשענעווער דאָצענט, דער ענגלישער פראָפעסאָר. ער, וואָס איז אַזוי ווייט פון מאָטעלע און פינסק און ווילנע—ער איז יידישלעכער, פאָלקסטימלעכער, רוסיש-יידישער, ווי די, וואָס זיצן אין וואַרשע און מאַכן נאַציאָנאַל-פּאָליטיק, אָדער די אולטראַ-ציוניסטן, ווי זשאַבאָטינסקי, וואָס ווילן גאַריבאַלדיזירן דאָס יידישע לעבן.

זיי טראָגן איבער פאַרטיקע באַגריפן, פאָרמולעס אויף דער יידישער ווירקלעכקייט. און דאָס לעבן לאָזט זיך נישט מאָדעלירן. עס איז ווייך, ווען מען גייט עס נאָך, עס ווערט האַרט, ווי גראַניט, ווען מען

חיל אַרויפצווינגען אויף אים אַ פרעמדן ווילן.

ווייצמאַן וויל נישט באַצווינגען, נישט באַהערשן, וויל נישט אַריינ־פירן קיין נייעם טאָן אין דער יידישער נשמה. ער איז אַ המשך, ער איז אַ בריק, וואָס פירט אַריבער בהדרגה פון איין צייט צו אַ צווייטער. און נאָר בהדרגה קאָן מען שאַפן פאַר אייביקייטן. אַ בריק, ווו עס קומען זיך צונויף מזרח און מערב—און דער מזרח איז גובר. און דאָס איז זיין סוד, דאָס איז זיין זין, דאָס איז זיין „שיקזאַל".

אָט דאָ, אין באַזעל, מיט פופציק יאָר צוריק, האָט געלעבט אַ מענטש, אַן איינזאַמער, אַ שטורמער — און ער האָט אַרויסגעשליידערט דאָס וואָרט אין דער וועלט אַריין: „און דאָס לעבן זאָגט—פאָלג נישט מיר, נישט מיר, נאָר דיר, נאָר דיר."

ניצשע האָט געחלומט אַן אומגליקלעכן חלום. ער האָט געמיינט, אַז ער האָט געהערט דעם קול פון דעם לעבן—און האָט געהערט זיין אייגענעם פראָטעסט אַנטקעגן אים. ווייל דאָס לעבן וויל נישט וויסן פון קיין ווילן, אַחוץ זיין אייגענעם, פון קיין אַנדער וועג, חוץ דעם, וואָס עס רייסט זיך דורך,—איבער בערג, איבער פעלזן, פון די טיפענישן אַרויס, אויף דער פלאַך.

פראָטעסטן העלפן נישט. ניצשע האָט אויך געמוזט פאָלגן דעם ווילן, וואָס איז שטאַרקער. ער האָט געוואָלט אַריבערשפּרינגען די בריק—און דער רייסנדיקער שטראָם האָט אים פאַרכאַפּט. „ווייל זאָ האָט דאָס לעבן, דאָס לעבן געוואָלט".

מיר אָבער האָבן נישט קיין מעגלעכקייט און נישט קיין רעכט צו ריזיקירן. מיר מוזן גיין מיט דער בריק, ביז—ביז צום ברעג, ווו ער זאָל נישט זיין.

## ישראל זאַנגוויל.

אין ווענעציע-אויפן וועג פון ארץ-ישראל—האָט מיך דערגרייכט די ידיעה פון ישראל זאַנגווילס טויט. אַ קליינע נאָטיץ—אַ טעלעגראַם פאַרשטעקט ערגעץ אין אַ ווינקל פון אַן איטאַליענישער צייטונג—אַ פּאָר שורות—און אָפּגעפּאַרטיקט. און וואָס האָט מען געקאָנט דערוואַרטן? וואָס איז זאַנגוויל פאר איטאַליענער — מער ווי דער פּראָפעסאָר פון אַ בוך, וואָס האָט „איטאַליענישע פאנטאַזיעס", אַ בוך, וואָס מען קען אין איטאַליע בלויז נאָך דעם נאָמען—און מיינט, אַז עס האָט צוטאָן מיט איטאַליע—און נישט, ווי דער אמת איז, מיט דער גאַנצער וועלט.

און דער עיקר—מיט ישראל זאַנגוויל. און וואָס איז זאַנגוויל פאַר אַנדערע, פאַר די, וואָס שטייען נענטער צו זיין שאַפן, פאַר דעם פאָלק, וועמענס שפּראַך ער האָט מייסטערהאַפט געקנאָטן, ווי אַ טעפּער קנעט זיין ליים?

וואָס איז ער פאַר ענגלאַנד—און דער ענגלישער ליטעראַטור?

איך ווייס נישט—איך האָב נישט געלייענט די ענגלישע נעקראָלאָגן. אָבער איך קאָן זיך זייער גרינג אויסמאָלן. די געוויינלעכע באַנאַלע פראַזן: אַ שאַרפע פען, אַ שניידנדיקער וויץ, אַ שאַרפער קאָפּ—נישט גאַנץ ענגליש אין זיין פּאַטאָס און אויך נישט אין זיין איראָניע—און שוין געוויס נישט אין זיינע סוזשעטן. יידן—געטאָ—חלומות—משיח—אַלץ אַזעלכע פראגן און פיגורן, וואָס שטייען ווייטלעך פון דעם ענגלישן אינטערעסנקרייז.

אמת—מען וועט דאָס זיכער דערמאָנען — די קעניגין וויקטאָריע האָט ליב געהאַט זאַנגווילס „דרימערס אָוו דהי גהעטאָ”—דאָס בוך איז געשטאַנען ביי איר אין דער ביכערשאַפע, אָבער וואָס באַווייזט עס? די קעניגין וויקטאָריע איז געווען אַ קנאַפּער מומחה אויף ליטעראַטור. און—אפילו ווען וויקטאָריעס חסכמה וואָלט געהאַט אַ ווערט—הייסט עס, אַז זאַנגוויל איז געווען אַ „וויקטאָריאַנער”, און דאָס מיינט, אַ שרייבער מיט מיטלקלאַס-אידעען, מיט דעם מיטלקלאַס-צוגאַנג. אַ ביסל נאַיוו, סענטימענטאַל, מיט איין וואָרט: אַלטמאָדיש.

אַזוי—געוויס די ענגלענדער.

און איך פרעג זיך: איז דאָס טאַקע אַזוי? איז דאָס זאַנגוויל? עס קאָן זיין, אַז כּדי צו האָבן אַן אמתן צוגאַנג צו דער נשמה פון אַ שרייבער—מוז מען אים אָדער גאָרנישט קענען פּערזענלעך, אָדער אים קענען גענוי, אינטים, אַזוי ווי עקערמאַן האָט געקענט געטהען. דיסטאַנץ איז פּונקט אַזאַ שליסל, ווי נאָענטקייט.

אָבער ווען מען קען אַ מענטשן — און מען איז מיט אים דאָך נישט אינטים, ווען איר זעט בלויז זיין מאַסקע — ווערט נישט דער מענטש פרעמדער, אומפאַרשטענדלעכער, ווי פריער?

אַזוי האָט עס מיר תּמיד פּאַסירט מיט זאַנגווילן. איך געדענק נאָך דעם ערשטן איינדרוק, וואָס ער האָט אויף מיר געמאַכט—ווען איך האָב אים דערזען אויף איינעם פון די ציוניסטישע קאָנגרעסן: אַ מערקווירדיק העסלעכער מענטש—אַ משונהדיקע קאָמבינאַציע פון אַ דריימאָל יידישן, איבערסעמיטישן פּנים מיט דער כאַראַקטעריסטישער בריטישער מאָגערקייט און טרוקנקייט.

און זיין רעדן! נישט ווי אַ געוויינלעכער מענטש, וואָס וויל אַרויסזאָגן אַ געדאַנק, וואָס איז באַהערשט פון אים און ווערט אַליין נתפּעל און באַגייסטערט, אָדער וואָס איז אַ האַר איבער אים און באַציט זיך צו אים, ווי אַ שמיד צו זיין אייזן—מיט דעם האַמער. זאַנגוויל האָט גערעדט—ווי ער האָט אויסגעזען: יידיש-ענגליש. ענגליש, בריטיש אין דער פאָרם: לייענען פון דעם פּאַפּיר, יעדן זאַץ פּאַר זיך. נאָך צוויי-דריי זאַצן אַ „פּאָינט”—אַ „וויץ”—מיט אַ פּויזע, מיט אַ זשעסט. דאָס איז איראָניע, דאָ מוז מען לאַכן און זאָגן „היר, היר.” דער געדאַנק אָבער, דער אינהאַלט, איז געווען אַזוי יידיש! מער ווי יידיש. ער איז געווען סעמיטיש, אָריענטאַליש, מיטלאַלטערלעך — ספרדיש-איטאַליעניש.

אזוי האָט געזאָלט און געקאָנט רעדן — אברהם אבן-עזרא, עמנואל הרומי.

אָט די משלים—די אָנצוהערענישן, דער פּלפּול, רעדן, וואָס זע-נען כמעט ווי פּיוט, ווי רעטענישן. און אָפּט צוליב אַ גאַנץ פּשוטן, אַ גאַנץ געוויינלעך-פּראָזאַישן, איינס-מאָל-אייגסיקן געדאַנק.

זאַנגוויל האָט „געשפּילט". דאָס האָט מען געקאָנט זען אויף דעם ערשטן קוק. אָבער וועמען? און צוליב וואָס?

גרויסע מענטשן, שעפערישע נאַטורן שפּילן נישט, פּאָזירן נישט, רעדן נישט פון זיך, זענען נישט „איך"-פאַרכישופט. זיי זענען וועלט-געפאַנגענע. זיי ראַנגלען זיך זייער גאַנץ לעבן מיט דעם סוד הויה, און האָבן נישט קיין צייט פאַר זיך. זייער „איך" איז אַ רעזולטאַט, נישט קיין אָנהייב.

גוט—נישט שעפעריש. קיינער האָס נישט אַריינגעשטעלט זאַנג-ווילן צווישן די גרויסע, שעפערישע גייסטער, אפילו נישט פון דעם יידנטום.

אָבער דאָך—עפּעס איז געווען אין אים, וואָס האָט אים אַרויס-געהייבן פון דער פלאַך פון מיטלמעסיקייטן. עפּעס האָט געלעבט אין אים, וואָס האָט געמאַכט זיין „איך"-פרעטענזיע" מעגלעך, פאַרשטענד-לעך און צו דערליידן.

וואָס איז דאָס געווען?

זייער אָפּט האָט מיך זאַנגוויל דער שריפטשטעלער געמאַכט ממש נערוועז און אומגעדולדיק. איינמאָל, געדענק איך, האָב איך ערגעץ ביי אַ גאַסן-מוכר-ספרים געקויפט אַ פאָר ביכער פון זאַנגוויל. „דער גאָט פון מלחמה" האָט געהייסן איין דראַמע, און די צווייטע—איך האָב פאַר-געסן ווי זי האָט געהייסן—איז געווען אַ מין טענדענץ-און אידעענטראַ-געדיע, אָדער קאָמעדיע.

איך בין געווען דעמאָלט גראָד זייער פאַראינטערעסירט אין זאַנג-וויל דעם שרייבער. נאָר וואָס האָב איך געהאַט איבערגעלייענט זיין ראָ-מאַן „דזשין די טרעגערין!"—אַ ראָמאַן אין עכט-בריטישן, כמעט טאָ-מאַס האַרדישן סטיל און פאַרנעם. שטיל, אידיליש, טיף און—אומזאַנג-וויליש. זאַנגוויל האָט געפונען אַ נייעם וועג. דער סינטעז צווישן יידנ-טום און בריטנטום איז סוף כל סוף געראָטן—אַזוי האָט זיך מיר גע-דוכט אויף אַ ווײַלע.

און דאָ—ווידעראַמאָל טענדענץ, משיח-אידעען. ווידער רעטאָריק

און וויציקייט—און אומקינסטלערישקייט.

ווו איז דער אמתער זאַנגוויל? און וואָס וויל ער? איך האָב דעמאָלט נישט געקאָנט פאַרענטפערן די פראַגע. איך קאָן עס היינט אויך נישט. איך ווייס נישט, וואָס זאַנגוויל האָט געוואָלט. איך ווייס נישט, איך זע נישט, וואָס זיין וועלט איז געווען.

ווי האָט ער געזען די וועלט? דאָס איז דאָך די ערשטע פראַגע, וואָס מען מוז זיך שטעלן, ווען מען רעדט פון אַ קינסטלער. מחמת דאָס איז די הויפטזאַך.

אין דעם פאַל פון זאַנגוויל בלייבט עס אַ פראַגע אָן אַ תשובה. אפשר דערפאַר, וואָס ער איז נישט געווען גענוג קינסטלער צו האָבן בכלל אַן אינדיווידועלע וועלטפערספעקטיווע? אפשר. אָבער ער איז דאָך געווען אָן ספק אַן אָריגינעלע פיגור. דאָס הייסט, אַ מענטש מיט אַן אייגענעם צוגאַנג, מיט אַן אייגענעם שליסל.

וואָס זשע איז געווען דער טויער, וואָס ער האָט געוואָלט עפע-נען?

איך ווייס נישט—צי איז דאָס דער איינפלוס פון ירושלים—וואָס איך האָב ערשט פאַרלאָזן,—צי איז דאָס די אַטמאָספערע פון ווענעציע, דער סודות-שטאָט, דער שטאָט פון שלאָפעדיקער גרויסקייט, פון טויט און ליידנשאַפט—אָבער מיר דאַכט זיך, אַז אין זאַנגווילן האָט געלעבט איין ווונטש, איין ברענענדיקער באַגער: עפענען דעם „שער הזהב“— דעם גאָלדענעם טויער, וואָס פירט פון דעם עמק יהושפט צו דעם הר-הבית, דער טויער, וואָס וועט געעפנט ווערן פאַר דער גאַנצער וועלט— פון די לעבעדיקע און פון די טויטע, ווען משיח וועט קומען.

די מאַכמעדאַנער—אָדער זענען עס געווען די קריסטן—האָבן דעם טויער פאַרמויערט. זיי האָבן מורא פאַר משיחן. און ווייל זיי האָבן אַזוי שטאַרק מורא פאַר זיין קומען—האָבן זיי אַרויפגעצוווּנגען אויף דער וועלט זיין סוראָגאַט. זיי האָבן מורא—ווייל זיי גלויבן.

די איינציקע, וואָס האָבן נישט מורא—וואָס ווילן—וואָס טראַכטן— וואָס רופן צו אים, זענען—ווער? די יידן? עס וואָלט געווען אַ גוזמא. די יידן ווילן אים אויך נישט—אַחוץ אין סידור, אַחוץ אין דעם אני-מאמין, וואָס זיי זאָגן אַראָפּ—אויב זיי זאָגן אים נאָך בכלל — ווי מען זאָגט אשרי, ווי מען שלינגט לאָקשן.

ניין—נישט די יידן. אָבער דער ייד. נישט דער אויסגעקליבע-נער, דער באַרופענער, דער יידיש-באַגאַבטער. ווייל ייד-זיין איז נישט

בלויז אַ פֿאַקט פֿון געבורט, עס איז אַ טאַלאַנט. נישט יעדער איז עס זוכה. און ווייניקע פֿאַרשטייען אפילו, וואָס דאָס מיינט — זיין אַ ייד.

שעפּ איך אויס דעם באַגריף, ווען איך זאָג, אַז „ייד-זיין" הייסט: שטורעמען דעם לייטער פֿון דעם הימל, אַז דאָס איז דער אייביקער ראַנגלען זיך פֿון יעקב-ישראל מיט זיין גאָט? זאָג איך צופֿיל, ווען איך טייטש אויס „ייד-זיין" אַלס „קעמפֿן מיט און אַקעגן גאָט"? מיט אים — פֿאַר דער וועלט, אַקעגן אים — און זיך אַליין?

און דאָס איז געווען זאַנגוויל, ישראל פֿון בית-אל, וואָס האָט זיך פֿאַרשטעלט פֿאַר אַן ענגלישן שרייבער אין לאָנדאָן.

און ווי דער ערשטער ישראל, איז אויך ישראל פֿון לאָנדאָן אַרויס פֿון זיין קאַמף — מיט אַן אויסגעלינקטן דיך. אין זיין שרייבן, ווי אין זיין דענקען, אין זיין רעדן, ווי אין יעדן אַקט פֿון זיין פּאָליטיש-ליטעראַרישן לעבן איז געווען עפּעס אַ מין אויסגעלינקטקייט, אויסגע-דרייטקייט — און פֿאַרקרימטקייט. אין גרונט האָט ער מער נישט געהאַט, וואָס צו זאָגן ווי „געוויס, דאָ איז גאָט" — ער האָט בלויז דעם „איז" פֿאַרביטן מיט אַן „איז נישט". און זיין גאַנצע אַרבעט איז באַשטאַנען אין דעם ווייזן, ווו „גאָט" איז נישטאָ".

אפֿילו נישט אין ארץ-ישראל. ווייל נישט קוקנדיק אויף זיין ציוניזם, האָט זאַנגוויל נישט ליב געהאַט ארץ-ישראל, די רעאַלע, באַרג-און-טאָליקע. ער האָט געחלומט, אייגנטלעך, בלויז פֿון דער באַרגיקער. און דער איינציקער טאָל, וואָס ער האָט געהאַט אין זיין הארצן, איז געווען דער עמק יהושפט, ווו די וועלט וועט אויפֿשטיין תחית המתים.

און ווייל ער האָט אַזויפֿיל געוואָלט — האָט ער אַזוי ווייניק אויס-געפֿירט. ווייל ער האָט געהאַט אַזעלכע שיינע חלומות — האָט זיין טאָג-שאַפֿן געהאַט אַ בלאַסן, שוואַכן גלאַנץ.

אַן עקסטאַטיקער, וואָס איז געפּענטעט, אַ מיסטיקער, וואָס וויל זיין אַ שכל-מענטש, אַ קלוגער, אַ וויצנמאַכער, אַן עצות-געבער. און דאָס אַלץ דערפֿאַר, ווייל ער האָט נישט געוואָלט געבן דעם מיסטיקער אין זיך די פֿולע פֿרייהייט. ער האָט געקעמפֿט אויך אַקעגן זיך — און ווידעראַמאָל — אָן אַ זיג.

* * *

איך בין אַ גאַנצן טאָג אַרומגעגאַנגען אין ווענעציע. און דאָס בילד פון זאַנגוויל איז מיר נאָכגעגאַנגען, געשטאַנען מיט מיר אין סאַן-מאַרקאָ, מיט מיר אינאיינעם באַטראַכט די זיילן, וואָס קומען—לויט דער טראַדיציע—פון דעם בית המקדש.

דערנאָך געזעסן מיט מיר אין אַ גאָנדאָלע—געפאָרן אין די שמאָלע לאַגונעס, צווישן די אַלטע, שוואַרצע הייזער. אַ בית עולם אויפן וואַסער. אָבער אַ בית עולם, וווּ על פּי טעות לעבן נאָך מענטשן, לאַכן, זינגען, טרינקען וויין, פירן ליבעס און פאַרקויפן געפעלשטע אַנטיקן, אין דער שטאָט פון שיילאָק און דעזדעמאָנע, פון אָטעלאָ, דער שטאָט פון לעגענדע, וואָס וויל זיין ווירקלעך.

פאַרוואָס איך האָב אַזויפיל געטראַכט וועגן זאַנגווילן, ווייס איך אַליין נישט. איך האָב זייער זעלטן געהאַט אַ באַציונג צו אים — בעת ער האָט געלעבט. ער האָט מיך תמיד געלאָזט זייער קיל.

אָבער דער טויט האָט אים דערנענטערט. עס איז דער גורל פון אַ סך מענטשן. זיי ווערן ערשט לעבעדיק, ווען זיי זענען טויט.

און מיר דאַכט זיך—זאַנגוויל באַלאַנגט צו דידאַזיקע מענטשן, צו דידאָזיקע שרייבער. ער נייטיקט זיך אין דיסטאַנץ—אין פאַרנעפלונג—כדי צו ווערן, וואָס ער האָט אייגנטלעך געזאָלט זיין: דער יידישער חלום פון דעם גאָלדענעם טויער. אַזוי פיל איך דאָ—אין ווענעציע...

* * *

עס איז אַ צייט פון דרשות. די צייט. די הימלטויערן זענען אָפן—און עס גיסט, גיסט ווי אַ מבול. אין אַלע טעמפּלען, פון אַלע שטענדערס, שיטן זיך רעדעס, דרשות. רביים, רבנים, ראַביים און גלאַט אַזוי „גייסטלעכע הערן"—מיט מער עברי אָדער מיט ווייניקער—לאָזן אַרויס פון דער צוים פון זייערע ליפּן טאָנען פון ווערטער. „די ווייסע וועלט דאַרף האָבן גאָט"—שרייט איין ראַביי אין ניו-יאָרק, און מיינט, אַז דאָס איז אַ יידישע דרשה, אַ יידישער געדאַנק. די „ווייסע וועלט"—גלייך ווי דאָס יידנטום איז געשאַפן געוואָרן פון אָדער פאַר

דער „אַרישער ראַסע”, גלייך ווי דאָס יידנטום איז אויך אַ קו קלוקס קלען.

אַן אַנדער ראַביי זאָגט אַנדערע שטותים. יעדער זוכט איבערצויאָגן דעם צווייטן. מילא, לאָזן יידן ד־האָבן פרנסה. פון על־חטא ווערט מען נישט פעט, און פון דרשות ווערט מען נישט פרום און נישט געהייבן.

אָבער ווען מען זעט ווי אַזאַ, דאַכט זיך, וועלטלעכער, אומאָפּ־העגגיקער און דענקענדיקער מענטש, ווי זאַנגוויל, איז אויך פאַרכאַפּט געוואָרן פון דעם וואָרט־וואַסערפאַל, אַז אויך אויף אים איז „געקומען דער גייסט” און ער האַלט שוין אויך דרשות—ווילט זיך אים צורופן: זאַנגוויל שוין אויך צווישן די דרשנים? זאַנגוויל דרשנט שוין אויך?

אייגנטלעך איז דאָס נישט קיין חידוש. ער האָט עס—אין אַזאַ פאָרם, אָדער אַן אַנדערער—געטאָן זיין גאַנץ לעבן. אין יעדן יידן שטעקט אַ שטיקל דרשן, אַ ניצוץ פון אַ בעל־הגדה. יעדער ייד האָט ליב זיך אָפּצושטעלן „אויף אַ פסוק” און אָנהענגען אויף אים פשטלעך און פאַרפּוצן אים מיט מליצות, אַריינלייגן אין אים כוונות. עס איז בלויז אַן אונטערשייד אין דעם אָרט, וווּ דער פסוק שטייט. אַמאָל איז עס אַ „ונאמר” פון תנ״ך, אַמאָל פון געטהע אָדער שעקספּיר.

און אין יעדן יידישן שרייבער איז באַהאַלטן אַ פונק פון רבי בר בר חנה, מיט זיינע וווּנדערלעכע מעשיות, אָדער פון דעם קעלמער מגיד מיט זיין מוסר־ענטוזיאַזם. אפילו היינע איז נישט פריי פון דעם קעלמעריזם. און וואַסערמאַן איז זייער אָפט אויך נישט מער ווי אַ מגיד—וואָס דערציילט אַ משל פון אַ בן־מלך און אַ בת־מלכה, כדי עס דערנאָך אויסצובייען אויף דער „כנסת ישראל”.

אָבער פון אַלע יידישע שרייבער האָט ישראל זאַנגוויל געירשנט ניין צענטל פון דעם קעלמער־סטיל. ער מאַכט אָפט גאָרנישט קיין אָנשטרענגונג צו פאַרדעקן די דרשה. אַ דינע, זייער שפּאָרעוודיקע דער־ציילונג—און אַ דיק אויפגעטראָגענער מוסר־השכל. עס מאַכט נישט אויס, וואָס דער מגיד זאָגט תמיד—אַזוי איז זיין נאַטור—באַנאַליטעטן, זאַכן, וואָס יעדער ווייסט, און זאַנגוויל זאָגט כמעט תמיד פאַרקערט, אָדער אויף צו־להכעיס דעם „געזונטן מענטשנפאַרשטאַנד”. עס איז דאָך אויך בלויז אַ קונסט־פאָרם. „פון דעם ניין לערן דעם יאָ”. זאַנגוויל זאָגט זייער אָפט, אַז צוויי מאָל צוויי איז פיר, אָבער ער מאַכט דערצו אַזאַ הקדמה, אַז מען קאָן מיינען, אַז ער גייט אַנטדעקן אַ נייע מאַטעמאַ־טיק. און נאָכמער—ער פאַרגעסט פון מאָל צו מאָל, וואָס זיין שטאַנד־

פונקט איז. אָט, דוכט זיך, ווייסט מען שוין, וואָס ער וויל, און אָט ווייסט מען שוין ווידער נישט. אַ קינסטלער—אַ קינסטלערנאַטור. אָבער אַ קינסטלער, וואָס בלייבט אייביק יונג, ד. ה. נאָך אַלץ ווי וואַקס, וואָס איז גרייט אָנצונעמען וואָס פאַר אַ פאָרם עס זאָל נישט זיין.

עס איז אַ גרויסע מעלה—אָבער פאָרט בלויז פאַר אַ יונגן קינסטלער. פון אַן עלטערן, פון אַן אַלט רייף־געוואָרענעם מענטשן, מעג מען דער־וואַרטן און פאַרלאַנגען מער אייגנאַרטיקייט, מער מעטאַלישקייט, מוז און זאָל מען דערוואַרטן—ווי זאָל איך עס זאָגן ?—וועלטאָנשויונג.

און איך האָב אַ חשד, אַז מר. זאַנגוויל האָט זיך נאָך אַלץ נישט דורכגעקעמפט צו אַ בליק אויף דער וועלט. ער האַלט נאָך אַלץ ביים וואַקסן—און וואַקס־זיין. איך האָב ווייטער אַ חשד, אַז יעדעס מאָל, ווען ער וויל זיך אָפּשטעלן, ווען ער וויל זיך פאַרפעסטיקן—קומט זיין מעפיסטאָפעל און מאַכט אַ גרימאַסע און רוימט איים איין אין אויער—אַ „וויץ", און די גאַנצע פאַרטיקייט ווערט ווידער אויפגעלייזט, דער מעטאַל ווידער צעשמאָלצן.

ערשט מיט עטלעכע יאָר צוריק האָט מר. זאַנגוויל אָנגעשריבן אַ בוך, וואָס ער האָט אנגערופן „איטאַליענישע פאַנטאַזיעס". אַ בוך—כלומרשט וועגן איטאַליע, אָבער אין אמתן וועגן קריסטנטום. אַ שאַרף בוך, אַ שניידנדיקע, בייסנדיקע סאַטירע. עס איז דאָרט פאַראַן אַ קאַפּיטל, וואָס הייסט „דעם סטאָליערס פרוי", אַ פאַנטאַזיע וועגן יעזוס און זיין מוטער. אומקלאָר אין סטיל און פאָרם—אָבער זייער קלאָר אין דער כוונה. יעזוס ווערט צוריקגעשטעלט אין זיין נאַטירלעכער אַטמאָ־ספערע, אין דעם קליינעם שטיבל פון נצרת, אין דער קליינער משפחה פון דעם דאָרף־סטאָליער יוסף און זיין פרוי מרים.

און ווען מען לייענט איבער דעם קאַפּיטל, פילט מען, אַז זאַנג־וויל האָט סאַרקאַסטיש געשמייכלט. וואָס פאַר גיגאַנטישער שפּאַס פון דער געשיכטע ! און אויב אַ שפּאַס, אויב אַ וויץ—מוז ער סוף כל סוף זיך אויסלעבן. און ווייטער צום ערנסט. געגנוג לעגענדע, גענוג מיטאָ־לאָגיע און טעאַטראַלישקייט. עס איז שוין צייט פאַר דעם אמת.

אַזוי איז דער איינדרוק—ווענינקסטנס ביי מיר. נישט איבעראַשנ־דיק: דער קאַמף פאַר און אַקעגן און אַרום דעם קריסטנטום און די געשטאַלט פון קריסטוס איז נישט ניי. די גייסטיקע פירער פון די קריסטלעכע פעלקער האָבן אים געפירט בעסער, ווי מען קאָן זיך נאָר ווינטשן. און נישט בלויז די פראַנצויזן, פון וואָלטער ביז רענאַן און

אנאטאָל פראַנס, נאָר אויך דער גרעסטער פון אַלע דייטשן, אויב נישט פון אַלע אייראָפּייער: וואָלפגאַנג געטהע. דאָס בעסטע, וואָס מען האָט בכלל געקאָנט זאָגן וועגן דעם קריסטנטום, האָט געזאָגט געטהע אין זיין באַרימטן עפּיגראַם — פון די „ווענעציאַנישע עפּיגראַמען":

Mache der Schwaermer sich Schueler wie Sand
am Meer, der Sand ist
Sand, die Perle ist mein, o vernuenftiger Freind. —

לאָז זיך דער פאַנטאַסט שאַפן תּלמידים, ווי די זאַמדביים ים, זאַמד איז זאַמד... איך האָב די פּערל, אָ, מיין פאַרשטענדיקער פריינט!

און אויב עמעצער — וואָלט זיכער זאַנגוויל באַדאַרפט זיין דער, וואָס וואָלט אויסגעפירט די צוואה פון דעם גרויסמייסטער, אָוועקקוקן פון דעם זאַמד און זוכן די פּערל.

און אויב איך האָב נישט קיין טעות, האָט זאַנגוויל געזוכט זיין גאַנץ לעבן, געזוכט און — כמעט געפונען. ער האָט איבערגעזעצט די שירים פון שלמה איבן גבירול. און דאָרט, אין דעם „כתר מלכות", דהאָט ער געפונען אַ פּערל: „אתה אלוה ואין הפרש בין אלוהותך ואחדותך וקדמותך ומציאותך — הכל סוד אחד", אַלצדינג איין סוד — גאָטהייט און איינהייט אין זיין.

אָבער פּלוצלונג — גאַנץ אומגעריכט — וואַרפט זאַנגוויל אַוועק ד פּערל, וואָס ער האָט נאָר וואָס — און מיט אַזויפיל מי — געפונען, און פאַרלירט זיך ווידער אין זאַמד, און שיט זאַמד.

איך ווייס נישט אַקוראַט, וואָס זאַנגוויל האָט געזאָגט אין זיין „אני מאמין"-אַרטיקל אין אַ לאָנדאָנער צייטונג וועגן יידן, יידנטום, ציוניזם א. אַז. וו. איך דהאָב עס נישט פאַרשטאַנען. אַ ציוניסט און נישט קיין ציוניסט, אַ נאַציאָנאַליסט און נישט קיין נאַציאָנאַליסט, אַ ייד, אָבער אָן אַ רעליגיעזן, אָן אַ ראַסנביאָלאָגישן, אָן אַ קולטור-שעפערישן באַזיס. וואָס זשע איז זיין יסוד? אויך דאָ זאַמד? יידנטום גלאַט אויף להכעיס?

איך וויל אָננעמען, אַז דער צייטונגס-קאָרעספּאָנדענט האָט שלעכט פאַרשטאַנען זאַנגווילס ווערטער אָדער ערנסטן, און איך וויל גלויבן, אַז זאַנגוויל איז געווען גייסטרייכער, גרינטלעכער, ערנסטער, ווי עס ווייזט זיך אויס פון דער טעלעגראַמע אין די צייטונגען.

אָבער בלויז איין פּאַראַגראַף האָט דעם „חותם של אמת” אויף זיך, ער קלינגט זאַנגוויליש—און עכט.

„אויב דער צוועק פון דעם יידנטום איז צו שאַפן אַ וועלט פון אַ טויזנטיאָריקן חלום (דעם מילעניום), מוז קודם כל געמאַכט ווערן אַ כירורגישע אָפּעראַציע אויף דעם יידנטום גופא. עס מוז אַוועקגעשניטן ווערן אַלצדינג, וואָס שטייט אין וועג און שטערט זיין אַקטיוויטעט”.

גוט. עס איז נישט ניי—אַלע רעפאָרם־רבנים האָבן עס געזאָגט און געפאָדערט און נישט ווייטער געקומען, ווי צו פאַרבייטן די דאַווןשפּראַך און צו דענאַציאָנאַליזירן דעם יידנטום. אויב דאָס איז אַ „כירורגישע אָפּעראַציע”, איז דאָס זייער אַן איבערפלעכלעכע, די „אָפּעראַציע” פון אַ קיראָפּאָדיסט און נישט פון אַ כירורג.

אָבער זאַנגוויל גיט צו נאָך אַ פאָדערונג. ער זאָגט: דער „תנ”ך איז ווייט פון צו זיין אַ פאַרענדיקטע זאַך, ווייט דערפון איז דער נייער טעסטאַמענט, און דאָס יידנטום מוז אים—ד. ה. דעם נייעם טעסטאַמענט—צוגעבן צום אַלטן”.

צוויי נישט פאַרענדיקטע זאַכן אינאיינעם מאַכן—לויט זאַנגווילן—איין פאַרענדיקטע זאַך. אָט האָט איר עס—צוויי מאָל צוויי איז פיר: אַזוי פשוט, אַזוי שולמעסיק! דאָס אַלטע טעסטאַמענט איז אַ העלפט, דאָס נייע טעסטאַמענט איז אַ צווייטע העלפט—אַ האַלב און אַ האַלב איז איינס.

אָבער האָט זאַנגוויל נישט אַ טראַכט געטאָן דערפון, אַז צוויי נישט פאַרענדיקטע זאַכן אינאיינעם מאַכן קיינמאָל נישט קיין גאַנצע לעבעדיקע איינהייט? אַן עפּל, צעשניטן אויף צוויי, וועט קיינמאָל נישט ווערן קיין איין גאַנצער עפּל—אפילו ווען מען זאָלביידע העלפטן צונויפקלעפּן מיט קליי. אַ נישט פאַרענדיקטע פרי—און נישט פאַרענדיקט הייסט דאָך נישט פאַרטיק—ווערט נישט פאַרטיק דורכדעם, וואָס מען לייגט זי צונויף מיט אַן אַנדער נישט פאַרטיקער פרי, און בפרט נאָך—ווען דאָס איז „מין בשאינו מינו”.

און האָט זאַנגוויל זיך נישט פאַ־טראַכט דערביי, אַז דער גאַנצער יסוד, דער גאַנצער כוח, דער גאַנצער זין פון דעם תנ”ך איז זיין „אָפּגעשלאָסנקייט”? מען קאָן גאָרנישט צוגעבן, אפילו ווען מען קאָן עפּעס אַוועקשניידן.

ווער־ווער, זאַנגוויל וואָלט באַדאַרפט פאַרשטיין, אַז צווישן יידנ-

טום און קריסטנטום איז נישט בלויז קיין מעכאַנישע, קיין אריפמעטישע צעטיילונג: איינס אַקעגן דריי, נאָר אַן אָרגאַנישער אונטערשייד. זיי שטייען זיך ווייטער ווי אפילו יידנטום און בודיזם. עס איז דער אונטערשייד צווישן „סוד" און מיסטעריע, צווישן געדאַנק און פאָרם— צווישן באַגריף און דעם וואָרט.

איך וואָלט נאָך געקאָנט פאַרשטיין זאַנגווילן, ווען ער וואָלט פאַרלאַנגט, אַז מען זאָל אַריינגעמען אין תנ"ך דעם „כתר מלכות" פון אִבן גבירול, געוויסע טיילן פון דעם זוהר, די עטיק פון שפּינאָזאַ. עס וואָלט געווען אומהיסטאָריש געטראַכט, עס וואָלט געווען אַ באַנאַליטעט, אָבער עס וואָלט געהאַט אַ זין.

אָבער אַז ישראל זאַנגוויל זאָל ווערן אַזוי פלאַך, אַזוי פלאַטשיק—ווי, למשל, אַן אַנדער בעל-דרשן, דער פאַריזער ראַבינער ישראל לעווי, וואָס האָט אָנגעהייבן איינע פון זיינע דרשות איבער יידנטום—און אפשר נאָך אין יום-כפור—מיט אַ באַשרייבונג פון דער מילאַנער קאַטעדראַלע און דעם קבר פון דעם „הייליקן קאַרל באָרראָמעאוס"— דערויף האָב איך זיך ווירקלעך נישט גערעכט.

אויב דאָס יידנטום נייטיקט זיך אין אַ כירורגישער אָפּעראַציע, מוז עס זיין אַן אָפּעראַציע און נישט קיין שטיינאַכישע דריזן-פאַרפלאַנצונג. מען קאָן אפשר מאַכן יונג אַן אָרגאַניזם דורך שטיינאַכס מעטאָדע. אָבער, ערשטנס, איז עס נאָך אַ גרויסער ספק, צי דער פאַריונגטער אָרגאַניזם קאָן אויך ווערן ווידער פּראָדוקטיוו; און, צווייטנס—ווער ווייסט, וואָס פאַר דריזן מען וועט נאָך פאַרפלאַנצן?

און עס וואָלט נישט געשאַדט, ווען מר. זאנגוויל, וואָס האָט ליב וויצן, זאָל זיך באַקענען אויך מיט איינעם פון די בעסטע יידישע שטיינאַך-וויצן. קומט אַמאָל אַ ייד פון פוילן קיין ווין צו פּראָפעסאָר שטיינאַך. אַן אַלטער און אַ שוואַכער. „הער פּראָפעסאָר, איר קאָנט מיך מאכן יונג?" „געוויס". וויפל ווילט איר פאַר מאַכען מיך פאַר אַ מאַן פון פערציק יאָר?"—„צוואַנציק טויזנט קראָנען". „און דרייסיק יאָר?"—„פופציק טויזנט". דער ייד טראַכט אַ ווייל—דערנאָך טוט ער אַ פרעג: „נו, און אכצן יאָר קאָנט איר מיך מאַכן אַלט?"—„אכצן יאָר אויך." „וויפל וועט עס קאָסטן?"—„הונדערט טויזנט." דער ייד איז מסכים. די אָפּעראַציע ווערט געמאַכט—און דער ייד פאָרט אַוועק אַ פאַריונגטער צוריק קיין פוילן. עס פאַרגייען אַ פאָר חדשים—דער ייד צאָלט נישט שטיינאַכן זיין האָנאָראַר, דער פּראָפעסאָר מאָנט איינמאָל, צוויי מאָל, דערנאָך שיקט

ער אים אַ פאָדערונג דורך אַן אַדוואָקאַט. און דער ייד ענטפערט: אַזוי ווי איך בין אַלט אַכצן יאָר—דאַרף איך נישט צאָלן קיין חובות. איך בין מינדעריעריק."

און אָט וואָס קאָן פּאַסירן מיט דעם יידנטום, ווען עס וואָלט ריזיקירט אַ דריזן־פאַרפּלאָנצונג אין פּאַריונגונגס־פּראָצעס. אויב עס האָט אַמאָל—ווען עס איז שוין געווען אין יאָרן און רייף—צוגעזאָגט דעם מילעניום, דאָס „טויזנט יאָריקע רייך", וועט עס אפשר שפּעטער גאָרנישט וועלן האַלטן זיין הבטחה. עס וועט ווידער ווערן מינדער־יעריק.

עס איז אַ שאָד, וואָס מר. זאַנגוויל האָט זיך נישט דערמאָנט אָן דעמדאָזיקן וויץ. ער וואָלט זיכער גאַנץ אַנדערש קאָנסטרוירט זיין דרשה איבער יידנטום און קריסטנטום. עס איז דאָך זיין סיסטעם צופּאַסן דעם משל צום נמשל—דער אַלטער סיסטעם פון אַלע מגידים פון דעם קעלמער ביז דעם לאָנדאָנער.

## זאנגוויל און די גאנדז.

מיט אַ פּאָר טעג צוריק האָב איך געזען אויף בראָדוויי אַ „דראַמע פון אַמעריקאַנער לעבן", אָדער, ווי דער „טעאַטערפּירער" פון דער „איוונינג פּאָסט" רופט זי אָן: „אַ סאַטירע, וואָס ווייזט די פּסיכאָלאָגיע פון דריי אמעריקאַנער דורות". די דראַמע, אָדער סאַטירע, אָדער קאָמעדיע רופט זיך אָן מיט אַ מערקווירדיקן און זייער צוגעפּאַסטן נאָמען: „די גאַנדז הענגט הויך".

איך האָב געהאַט לכתחילה טענות צו דעם קרן היסוד, פאַרוואָס ער האָט מיך איינגעלאַדן אין דעם טעאַטער אַריין, דאָס הייסט, די דראַמע איז נישט געשריבן פון דעם קרן היסוד, און אפילו נישט „רע-זשיסירט" פון אים. זי האָט גאָר קיין שייכות נישט צום קרן היסוד — אַחוץ אפשר דעם נאָמען. אָבער טאַקע דערפאַר האָב איך געהאַט טענות צום קרן היסוד: וואָרפט ער זיך שוין אַריין אין דעם טעאַטער-בענע-פיס-געשעפט, האָט ער נישט געקאָנט אויסקלייבן קיין דראַמע מיט אַ ווייניקער סימבאָלישן נאָמען? און האָט זי געמוזט זיין אַזוי אומגעהייער „מאָראַליש" און נאַריש?

אַלע מענטשן זענען דאָרט פול מיט גוטסקייט און ליבע, ווי אַ

באָקסער מיט קערענדלעך—אָדער אַ מילגראַם, עס וואָלט געווען אָריגי־נעלישער, יידישער! —אַלע זענען זיך מקריב איינער פאַר דעם אַנ־דערן: די באָבע פאַר דער מאַמען, די מאַמע פאַר די קינדער, און די קינדער? לכתחילה מאַכן זיי אַן אָנשטעל, גלייך ווי זיי וואָלטן געווען גאַנץ „מאָדערנע", גאַנץ פרייע מענטשן, וואָס האָבן בייע אידעען, האָבן געהערט פון ד. ה. לאָורענס און פון פרויד—דאָס מיידל איז אַ „פלעפער" פון דעם קאָלעדזש־טיפ, די ייִנגלעך—„האי־בראַו", אָנגעשמעקט מיט דער זינדיקער שטאָט ניו־יאָרק.

אָבער אַזוי ווייזט עס זיך בלויז אויס. ווען עס קומט צום רעכטן נסיון, ווען דער פאָטער, אַ טעקס־אַסעסאָר" אין אַ קליין שטעטל, פאַר־לירט זיין שטעלע און האָלט ביי ווערן באַנקראָט, דעמאָלט וואַכט אויף די טוגנט פון אַלע דורות—און די קינדער ווערן ווילע, פרומע, ליי־טישע און גאָטספאָרכטיקע מענטשן, פאַרגעסן לאָורענס און פרויד און ניו־יאָרק, גייען זוכן אַ „דזשאָב" און טראַכטן פון חתונה האָבן. די גאַנדז האָט אַ שטיקל צייט געהאָנגען אין דער לופט, ביז זי האָט זיך אַראָפּגעלאָזט, און לאָמיר האָפן, אַז זי וועט באַלד ווערן אַ „גוט־גע־בראָטענע גאַנדז, אַ גרויסע גאָב פון גאָט"—ווי די בערלינער זאָגן, און עס גלוסט זיך פאַרענדיקן, ווי די אמאָליקע רוסישע לידער־זינגער: „און איך בין דאָרט געווען, האָב געטרונקען ביר און וויין, איבער דער באָרד האָט עס גערונען און אין מויל קיין טראָפּן נישט אריין".

* * *

עס איז מן הסתם דערפאַר, וואָס איין אַסאָציאַציע ברענגט אַרויס די אַנדערע—די פאַרקערטע. קרן היסוד האָט אונטערגעזאָגט דעם נאָ־מען פון דעם קרן היסוד־קעגנער, אָדער אַזוי אומגעפער, אויב מען קאָן ביי אים דערגיין אַ טאָלק—דעם נאָמען פון ישראל זאַנגוויל. איך האָב זיך דערמאָנט, אַז זאַנגוויל שטעלט אויף אַ פּיעסע אין ניו־יאָרק. עס וואָלט געווען שווער אפילו צו פאַרגעסן. זאַנגוויל האָט, בשעת ער איז דאָ געווען, אַזויפיל, אַזוי אָפט, ביי יעדער געלעגנהייט גערעדט פון זיין פּיעסע, אַז אפילו דער צעשטרייטסטער דייטשער פּראָפעסאָר וואָלט נישט געקאָנט פאַרגעסן.

איך געדענק, ביי אַ „לאָנטשען"—ערגעץ אויף דעם דריי און

דרייסיקסטן עטאַזש פון אַ בראָדוויי־געביידע, אין באַנקירנקלוב, האָב מיר געהאַט אַ „לאָנטשען" מיט מר. זאַנגוויל. עס איז געווען אייגנטלעך, נישט פאַר אים, נאָר פאַר אַן אַנדערן, אָבער זאַנגוויל איז געווען דער חשובסטער גאַסט. עס זענען געזעסן ארום דעם לאַנגן טיש די שענסטע מענטשן פון ניו־יאָרק: גרויסע געלערנטע, טיפע דענקער, ערנסטע, פיינע מענטשן, פיין און פשוט און שטיל, ווי, למשל, פראָפ. דזשאָן דיואי פון קאָלאָמביא, און נאָך אַזעלכע פון דעם אייגענעם טיפּ. עס איז געווען אַ מין אינטעלעקטועל־פּאָליטישע „אפער". און זאַנגוויל האָט געהאַלטען אַ רעדע פאַר דעם ראַדיאָ, אַזוי, אַז גאַנץ אַמעריקע, די גאַנצע וועלט, פון שאַנכאַי ביז פוקיפּסי, זאָל עס הערן. מיר האָבן אַלע זיך געגרייט צו אַ גייסטרייכער און טיף־פאַרטראַכטער רעדע, עס איז דאָך פאָרט נישט קיין מאַסע־מיטינג, עס איז דאָך, אַזוי צו זאָגן, די סמעטענע פון דער אינטעליגענץ. אָבער זאַנגוויל בייט זיך קיינמאָל נישט. ער האָט אָנגעהייבן מיט דעם, ווי ער איז געקומען מיט דער „סאָב־וויי", געמאַכט אַ פּאָר וויצן און דערנאָך, כמעט אָן אַ פאַרבינדונג, איז איבערגעגאַנגען צו זיין דראַמע. גערעדט האָט ער פון איר זייער לאַנג, אָבער וואָס די דראַמע איז, האָט ער נישט געזאָגט. ער האָט עס גע־האַלטן בסוד.

און אָט איז דער „סוד" אַרויס. מען שפּילט אים אויף בראָדוויי— און דער סוד הייסט „מיר, מאָדערנע".

מילא, וויצן—לאָז זיין וויצן. איך בין נישט קיין גרויסער באַוווּנ־דערער פון זאַנגווילס וויצן, בפרט ווען ער זאָגט זיי אַליין. ער שמייכלט נישט דערביי, ער בייזערט זיך, און דאָס נעמט ביי זיי אַוועק דעם חן. און אַ וויץ אָן אַ חן איז זייער אָפט אַ גראָבקייט. אָבער אפילו ווען איר הערט זיי אויף דער בינע, ווען אַזאַ וווּנדערבאַרע שוישפּילערין, ווי מיס דייס, זאָגט זיי—מיט אַזויפיל פיינקייט, מיט אַזאַ פאַרכישוף־טיקן חן, מיט אַזאַ מעלאָדישער שטימע—אפילו דעמאָלט פרעגט מען זיך: נו? וואָס זשע וויל ער פאָרט? דאָס דהייסט, ביי אַן אמתן קינסטלער פרעגט מען עס גאָרנישט. וואָרים וואָס איז די נפקא מינה? אַבי עס איז שיין, אַבי עס איז טיף, אַבי עס פאַרכאַפּט. אַ דראַמע איז דאָך אַ קונסטווערק פאַר זיך אַליין, און דאַרף גאָרנישט אויסגעטייטשט ווערן. די ערשטע פראַגע איז, ווי אַזוי איז זי געמאַכט? איז זי קינסטלעריש־טעכניש גוט? די פראַגע וועגן אידעע, ריכטונג קומט שוין שפּעטער, ווען מען באַפרייט זיך פון דעם ערשטן איינדרוק, ווען מען געווינט

צו איר דיסטאַנץ. און אָפט איז די פאָרם אַזוי שיין, אַז מען וויל גאָר קיינמאָל נישט דערגרונטעווען דעם אינהאַלט. אַזוי איז, צום ביישפיל, אין אַ פּאָר דראַמען פון הויפּטמאַן; אַזוי איז עס מיט איבסענס „פּער גינט" און „בראַנד".

ביי זאַנגווילן קאָן מען אָבער נישט פאַרגעסן זיך אויף איין מינוט. ער לאָזט אייך נישט, ער לאָזט זיך אַליין נישט, ווייל ער אַליין פאַרגעסט זיך נישט. איך מאָל זיך אויס זאַנגווילס אַרבעטס-מעטאָדע אָט אַזוי: ער האָט אַן איינפאַל, פאַרשרייבט ער אים. דער איינפאַל איז קיינמאָל נישט קיין פאָרם; איינפאַל—קיינמאָל נישט קיין בילד, און דאָס איז דער טיפסטער אונטערשייד צווישן אַ קינסטלער און אַ געדאַנקען-פאַרקליידער. אַרום דעם איינפאַל הייבט ער אָן צו גרופּירן ווערטלעך, משלים, אַנעקדאָטן: דאָס גאַנצע ווערט דערנאָך צונויפגעקלעפּט מער, אָדער ווייניקער מעכאַניש. און דערפאַר מעלאָדראַמאַטיש, און פון דעם אַלעמען קומט אַרויס אַ דראַמע.

אַזוי איז דאָס כמעט מיט אַלע זאַנגווילישע דראַמען, איינפאַלן, אידעען אין אַ מעלאָדראַמאַטיש-פּרימיטיווער פאָרם. אַזוי איז זיין דראַמע פון דער מלחמה, „דהי וואָר גאָד"; אַזוי איז זיין באָלשעוויסטישע דראַמע „דהי קאָקפּיט". עס איז פשוט נישט צו פאַרשטיין, ווי אַזוי אַזאַ מאָדערנער מענטש, ווי זאַנגוויל, האָט זיך אַזוי ווייניק אַריינגעלעבט אין דער מאָדערנער פאָרם. עס מאַכט דעם איינדרוק, אַז די גאַנצע מאָדערנע ליטעראַטור איז פאַרבייגעגאַנגען פאַר זיינע אויגן און ער האָט זי נישט באַמערקט.

אָדער איז עס דערפאַר, וואָס מר. זאַנגוויל איז גאָרנישט קיין מאָדערנער מענטש? איך האָב תמיד געהאַט דעם חשד, אַז ער איז אייגנטלעך דער אַלטער ייד, דער אַלטער מאָראַליסט, אַ מין מגיד אויף ענגליש, פּונקט אַזוי ראָמאַנטיש און סענטימענטאַל, ווי אַלע מאָראַליסטן, און פּונקט אַזוי אומקינסטלעריש.

ער האָט זיך נישט געקאָנט איינהאַלטן. טאָמער האָט עס עמיצער נאָך נישט געוווּסט, האָט ער עס אַליין אויסגעזאָגט און אָנגעשריבן אַ דראַמע—אָדער אַ קאָמעדיע—וועגן „מאָדערנע", אַ דראַמע, וואָס רעכנט זיך אָפּ מיט דער מאָדערנער וועלט.

מאָדערן? אייגנטלעך האָט זאַנגוויל געהאַט אַ טעות אין נאָמען. נישט „מיר, מאָדערנע" וואָלט זיין דראַמע באַדאַרפט הייסן, נאָר „מיר, בענדז". ער מאָלט אויס אַ מאָדערנע וועלט—די וועלט פון ענגלאַנד נאָך

דער מלחמה. די אלטע וועלט—די וויקטאָריאַנישע, זאָגט מען אין ענגלאנד—מיט אירע קולטור-באגריפן, מיט איר פּאָמפּע, איז חרוב געוואָרן. די יוגנט האָט געזען, ווי אומזיניק, ווי נאריש די עלטערע זענען זיך באַגאַנגען, ווי זיי האָבן געפירט די וועלט—און זי איז ברוגז, זי האָט פארלוירן דעם רעספּעקט פאר די אלטע ווערטער, זי זוכט איר אייגענעם וועג.

גוט. עס איז באמת אַ טראגעדיע. אלטע אקעגן יונגע—פּאָטערס אקעגן קינדער. נישט שפּאָגלניי. אָבער פּאָרט — אינטערעסאנט. בפרט נאָך, ווען די עלטערע, אָט טאַקע מיר אלע, וואָס קאָנען זיך שוין ציילן צו די „עלטערע", פילן זיך שולדיק, ווען מיר האָבן געמאַכט אָן אַ שיעור פעלערן און ווילן אליין געפינען אַן אנדער וועג.

אָבער מוזן טאַקע די „נייע" זיין אזוי נאַריש, ווי זאַנגוויל מאָלט זיי אויס? די מיידלעך—געגנדז, די בחורים—פּראזנדרעשער? מוז טאַקע דער „פירער" פון די „יונגע"—פון „מיר, מאָדערנע"—דער שריפטשטעלער אָסקאַר פליט, דער „ווילן" אין זאַנגווילס מעלאָדראַמע, זיין אַזאַ אכזר, אַזאַ פאַרפירער, אזאַ הארצלאָזער און געדאַנקענלאָזער אָסקאַר ווײַלד פּאַראָדיסט?

און ווען יונגעלייט רעדן וועגן פרויד און האָבן נישט ליב טעניסאָנס פּאָעזיע, מוזן זיי שוין טאַקע דערפאַר אזוי אָפּקומען, ווי זיי קומען אָפּ אין זאַנגווילס דראַמע? עס קאָן זיין, אַז זאַנגוויל האַלט נישט פון פּסיכאָאַנאַליז, פארוואָס, ווייס איך נישט, סיידן פּשוט דערפאַר, וואָס ער האָט זיך נישט ארייַנגעטראַכט אין דער פרוידישער טעאָריע, פונקט ווי ער האָט זיך נישט אַרייַנגעטראַכט אין די סאָציאַלע פראַגן פון דער צייט—מוז שוין טאַקע אַ מיידל, וואָס רעדט פון „קאָמפּלעקסן", האַלטן אָט-אָט ביים פאַלן, ביז דער גוטער מלאך, דער אַלטער וויקטאָריאַנישער פוריטאַנישער אינסטינקט, ראַטעוועט זי און פירט זי אין די אָרעמס פון איר גוטן און בראַוון און גאָרנישט מאָדערנעם חתן?

און ווען מר. זאַנגוויל האָט נישט ליב קיין „מאָדערנע פּאָעזיע", מוז ער טאַקע לאָזן די יונגעלייט אַרייַנפאלן אין אַ געשנדזוענעם עקסטאַז איבער לידער, וואָס הייסן „די פריילעכע אוגערקעס", לידער אָן אַ זין און אָן אַ טעם?

# געאָרג בראַנדעס.

קאָפּענהאַגען מיט פופציק יאָר צוריק. אַ פאַרשלאָפענע, אַ קליינע פּראָווינץ-שטאָט. די הויפּטשטאָט פון כּמעט אַ ליליפּוטישער מלוכה. נאָר וואָס נאָך אַ מלחמה. דענמארק פארלירט צו דייטשלאַנד צוויי גרויסע און וויכטיקע פּראָווינצן—שלעזוויג און האָלשטיין. עס בלייבט אַ פאָלק פון צוויי מיליאָן מענטשן, פון צוויי מיליאָן דענען. און דאָס מיינט—פון בלאָנדע רויקע צופרידיקע מענטשן—אַלע אויף איין שטייגער, אַלע פּראָטעסטאַנטן, אַלע מער אָדער ווייניקער אַקערבויער, און אַלע כּמעט מיט דעם אייגענעם נאָמען. הייסט איינער נישט האַנזען, הייסט ער פּעטערזען, און ווען עס גייט שוין גאָר הויך—יורגענזען. ווייטער טראָגט די פאַנטאַזיע נישט.

מיט אַ סך, אַ סך הונדערטער יאָרן צוריק זענען די אייגענע האַנזענס און פּעטערזענס געווען גאָר פון אַן אַנדער טייג געקנאָטן. זיי זענען געווען—זיי און זייערע געשוועסטערקינדער אין נאָרוועגן און זייערע קרובים פון דעם צווייטן „זונד"—די שוועדן—זיי זענען געווען אַוואַנטוריסטן, ווילדע ים-רויבער, פּיראַטן, וויקינגער. זיי האָבן יאָר-איין, יאָר-אויס אַרויסגעשיקט שיפן מיט באַוואָפנטע גליקזוכער איבער דעם ים. זיי האָבן איינגענומען ענגלאַנד, זיי האָבן זיך באַזעצט אין פראַנקרייך. די נאָרמאַנען—דאָס זענען דאָך געווען זיי—די דענען, די נאָרוועגער. און אפילו לעיף עריקסאָן, דער ערשטער אַנטדעקער פון „ווינלאַנד", ד. ה. אַמעריקע—דער איסלאַנדער—ער איז אויך געווען

פון דעם דעניש-נאָרוועגישן שטאַם. אַ גרופּע פון שוועדן איז אַוועק קיין צפון צו—קיין נאָווגאָראָד—און רוסלאַנד איז באַשאַפן געוואָרן.

אָבער דאָס בלוט האָט זיך אָפּגעקילט, דאָס פייער איז אויסגעלאָשן געוואָרן. די סקאַנדינאַווישע לענדער האָבן צוביסלעכווייז פאַרלוירן זייער מאַכטשטעלונג אין אייראָפּע. פּיאָטר דער ערשטער האָט אָפּגעשטעלט ביי פּאָלטאַווע—אין דעם קאַמף מיט קאַרל דעם צוועלפטן—שוועדנס „דראַנג צום מזרח"—און דייטשלאַנד—פּרייסן האָט צוריקגעוואָרפן דענעמאַרק, ביז ביסמאַרק האָט דער דענישער מלוכה געגעבן דעם לעצטן קלאַפּ.

דענעמאַרק איז אַנטשלאָפן געוואָרן. אומצופרידן מיט דער גאַנצער וועלט, און דערפאַר טאַקע פאַרליבט אין זיך. אַלצדינג איז דאָרט געוואָרן באַשיידן, קליין-פּראָווינציעל; פּאָליטיק און סאָציאַלע אָרדענונג, ליטעראַטור און קונסט, און פילאָזאָפיע. פון צווייטער האַנט און קליינשטעטלדיק, און פאַרשימלט, סענטימענטאַל און בלאַנד.

און אָט אין דעמדאָזיקן זיס-שלאָפנדיקן קאָפּענהאַגען שטייט פּלוצלונג אויף אַ יונגערמאַן, מיט שוואַרצע האָר, אַ שיינער, אַ הויכער, מיט קלוגע, אָראַנישע אויגן, און שרייט אַריין אין דעם האַלבטונקל אַריין: שטייט-אויף! און רייסט אויף די לאָדן—און עס גיסט זיך אַריין ליכט, ליכט פון אַלע זייטן.

די דענען זענען אויפגעשפּרונגען פון זייערע פעדערבעטן, אָדער פון די „סמערעברעד"—די גוטע שנקעס און פּוטער, און קעז, און ביר, און האָבן זיך דערשראָקן: וואָס איז דאָס? ווער שטערט עס די רו? ווער איז דער חצוף? און דער „חצוף" האָט געענטפערט: מיין נאָמען איז געאָרג מאָריס קאָהען בראַנדעס! קאָהען-בראַנדעס! אַ ייד! אַ קאָפּענהאַגענער יידישער יונגערמאַן דערדרייסט זיך אויפצורודערן אַ לאַנד! און דערצו גאָר נאָך אפילו נישט אינגאַנצן קיין היימישער, דעניש-איינגעוואָרצלטער, נאָר אַ ייד, וואָס שטאַמט פון דייטשע, פון האַמבורגער יידן! און ער האָט דאָס די העזה צו שטורעמען אַנטקעגן די דענישע, די סקאַנדינאַווישע, די בלאָנדע, די פּראָטעסטאַנטישע טראַדיציעס און דער הייליקער, באַקוועמער אָרדענונג!

געוויס, מען האָט שוין אין דענעמאַרק געזען אַ יידישן שרייבער און אַ גוטן, און אַ באַרימטן. דאָס איז געווען מאיר גאָלדשמיד, דער ראָמאַניסט, דעם סאַטיריקער, דער רעדאַקטאָר פון דעם הומאָריסטישן זשורנאַל „דער קאָרסאַר". אָבער, ערשטנס, איז גאָלדשמיד געווען אַ

בקיסטלער, און קונסט גיט פּריווילעגיעס, און, צווייטנס, איז ער געַ־ ווען קאָנסערוואַטיוו, כּמעט רעאַקציאָנער, און האָט נישט געקעמפט קעגן דער אָרדענונג און דער טראַדיציע פון זיין לאַנד.

מיט אַזאַ יידן קאָן מען נאָך אויסקומען, אָבער מיט אַ יידן, וואָס איז אפילו גאָרנישט קיין קינסטלער, נאָר אַ קריטיקער, נישט קיין שעפערישער, נאָר אַ צעשטערנדיקער, נישט קיין יאָ־זאָגער, נאָר אַ פאַרניינענדיקער—מיט אים קאָן האַנזען אָדער פעטערזען זיך נישט באַפריינדן. אַ פרעמדער, אַ פרעמד־קערפּער—ער מוז אַרויס!

וואָס האָט געאַרג בראַנדעס אייגנטלעך געטאָן? ער האָט, אַלס אַ גאַנץ יונגערמאַן, אַרויסגעגעבן אַ בוך — אַ שריפט וועגן עסטעטיק. נישט זייער אָריגינעל, נישט זייער טיף, אָבער מיט אַ געוואַלטיקן שווונג. ער איז נישט קיין פילאָזאָף, וואָס טראַכט צוליב טראַכטן, וואָס גריבלט זיך איבער סיסטעמען; ער איז נישט קיין אַנטדעקער פון נייע אמתן. ער איז פון זיין ערשטן אויפטריט—אַ דערקלערער, אַן אויפקלערער. ער פירט איין אין דענעמאַרק די אידעען פון די פראַנצויזישע דענקער, הויפּטזעכלעך פון היפּאָליט טען. וואָס איז געווען טענס עובדא? ער האָט אריינגעטראָגן אין דער אָפּשאַצונג פון קונסט און פון ליטעראַ־ טור די באַגריפן פון דער נאַטורוויסנשאַפט, דאָס מיינט—פון באַאָבאַ־ טונג און באַרעכענונג, פון עקספּערימענט און פון שכל.

היינט, דאַכט עס זיך, אַ זעלבסטפאַרשטענדלעכקייט. ווי דען אַנ־ דערש? היינט איז מען שוין אַזוי אַוועק אין דער אַנטוויקלונג פון דער קולטור, אַז טענס מעטאָדע איז שוין אַ פאַרעלטערטע און אַ באַיווע, אָבער מיט פופציק־זעכציק יאָר צוריק איז זי געווען רעוואָ־ לוציאָנער. זי איז געווען דער האַלב־פילאָזאָפישער אויסדרוק פון דעם פּאָליטישן ליבעראַליזם, פון די סאָציאַלע באַוועגונגען, וואָס האָבן זיך אָנגעהייבן צו קריסטאַליזירן. עס איז געווען די הקדמה צו דער גרויסער דראַמע, וואָס האָט זיך אָפּגעשפּילט מיט יאָרן שפּעטער און איז נאָך נישט פאַרענדיקט.

וואָס פאַר אַ וואונדער, וואָס דער דענישער עולם האָט תּיכף דערפילט אין בראַנדעסעס ליטעראַרישע און פּאָפּולער־פילאָזאָפישע אַר־ בעטן דעם הויך פון דעם פרייהייט־שטורעם; דערשפּירט, ווי עס ברענט אַ פייער אין די ווערטער. בראַנדעס ווערט תּיכף אַ צענטער. אַ שטורעם־ צענטער. די יוגנט ווערט באַגייסטערט. די אַלטע, די, וואָס שטייען ביי דער מאַכט, ווערן דערצאָרנט.

בראנדעס שרייבט אָן זיין ערשט, גרויס ווערק: „די הויפט-שטרע-מונגען אין דער ליטעראַטור פון דעם נייַנצעטן יאָרהונדערט". דאַכט זיך, וואָס קאָן דאָ ווירקן איפּריייצנדיק אין אַזאַ ווערק? בראנדעס איז דאָך נישט געווען דער ערשטער ליטעראַטור-היסטאָריקער, וואָס האָט זיך אונטערגענומען צו שרייבן אַזאַ אַרבעט—שטודיען איבער בײַראָן אָדער שאַטאָבריאַן, איבער די דייטשע ראָמאַנטיקער א. אַז. וו.

אָבער בראַנדעס איז געווען נישט בלויז אַ געלערנטער, נישט נאָר אַ פאָרשער — ער איז געווען אויך — און פריער פון אַלץ — אַ קריטיקער. און אַ קריטיקער נישט פון ביכער, נאָר פון דעם לעבן. ער איז געווען, ווי ער אַליין האָט זיך כאַראַקטעריזירט, האַלב-קינסט-לער און האַלב-געלערנטער. אָבער די ביידע העלפטן זענען צונויפגע-שמאָלצן געוואָרן אין איין גאַנצקייט—אין דעם קולטור-קריטיקער.

און הערט, וואָס פאַר אַ מאָטאָ בראַנדעס שטעלט אַוועק אויף זיין בוך „די שטרעמונגען". עס איז אַ קליינע פאַבל פון אַ ווייניק-באַ-קאַנטן שרייבער, היינזע. און די פאַבל גייט אַזוי: אין דעם וואַר-שטאַט פון אַ טעפּער האָט געברענט אַ פייער, וואָס האָט געהאַרטע-ווערט איידעלע כּלים, וווּנדערשיינע קאָמפּאַנישע קריגעלעך. לעבן דעם פייער איז געשטאַנען אַן אָפּגאָס, אַ פיגור פון וואַקס. דאָס פייער האָט דעם וואַקס צעשמאָלצן, קלאָגט זיך דער אָפּגאָס ביים פייער: „פאַרוואָס שמעלצסטו מיך?"—ענטפערט דאָס פייער: „איך שמעלץ דיך, ווייל דו ביזט וואַקס. איך אָבער בין פייער—תמיד און אומעטום".

פייער — אַ שמעלצנדיקער, אַ פאַרברענענדיקער, אָבער אויך אַ פאָרמשאַפנדיקער און פאַרהאַרטעווענדיקער. ער האָט צעשמאָלצן אַלצ-דינג, וואָס איז געווען פון וואַקס—פּרעטענזיעס, טראַדיציעס, גלויבן און קולטור-פראַזן. ער האָט געהאַרטעוועט און דורכגעגליט אַלצדינג, וואָס האָט געהאַט מעטאַל. ער האָט צעשטערט מיט זיין פען-שווערד דעם ראָמאַנטישן סענטימענטאַליזם, דעם פ-ומען ליגן, די נאַיוויטעט. ער האָט געקעמפט מיט זיין שווערד-פען פאַר די שטורמער, די בויער פון דער נייער קולטור. ער האָט געשטיצט איבסענען, ער האָט געהאָלפן ביערנסאָנען, ער האָט אנטדעקט ניצשען, אַ קעמפער מיט אַן אָנגעגליטן שווערד. און קעמפער ליידן. און קעמפער זיגן—אַמאָל.

ער האָט געליטן. בראַנדעסעס נאָמען איז געוואָרן אַ סימבאָל פון צעשטערונג, פון פאַרניכטונג אין זיין פרומער קאָנסערוואַטיווער דענעמאַרק. און ער האָט געמוזט אַוועק פון זיין געבורטסשטאָט, לעבן אין „גלות"

יאָרן נאָכאַנאַנד—אין בערלין, אין פּאַריז, אין די צענטרען פון דער אייראָפּעישער קולטור.

נישט דער איינציקער, געוויס. איבסען האָט אויך געמוזט אַנט־לויפן פון זיין היים. געמוזט—נישט ווייל מען האָט אים געצוווּנגען, נאָר ווייל ער האָט נישט געקאָנט אויסהאַלטן די שטיקנדיקע לופט פון זיין היימלאַנד. בראַנדעס אָבער האָט ג ע מ ו ז ט. מען האָט אים כמעט געצוווּנגען, אויב נישט מיט פּאָליציי, איז אָבער דורך דער מאַכט פון דער עפנטלעכער מיינונג, פון דער פּרעסע, פון דער געזעלשאַפט.

מיר, די היינטיקע, קאָנען עס נישט מער פאַרשטיין, אָבער די עלטערע געדענקען עס נאָך. און ווען מען לייענט, וואָס די עלטערע דענישע שרייבער האָבן געזאָגט וועגן בראַנדעסן, פאַרשטייט מען, וואָס פאַר אַן אומגעהייערע שטעלונג בראַנדעס האָט פאַרנומען אין זיין לאַנד.

מיט פופצן יאָר צוריק—אין 1912 — ד. ה. ווען בראַנדעס האָט געפייערט אָדער, ריכטיקער, ווען דענעמארק האָט געפייערט בראַנדעסעס זיבעציק־יעריקן יובילעי, האָט אַ דענישער פּאָעט, סאָפוס מיכאַעליס, אָנגעשריבן אַ ליד צו בראַנדעסן. און אָט זענען די ערשטע סטראָפן:

אַ יוגנטפאַרדאַרבער האָט מען דיך אַמאָל גערופן;
אַ מורד אַנטקעגן די יסודות פון דער געזעלשאַפט;
אַן אשמדאי, וואָס איז פאַרמשפט געוואָרן צו פאַלן אין אָפּגרונט;
ניין! דו האָסט פאַרשפּרייט דעם אייביקן געזעץ פון ליכט;
אַן אומרעכט־פאַרפאָלגער ביזטו געווען, אַ ליגן־פאַראַכטער;
דיין לאַנדס געוויסן, וואָס האָט קיינמאָל נישט געדרעמלט.

פּאַטאָס, רעטאָריק, מליצה—עס קאָן זיין, דאָס איז געוויס, אָבער פּאָרט אַזוי כאַראַקטעריסטיש. מיר זעען פאַר זיך, ווי אויף אַ רעליעף, די גאַנצע פיגור פון בראַנדעסן: אשמדאי און ליכט־ברענגער, באַפריי־ער און פאַרשפּרייטער, פירער און פאַרפאָלגטער, מורד און—און וואָס? און דאָ קומען מיר צו איינער פון די גרונטפראַגן וועגן דער פּער־זענלעכקייט און דעם לעבנסוועג פון געאָרג בראַנדעס.

אָפּגעלעבט אַ לאַנג, אַ רייך לעבן. געשריבן בוך נאָך בוך. אַ צאָל אַרטיקלען, שטודיען. גרעסערע און קלענערע ווערק. זייַנע אַרבעטן איבער שעקספּיר, איבער דיזראַעלי, איבער לאַסאַל, די אַרבעטן

פון זיין שפּעטער עלטער — די גרויסאַרטיקע ווערק איבער געטע, צעזאַר, מיקל אַנזשעלאָ, וואָלטער — זיי זענען איבערזעצט אין אַלע קולטור־שפּראַכן — זיי זענען וועלטבארימט. צוויי דורות זענען אויפגעוואַקסן אין רעספּעקט און באַוווּנדערונג פון בראַנדעסן. מען האָט אים געלייענט פון איין עק וועלט ביז צום צווייטן. „גריסט מיר דעם גרויסן געאָרג בראַנדעס", האָט געזאָגט אַן ענגלענדער דעם דענישן שריפטשטעלער אָטאָ רונג אויף די פידזשי־אינזלען. בראַנדעס איז דער קריטיקער פון אייראָפּע, מען קאָן זאָגן — פון דער וועלט. זיין נאָמען איז פּאָפּולערער פון אַלע אַנדערע קריטיקער און דענקער פון זיין צייט, זיין פּרעסטיזש איז געווען אומגעהייער. בראַנדעס האָט ביז צו דער וועלט־מלחמה פאַרנומען אין דער וועלט אומגעפער די שטעלונג פון וואָלטער אין זיין צייט. פעלקער און רעגירונגען האָבן זיך גערעכנט מיט אים. זיין לאַנד האָט שלום געמאַכט מיט אים. זיין פּאַרטיי — די פּאַרטיי פון „דורכברוך", פון ליבעראַליזם, פון ראַדיקאַליזם, האָט געזיגט. בראַנדעסעס תּלמידים האָבן איבערגענומען די מאַכט אין לאַנד. זיין יינגערער ברודער, עדואַרד, אַליין אַ באַגאַבטער קריטיקער און דראַמאַטורג, איז געוואָרן דער פירער פון דער ראַדיקאַלער פּאַרטיי, דער פינאַנץ־מיניסטער, דער דיקטאַטאָר פון דענעמאַרק. און געאָרג בראַנדעס איז געווען דער נביא און דער קאָפּ פון דער פּאַרטיי נישט בלויז אין דענעמאַרק, נאָר אין גאַנץ סקאַנדינאַוויע.

ער איז געוואָרן דער איינציקער דענער, וואָס האָט באַקומען אַ וועלטנאָמען. ער האָט, אַזוי צו זאָגן, אַוועקגעשטעלט דענעמאַרק אויף דער וועלטקאַרטע. און דענעמאַרק איז אים געווען דאַנקבאַר. זי האָט אים אפילו מוחל געווען זיין יידנטום. יעדנפאַלס, זי האָט זיך געמאַכט נישט וויסנדיק, פונקט ווי דענעמאַרק נעמט אויף איר חשבון דעם וועלט־רום פון אַן אַנדערן דענער. הגם ער האָט גאָר קיינמאָל נישט געלעבט, אחוץ אין דער פאַנטאַזיע פון שעקספּירן — און דאָס איז האַמלעט, דער פּרינץ פון דענעמאַרק. אַזאַ מזל האָט שוין דאָס לאַנד.

בראַנדעס האָט געזיגט אויף דער גאַנצער ליניע. און טאַקע דערפאַר קאָן מען, מוז מען פרעגן: וואָס זשע איז געווען זיין זיג?

איך האָב קיינמאָל נישט באַוווּנדערט געאָרג בראַנדעסן אַלס קריטיקער. מיט אַלע זיינע גרויסע פאַרדינסטן פאַר דער ליטעראַטור האָט ער פאָרט נישט געקאָנט אַריינדרינגען אין דעם עצם פון קונסט און קינסטלערישן שאַפן. ער האָט אַלצדינג געוווּסט, אַלצדינג פאַר־

שטאַנען, אַלצדינג געליינט; אָבער ער האָט בלויז פ אַ ר ש ט אַ נ ע ן, ער האָט נישט געלעבט קונסט. ער האָט פאַרשטאַנען שעקספּיר, אָדער געטען; אָבער דער אמתער געטע, דער אייגנטלעכער שעקספּיר, ד. ה. די טיפע פּערזענלעכקייט, וואָס איז געווען פאַרבאָרגן הינטער דער צייט, הינטער דעם צופאַל פון דעם לעבן—זיי זענען אים געווען נישט צו־געגנגלעך. בראַנדעס האָט תמיד געהאַט אַן אויג פאַר דער „סביבה", פאַר דעם, וואָס רינגלט אַרום. ער האָט געזען דעם לייכטער און דעם חלב פון דעם ליכט; ער האָט געזען דעם ווייסן פייער, דעם בלויען פייער, אָבער דעם לעצטן, דעם אייגנטלעכן פייער,—די פלאַם האָט ער נישט געזען. ווייל דאָס קאָן מען נישט זען—מען מוז עס זיין.

ער האָט געמיינט, אַז ער איז „פייער" און ביז צו אַ געוויסער מדרגה איז ער עס אויך געווען, אָבער זיין פייער איז געווען שטאַרק גענוג צו שמעלצן דעם וואַקסענעם אָפּגאָט, אָבער צו שוואַך, כדי צו שמעלצן דעם עצם אָפּגאָט, די אידעע, וואָס ליגט הינטער דער אומ־באַהאָלפענער, קינדישער, נעבעכדיקער פיגור.

אַ קלאָרער שכל, אַ געזונטער מענטשנפאַרשטאַנד, פריי אין זיין קוק אויף דער וועלט, אָבער אָפט בלויז פריי דערפאַר, וואָס ער האָט נישט געוואָלט זיך צובינדן, ווייל ער האָט געלייקנט די לעצטע פאַרוואָרצלונגען. ער איז אויך געווען, ווי אַ דעניש קריטיקער האָט געזאָגט איבער אים מיט פּופּציק יאָר צוריק—„נישט קאָנסעקווענט".

מיר האָבן זיך מיט אַ יאָר צוועלף צוריק געטראָפן אין קאָפּענ־האַגען. גערעדט עטלעכע שעה נאָכאַנאַנד איבער אַלצדינג אין דער וועלט. גערעדט, ווי בראַנדעס שטייגער איז געווען, מער איבער מענטשן, ווי איבער זאַכן; איבער פאָרם מער, ווי איבער אידעע.

„איר זייט דאָך אַ דעמאָקראַט", האָב איך צופעליק באַמערקט בראַנדעסן. דער אַלטער, שווער-געוואָרענער מאַן, מיט די פינקלדיקע אויגן, וואָס האָט די גאַנצע צייט גערעדט אַזוי רויק, אַזוי וויציק, איראָניש, דערציילט אַנעקדאָטן, באַגעגענונגען, גערעדט אין צוויי שפּראַכן אין דער אייגענער צייט (דייטש און פראַנצויזיש, ווייל דעניש רעדן איז געווען צו שווער פאַר מיר)—דער אַלטער איז כמעט אויפגעשפּרונ־גען: „אַ דעמאָקראַט? איך? ווער האָט עס אייך געזאָגט? איך האָב פיינט דעמאָקראַטיע! איך בין אַ ראַדיקאַל".

איך האָב געוואָלט ווייטער אויפנעמען דעם פאָדעם, דערגיין דעם תוך פון זיין ראַדיקאַליזם. וואָס מיינט עס ראַדיקאַל? דאָס איז

דאָך איינער, וואָס גייט צו דעם שורש, צו די פונדאַמענטן, ווי ווייט איז ער דערגאַנגען? אָבער בראַנדעס האָט נישט געקאָנט—אָדער נישט געוואָלט—געבן מיר אַ ריכטיקע, אַ באַפרידיקנדיקע תשובה אויף מיין פראַגע.

און איך גלויב נישט אין זיין ראַדיקאַליזם.

דער באַרימטער דענישער ראָמאַניסט פּאָנטאָפּידאַן האָט אַמאָל אויסגעמאָלט בראַנדעסן אין דעם ראָמאַן „ליקע פּער"—„דער גליקלעכער פּעטער". צוויי כאַראַקטערן זענען דאָרט געצייכנט מיט שאַרפקייט: פּער—דער דענער, דער גערמאַנער, דער מאָדערנער מענטש, דאָס קינד פון אונדזער צייט, און דר. נאַטאַן, דער ייד, דער קריטיקער, דער צעגלידערער. פּער איז ווייניקער אינטערעסאַנט, ווי נאַטאַן, אָבער פּער האָט די צוקונפט פאַר זיך, ווייל פּער האָט דעם ריטם פון אונדזער צייט—שאַפן, בויען, צעשטערן, כּדי צו בויען אויפסניי—דעם קלאַנג פון מעטאַל און פון מאַשין. דר. נאַטאַן איז—דער „ליטעראַרישער" מענטש, זיין וועלט איז—וואָרט, בוך, שריפט, אבסטראַקטער געדאַנק. און דר. נאַטאַן איז געווען בראַנדעס, פאַרט בלויז דער מענטש פון בוך. דער זון פון אַ פאָלק פון בוך.

מען קאָן אומדרייען דעם שפּיז. מען קאָן זאָגן, אַז דאָס איז געווען בראַנדעסעס גרויסער, קולטור-היסטאָרישער פאַרדינסט. און איינער פון זיינע באַוווּנדערער, דער דענישער שרייבער האַנזען, זאָגט וועגן אים אפשר מיט רעכט: „בראַנדעס איז געווען דער לעצ-טער פון די מענטשן, וואָס האָט אין אַ האַרטער, באַרבאַרישער צייט געפירט דעם פּראָצעס פאַר דעם אינדיווידואַליזם".

מעגלעך. בראַנדעסעס ראַדיקאַליזם איז געווען נישט מער, ווי אינדיווידואַליזם, דער קאַמף פאַר דער פרייער פּערזענלעכקייט.

פּערזענלעכקייט איז געווען זיין ערשטער און זיין לעצטער אי-דעאַל. און ער האָט געשריבן איבער פופציק יאָר איבער פּערזענלעכ-קייטן—צי דאָס איז איבסען אָדער סטרינדבערג, צי דאָס איז וואָלטער אָדער האמער—תּמיד דער אייגענער, דער געטישער מאָטיוו: „דאָס העכסטע גליק פון מענטשנקינדער איז דאָך די פּערזענלעכקייט".

אָבער געטע האָט געפירט פאַוסט, די העכסטע פּערזענלעכקייט, פון מדרגה צו מדרגה, ביז ער האָט זיך פאַרשמאָלצן מיט דער וועלט, מיט דעם טיפסטן און פאַרבאָרגנסטן אין איר. בראַנדעס אָבער איז געבליבן ביי דער שוועל.

און דערפאַר איז זיין פסיכאָלאָגיע און זיין קריטיק און זיין פּאָליטיק געווען פון דעם שטח, נישט פון דער טיף.

איז דאָס געווען אפשר אויך דער סוד פון זיין אומגעהייערן ערפאָלג, פון זיין געוואַלטיקער ווירקונג?

גרענעצן, צאַמען, אָבער אין די גרענעצן פּאָרט אַ ריז. פּאָרט אַ צענטראַל-פיגור. „מיין גלאָז איז קליין, אָבער איך טרינק פון מיין גלאָז", האָט בראַנדעסעס אידעאַל-פיגור, וואָלטער, געזאָגט וועגן זיך. בראַנדעסעס גלאָז איז געווען נאָך קלענער, ווי וואָלטערס. אָבער ער האָט געטרונקען פון איר, און מיר מיט אים. און איר האָט גאָרנישט קיין באַגריף, ווי עס קאָן ווירקן אַ קליין גלעזל, אויב דער געטראַנק איז בלויז שאַרף און געווירצט.

אַ גאַנצע וועלט האָט געטרונקען פופציק יאָר פון זיין גלאָז. און ווען דער אַלטער בעכער-האַלטער, זאַט מיט יאָרן און מיט כבוד, האָט אַרויסגעלאָזט דעם כוס פון זיין האַנט, איז נישטאָ קיין צווייטער, וואָס זאָל איבערנעמען די ירושה. ער איז געווען אַ לעצטער!

## מ. א. גערשענזאָן.

„און פאַר זיין טויט האָט ער זיך געהייסן באַגראָבן אויף דעם יידישן אופן—אין אַ טלית" א. אַז. וו. עס איז שוין כמעט געוואָרן אַ שטענדיקער נוסח. יעדער ייד, וואָס שטאַרבט פאַר די לעצטע יאָרן—באַפעלט אַזוי אויף זיין לעצטן געלעגער. אפילו אַזעלכע, וואָס זענען זייער גאַנצן לעבן ווייט געווען פון דעם יידנטום, און אפילו אַזעלכע, וואָס זענען נאָך קיינמאָל נישט אַוועקגעגאַנגען פון אים.

עס קאָן זיין, עס איז בלויז „פראָפּאַגאַנדע". די יידישע קאָרעס-פּאָנדענטן מאַכן רעקלאַמע פאַר דעם יידנטום. און פון אַ טויטן קאָן מען דאָך נאָכזאָגן, וואָס מען וויל. ער וועט נישט אָפּלייקענען, בפרט—ווען עס האָט פּאַסירט ווייט, אין מאָסקווע, הינטער דער כינעזישער וואַנט.

און פאָרט—עס האָט געשטערט מיין בילד, דאָס בילד, וואָס איך האָב תמיד פון גערשענזאָנען. נישט דערפאַר, וואָס איך האָב עפּעס אַקעגן אַזאַ מין צוואה, צי אַן אַנדערע. אָבער אָט די פאָרם פון דער תשובה אויף דעם טויטנבעט, דאָס אומקערן זיך צום מקור, אויף דער שוועל פון דעם קיינמאָל-זיך-נישט צוריקצוקערן, איז מיר תמיד אויסגע-קומען פאַרדעכטיק. צוליב וואָס? פאַר שרעק פאַר „אפשר טאַקע"? אויב אַזוי, אויב אפילו אַזוי—קאָן דען דער לעצטער זשעסט „מכפר זיין"? בפרט נאָך, ווען איינער האָט גאָרנישט געזינדיקט?

צערעמאָניע, פּאָזע? עס איז אפשר גוט פאַר אַן אַגיטאַטאָר, וואָס

שפּילט אַ ראָלע זיין גאַנץ לעבן, און וויל זיך געזעגענען מיט אים אויך—שפּילנדיק. אָבער אַן ערנסטער, טיפער מענטש, אַ דענקער, אַ פאָרשער, וואָס האָט ער צו טאָן מיט פּאָזע און מיט טעאַטראַלישקייט?

שטאַרבן שיין, יום-טובדיק, אין שיינע מלבושים—דאָס איז אַ ליטעראַריש-דראַמאַטישער איינפאַל. אָבער ווי קומט דערצו מ. א. גערשענזאָן, דער אייגענער גערשענזאָן, וואָס האָט ערשט מיט אַ פּאָר יאָר צוריק—אין זיין „בריוו-ווערסל פון צוויי ווינקלען"—אין זיין וווּנדערלעכער דיסקוסיע מיט וויאַטשעסלאַוו איוואַנאָוו—געפּרעדיקט „נאַקעטקייט", נאַקעטקייט פון דער נשמה? דער אייגענער גערשענזאָן, וואָס האָט אין זיין „דער שיקזאַל פון דעם יידישן פאָלק" געפּרעדיקט דעם יידן די לערע פון פרייהייט, פרייהייט פון יעדער פאָרם, פון יעדן גלויבן, פון יעדער צוגעבונדנקייט.

עס גראַמט זיך נישט. און איך גלויב עס קוים. עס איז נישט מער ווי די באַנאַליזירונג פון אַן אייגנאַרטיקער פּערזענלעכקייט, ס איז דער מאַסנבאַגריף, אויב נישט מאַסן-נקמה וועגן דעם אויסנאַמס-מענטשן.

איך וויל דאָ נישט שרייבן קיין נעקראָלאָג נאָך גערשענזאָנען. ער איז זיין גאַנץ לעבן געשטאַנען „חוץ למחנה", זיין גאַנצע אַרבעט האָט באַלאַנגט צום רוסישן פאָלק, צו דער רוסישער ליטעראַטור. אַלס היסטאָריקער פון „יונג-רוסלאַנד", פון די אָנהייבן פון דער רוסישער „אייראָפּעיזאַציע", פון דעם קאַמף צווישן די סלאַוויאַנאָפילן און די מערבניקעס, אַלס איינער פון די, וואָס האָבן אַריינגעבראַכט אין דער רוסישער ליטעראַטור און דענקען דעם אידעאַליזם—אַנטקעגן דעם סאָציאַליסטישן מאַטעריאַליזם—פאַרנעמט מ. א. גערשענזאָן אַן ערנפּלאַץ אין דער נייער רוסישער ליטעראַטור. און אַלס סטיליסט, אַלס מייסטער פון דער רוסישער שפּראַך, איז עס אפשר דער געשעצטסטער צווישן אַלע פּראָזאַיקער פון דער היינטיקער רוסלאַנד. אָבער—אָבער דאָס אַליין וואָלט אים נאָך נישט געגעבן אַ רעכט אויף אַן ערנפּלאַץ אין דעם „יידישן פּאַנטעאָן." ווען מען וועט שרייבן אַמאָל די געשיכטע פון דער יידישער קולטור אין אייראָפּע—און ספּעציעל אין רוסלאַנד—וועט מען זיכער נישט אַריינרעכענען גערשענזאָנען. עס וועלן דאָרט אַריינגענומען ווערן אַנדערע, באַשיידענערע, מיטלמעסיקערע. ווייל געשיכטע רעכנט זיך מיט רעזולטאַטן—און נישט מיט פּערזענלעכקייטן, און פאַר דער יידישער קולטור זענען פרוג אָדער לעוואַנדע אָדער

באַגראַוו געווען רעזולטאַט־בערענגענדיקער ווי גערשענזאָן. זיי האָבן גע־שריבן פאַר יידן און פון יידן, ער אָבער האָט געפאָרשט רוסלאַנד—פאַר רוסלאנד.

אָבער—ווען מען וועט אַמאָל צוגיין צו דער אַרבעט פון אויס־פאָרשן די יידישע פערזענלעכקייט, אַריינדרינגען אין די טיפענישן פון דער קאָמפּליצירטער, תהום־טיפער יידישער נשמה, ווען מען וועט זיך פאַרטראַכטן איבער דער פראַגע—ווער איז געווען דער רעפּרעזענטאַטיוו־סטער ייד אין רוסלאַנד—וועט מען זיכער קומען אויך צו דעם נאָמען גערשענזאָן. און רופט מען אָן די בעסטע נעמען—וועט אויך זיינער אָנגערופן ווערן. און אפשר וועט זיין נאָמען זיין דער איינציקער. און נישט דערפאַר, וואָס ער איז געווען דער פעיקסטער, דער אינטערע־סאַנטסטער מענטש צווישן די רוסישע יידן, נאָר ווייל ער איז געווען דער רייפסטער, אַ פאַרענדיקונג פון אַ גאַנצער עפּאָכע—אַן אָנהייב פון אַ נייער, אָדער ריכטיקער, אַן איבערגאַנג.

דאָס איז דאָך די גרעסטע אָריגינאַליטעט פון דעם רוסישן יידנ־טום, וואָס מען האָט אים נישט געגעבן קיין צייט אויסצורייפן, פאַרטיק צו ווערן. פון אַלע יידישע גרופּן די איינציקע, וואָס האָט ערשט אָנ־געהייבן איר אַנטוויקלונג, און אַנטוויקלונג מיינט—דער וועג דורך אַסימילאַציע.

דאָס איז דער גורל און דער זין פון דער יידישער געשיכטע: געפינען זיך נאָכדעם, ווי זי האָט זיך פאַרלוירן. צוגיין ביז צום לעצטן אָפּגרונט, דורך אַלע נסיונות—און געלייטערט אויפסניי—צוריק־קומען צו זיך. לאָזט מען דאָס יידנטום איבער צו זיך אַליין, לאָזט מען אים שלאָפן—ווערט עס פאַרגליווערט—און אַלט. קיין שום קול־טור קאָן זיך נישט באַנייען פון זיך אַליין. וואַקסן הייסט צוגעוואַקסן ווערן, הייסט אַסימילירן אין זיך נייע, פרעמדע עלעמענטן. און אַסי־מילירן מיינט אויך אַסימילירט ווערן.

אַזוי איז געווען דער וועג פון דער יידישער געשיכטע—ווי פון יעדער אַנדערער און מער ווי פון יעדער אַנדערער. דערפאַר איז זי טאַקע אַזוי אייגנאַרטיק, אַזוי אומגעהויער אינטערעסאַנט, אַזוי מענטש־לעך ווערטפול. זי איז די אומפאַרענדיקטקייט, די נישט־פאַרטיקייט. די איינציקע געשיכטע, וואָס קאָן נאָך ברענגען איבערראַשונגען. און אויך די איינציקע, וואָס האָט ביים איינגאַנג און אויסגאַנג—פערזענ־לעכקייט.

די מערב-אייראָפּעישע יידן האָבן דעם פּראָצעס שוין כמעט דורכגעמאַכט. זייער וועג פון אסימילאַציע איז מער אָדער ווייניקער פאַרענדיקט. און זיי שטייען איצט באַלד פאַר אַ פאַרייניקונג.

די רוסישע יידן זענען ערשט שפּעט אַריינגעקומען אין דער געשיכטע. מיט פערציק יאָר פריער איז נאָך נישט געווען קיין רוסיש-יידישע געשיכטע. עס איז געווען אַ געטאָ — עס איז געווען אַ סביבה, עס זענען געווען אויך יידן, אָבער נישט קיין אקטיווע געשיכטע.

די געשיכטע פון דעם רוסישן יידנטום הייבט זיך אָן מיט דער אַסימילאַציע, מיט דעם אָנהייב פון דער אַסימילאַטאָרישער באַוועגונג צווישן די רוסישע יידן. עס האָט זיך אָנגעהייבן אַ קאַמף, אַ נשמה-ראַנגלען, און אין דעם פּראָצעס פון קעמפן איז אויסגעוואַקסן, אָדער ריכטיקער, האָבן זיך אַרויסגעוויזן די ערשטע קאָנטורן פון דער נייער רוסיש-יידישער פּערזענלעכקייט. דער ייד, וואָס פאַרייניקט אין זיך יידנטום און רוסנטום, יידישן לעבענס-דראַנג און רוסישן פּעסימיזם, יידישן שכל און רוסישע מיסטיק, די אייגנאַרטיקע מיסטיק, וואָס האָט נישט קיין גלייכן אין דער אייראָפּעישער וועלט, יידישע דערפאַ-רונג און רוסישע נאַיוויטעט.

אַ ק י ם װ אָ ל י נ ס ק י, דער גרויסער רוסישער קונסט-קריטיקער און פאָרשער, איז געווען איינער פון די ערשטע שוועלבעלעך. דער ערשטער ייד, וואָס האָט פּראָטעסטירט קעגן רוסלאַנד. דער ערשטער ייד, וואָס האָט זיך אַוועקגעשטעלט ווי אַ גלייכער, אַן אייגענער, און אַריינגעטראָגן זיין וואָרט, זיין יידישע פּערזענלעכקייט איז דעם רו-סישן קולטור-לעבן. און דאָס וואָרט האָט געהייסן: אידעאַליזם.

אָבער וואָלינסקי איז דער ערשטער, און דערפאַר צו שאַרף, צו פרעמד. רוסלאַנד האָט אים נישט אָנערקענט. זי האָט זיך ערשט גע-מוזט צוגעוויינען צו דער יידישער פיזיאָנאָמיע.

און צוביסלעכווייז האָט זי זיך צוגעוויינט. ביז עס איז געקומען גערשענזאָן און זי האָט אים תיכף אָנגענומען, אָן קשיות, אָן ספקות, אָנגענומען אַלס אַן איריקן, מיט זיין גאַנצער פּראָבלעם-שטעלונג, מיט זיין אייגנאַרטיקייט.

און פונקט ווי מאָסקווע האָט אָנערקענט גערשענזאָנען—דעם קישינעווער יידן מיט דער שוואַרצער באָרד און דעם שאַרף-יידישן פנים—אַזוי האָט גערשענזאָן אַקצעפּטירט מאָסקווע. ער האָט טיפער און ריכטיקער פון אַלע פריערדיקע רוסישע קריטיקער פאַרשטאַנען

דעם גייסט פון רוסלאַנד, און דווקא פון די, וואָס זענען געווען קעג-
ער פון דער איראָפּעיזירטער, מאָדערניזירטער רוסלאַנד. ער, דער
יד, איז טיפער אַריינגעדרונגען אין דעם גייסטיקן קאַמף פון רוסלאַנד
ווי דער שטאַם-רוס, דער סלאַוו ביעלינסקי. ער האָט אויסגעמאָלט מיט
גײַנע פּעדערשטריכן, אַזוי פּלאַסטיש, לעבעדיק און מיט פאַרשטענדע-
ניש דעם דראַנג פון דעם רוס—צו זיין אַ יורש און נישט בלויז אַ
גאָכמאַכער, די בענקשאַפט נאָך אַ המשך. וואָרים דאָס איז דאָס געווען
דער קאמף צווישן די צוויי רוסישע שיטות, צווישן די סלאַוויאַנאָפּילן
און די מערבניקעס.

און גערשענזאָן האָט גערופן רוסלאַנד צו אַ סינטעז. זיין רופן
אַליין איז געווען אַ שעפערישער אַקט. עס האָט געגעבן דעם רוסישן
דענקער אַ נייעם אינהאַלט.

איך װיל דערמיט געוויס נישט זאָגן, אַז גערשענזאָן איז געווען
דער פירער פון דער רוסישער אינטעליגענץ. ער איז זיכער נישט
געווען דער גרעסטער היסטאָריקער און אויך נישט דער גרעסטער
קריטיקער. אויף אַלע געביטן, וווּ ער האָט געאַרבעט, האָט ער געהאַט
לערער, פאָרגייער און מיטשטרעבער. ער האָט געהאַט אַ קלענערן
איינפלוס אויפן רוסישן לעבן, ווי צ. ב. סטרוווע, שוין נישט רעדנדיק
פון די אַקטיווע פּאָליטיקער און פּאָליטישע דענקער פון די פאַרשידנ-
סטע ריכטונגען.

אָבער דאָס איז אויך נישט דער עיקר. די הויפּטזאַך איז—די
פּערזענלעכקייט, די נייע יידישע פּערזענלעכקייט, וואָס איז אויסגעוואַקסן
אין רוסלאַנד און האָט אָנגעהייבן לאָזן פילן איר ווירקונג.

ווײַל גערשענזאָנס קראַפט איז געווען מער ווי אַ ריין ליטעראַ-
רישע. עס איז געווען דער כוח פון אַ פייער, וואָס רייסט זיך פּלוצ-
לונג אַרויס פון אונטער דעם אַש און פלאַקערט אויף אויפסניי.

עס איז דער ערשטער פלאַם פון דער יידישער נשמה, וואָס
האָט אויפגעלייכט אין דעם רוסישן לעבן.

און ווען די געשיכטע פון רוסלאַנד וואָלט נישט פּלוצלונג אונ-
טערגעבראָכן און צעבראָכן געוואָרן, ווען דאָס לעבן וואָלט געגאַנגען
זיין נאָרמאַלן וועג—וואָלט זיכער אויפגעקומען אַ נייער, מערקווירדיקער
יידישער דור, אַסימילירט און דאָך יידיש, אַסימילירנדיק צו זיך—און
זוכנדיק אַ נייעם וועג צו זיך אַליין.

גערשענזאָן האָט אָנגעוויזן דעם וועג. אין זיין „שליסל צום

גלויבן"—צום [redacted] יידישן גלויבן—האָט ער געגעבן דעם [redacted] שליסל צו דער אַנטוויקלונג פון דער רוסיש־יידישער פערזענלעכקייט. ער האָט דאָרט אונטערגענומען צו דורכדענקען אויפסניי די גרונטלאַגען פונם יידנטום—דורכזיפּן דעם [redacted] יידישן אינהאַלט דורך דער אייגנאַרטיקער רוסישער זיפּ — און עס איז אַרויסגעקומען אַ ניי יידנטום, ניי אין זיין אינ־טערפּרעטאַציע, און שטאַרקער, קערניקער, ווי דאָס יידנטום פון די מערב־אייראָפּעישע, אויך דורכגעזיפּטע, פון דער אַסימילאַציע אַרויסגע־קומענע יידן.

אָט־אָט אַ נייע פאַרענדיקונג, אַ נייע רייפקייט. און פּלוצלונג אַ קאַטאַסטראָפע—און דאָס רוסישע יידנטום איז ווידער אויפגעטרייסלט ביז צו די יסודות. דער אַלטער פאָרמירונגספּראָצעס ווערט אונטער־בראָכן. אַ נייער הייבט זיך אָן.

וועט אויך די אַרבעט פון גערשענזאָנען ווערן ווייטער געפירט? וועט דאָס יידנטום—אַלס וועלט־צוגאַנג, אַלס היסטאָרישער עלעמענט, ווייטער אַנטוויקלט ווערן? אָדער איז דער פּראָצעס פאַרענדיקט? איז גערשענזאָן געווען אַן אָנהייב אָדער אַ סוף?

„יעדע רעליגיעזע אידעע—פּאָזיטיוו אָדער נעגאַטיוו—צעגיסט זיך תּיכּף נאָכדעם, ווי זי איז געבוירן געוואָרן אין דעם באַוווסטזיין פון מענטשן, איבער אַלע אַרטעריעס פון דעם גייסט און ווערט גיריק אויפגענומען—אַלס סאַנקציע אָדער אַלס כּלי־זין—פון אַלע לעבנס־אינטערעסן, פון אַלע שטרעבונגען פון די מענטשן. זי דריגגט אַריין אין דער ווירקלעכקייט, אַלצדינג דורכווייקנדיק, אַלצדינג אַסימילירנדיק—און אין דעם פיזיקן פּראָצעס ווערט זי ערשט ממשותדיק און אַנטפּלעקט זיך—כּדי זי זאָל אין איר גאַנצער טיפקייט קאָנען אויסהאַלטן די פייערפּראָבע פון דער ווירקלעכקייט".

מיט דידאַקטיק ווערטער האָט פאַרענדיקט גערשענזאָן זיין בוך „היסטאָרישע שריפטן". ווערטער, וואָס זענען אַ שליסל נישט בלויז צו גערשענזאָנס פערזענלעכקייט, נאָר צו דער נייער יידישער פערזענלעכקייט.

די פייערפּראָבע! מיר האָבן זי. און מיר מוזן געלייטערט ווערן צו גאָלד אָדער אויסברענען אין אַש.

# סעמיאָן אַפּאַנאַסיעוויטש.

די טעג איז אָנגעקומען פון רוסלאַנד אַ ידיעה, אַז פּראָפעסאָר סעמיאָן אַפּאַנאַסיעוויטשווענגעראָוו איז געשטאָרבן אין פּעטראָגראַד פון בויך-טיפוס. פאַר אַ סך פון אונדז, וואָס זענען אויפגעוואַקסן אין רוסלאַנד, אויפגעהאָדעוועט אויף דער רוסישער ליטעראַטור, איז דאָס אַן איבעררעשונג. ווענגעראָוו איז געשטאָרבן. וואָס הייסט—געשטאָרבן? איז דען ווענגעראָוו געווען אַ מענטש, אַ לעבעדיקער בשר-ודם, און נישט אַ ליטעראַרישע אינסטיטוציע, אַ מין ענציקלאָפּעדיע אָדער אַ כרעסטאָמאַטיע? לאָז מען, אַ שטייגער, קומען און דערציילן, אַז וועבּסטערס ווערטערבוך, אָדער אַ. קאָהוטס „ערוך השלם”, אָדער קירפּיטשניקאָווס רעכנבוך איז געשטאָרבן. ס. א. ווענגעראָוו איז פאַר דעם יינגערן דור אין רוסלאַנד געווען אַזאַ מין צייטלאָזע און רוימלאָזע אינסטיטוציע, אַ נאַטור-נויטווענדיקע ביילאַגע צו יעדער קלאַסיקער-אויסגאַבע, אַ ביבליאָגראַפישער מוזיי.

נעמט מען אין האַנט אַן אויסגאַבע פון פּושקין,—אויף דעם שער-בלעטל וועט איר געפינען: אונטער דער רעדאַקציע פון ס. אַ. ווענגעראָוו; און דערנאָך אַן איינלייטונג, וואָס זעלטן ווער האָט עס געלייענט; ווייל אין דער איינלייטונג איז געשטאַנען דאָס, וואָס יעדער ווייסט סיי ווי סיי: אַז פּושקין איז געבוירן געוואָרן, האָט געלעבט און איז געשטאָרבן, איז געווען א גרויסער דיכטער, וואָס א. אַז. וו.; אפילו דער „אָבער” זיינער, ד. ה. דאָרט, וו דער קריטיקער האָט

געוואָלט אויך אריינשטעלן אַ וואָרט, איז געווען אַזוי אומשעדלעך, אַזוי נישט מרעיש-עולמדיק, אַז מען האָט אים גאָרנישט באַמערקט. דאָס אייגענע איבער טאָלסטאָי, איבער נעקראַסאָוו, איבער גאָגאָל, איבער אַלע שרייבער, וואָס די אַקאַדעמיע האָט אַרויסגעגעבן און וואָס ווענגעראָוו האָט, לויטן נאַטור-געזעץ, פאַרזאָרגט מיט אַ הקדמה.

איך בין אַזוי אויסגעוואַקסן מיט דער אמונה שלמה, אַז ווענגעראָוו,—פונקט אַזוי ווי גאָוואָראָוו, דער פּראָפעסאָר פון דער גראַמאַטיק, וואָס מיר האָבן געלערנט אין שול, אָדער יעווטושעווסקי, וואָס האָט אַריינגעפירט אין דער חכמה פון חשבונען,—געהערט צו אַן אויסגעטראַכטער וועלט, אַז דאָס איז בלויז אַ נאָמען פון אַ בוך.

דאָס ערשטע מאָל, ווען מיין גלויבן אין זיין מיטאָלאָגישער, אויסגעטראַכטער עקזיסטענץ האָט זיך אָנגעהייבן צו שאָקלען, איז געווען מיט אַ יאָר אַכט צוריק אין רוים. איך האָב דאָרט דעמאָלט געוווינט אַלס אַ פאַרטרעטער פון דער פעטערבורגער „רעטש”, ע״ה, און צוגעשטעלט איטאַליע אַ בענקעלע פאַר דער רוסישער אינטעליגענץ. איך האָב געהאַט תּרעומות אויף איר, וואָס זי פירט „אימפּעריאַליסטישע” פּאָליטיק און פאַרכאַפּט ביים אָרעמען טערק, נעבאַך, טריפּאָלי. פּלוצלונג באַקום איך פון פעטערבורג אַ בריוו מיט אַ מין אַנקעטע-בויגן, אין וועלכן איך ווער געבעטן צו שיקן מיין ביאָ-ביבליאָ-און פאָטאָגראַפיע פאַר אַ „ווערטערבוך פון רוסישע שריפטשטעלער”, וואָס דאַרף באַלד אַרויסגיין, און דווקא זייער אויספירלעך, אין עטלעכע בענדער. אונטער דעם בריוו איז געשטאַנען די חתימה: ס. א. ווענגעראָוו.

איך האָב אָנגעהייבן חושד צו זיין, אַז ווענגעראָוו איז אפשר טאַקע אַ לעבעדיקער מענטש. איך האָב זיך אָנגעהויבן נאָכפרעגן ביי באַקאַנטע רוסישע שריפטשטעלער, אָבער זייער ענטפער איז געווען זייער אומקלאָר: אפשר יאָ, אָבער קיינער האָט אים נאָך נישט געזען. מיין השערה פון דער „אינסטיטוציע” איז זיי געפעלן און זיי האָבן מיט מיר מסכּים געווען.

און ווי געוויינלעך, — ווען מען האָט צו טאָן נישט מיט קיין מענטשן, נאָר מיט אַ פירמע, מיט אַ געזעלשאַפט, איילט מען זיך נישט מיט ענטפערן. איך האָב טאַקע, אגב, נישט געוווּסט, ווי אַזוי צו ווענדן זיך. זאָל איך, למשל, שרייבן: „זייער געערטער הער ווערטערבוך” ? וואָרים פשוט שרייבן: „געערטער סעמיאָן אַפאַנאַסיעוויטש”,

האָט זיך מיר אויסגעוויזן פאַר נישט-פּאַסנדיק; מען קען נאָך דאָרט, אין פּעטערבורג, לאַכן פון מיר, האַלטן מיך פאַר א „גרינעם״: אַ שיינער רוסישער שריפטשטעלער, וואָס מיינט, אַז וועגנעראָוו איז אַ מענטש! — און אַזוי האָב איך טאַקע נישט געענטפערט.

מיט אַ פּאָר יאָר שפּעטער, — אין בערלין, — איז מיין גלויבן אינגאַנצן פאַרניכטעט געוואָרן. אין אַ שיינעם פרימאָרגן קומט אַריין צו מיר אַן אַלטע, זייער אַלטע פרוי, מיט אַ מאַנוסקריפּט אין האַנט, און שטעלט זיך פאָר: פּאַולינאַ וועגנעראָווא. זי האָט אויסגעזען ווי אַ זקנה פון אַריבער זיבעציק און גערעדט דייטש — מיט דער מינסקער הברה. זי איז געקומען צו מיר, זאָגט זי, מיט אַ בקשה: איך זאָל דורכליינען איר מאַנוסקריפּט, זאָגן איר מיין מיינונג און רעקאָמענדירן איר אַן אַרויסגעבער. זי האָט זיך דערביי אַנטשולדיקט, וואָס זי איז מיך מטריח, און געזאָגט — אויף „דייטש״: „זי מעכטע מיך ניכט בעאונרוהיגט האַבן״, אָבער איר זון האָט זי געשיקט צו מיר, אַלס אַ מומחה אויף יידישע זאַכן.

— ווער איז אייער זון? — פרעג איך זי.

די אַלטע דאַמע האָט מיך אָנגעקוקט מיט פאַרחידושטע אויגן:

— איר קענט נישט מיין זון, סעמיאָן אַפאַנאַסיעוויטש?

איך בין אַ פּאָר מינוט אָפּגעזעסן שבעה נאָך מיין קינדערשן גלויבן. הייסט עס, אַז סעמיאָן אפאַנאַסיעוויטש איז טאַקע אַ לעבעדיקער מענטש, און האָט נאָך אַ מאַמע, וואָס רעדט דייטש מיט אַ ליטווישן אַקצענט, און שרייבט כתבים איבער — אַלט-יידישע מנהגים. אַ מענטש, אַ ייד און אַ ליטוואַק אויך נאָך, — אויף אַזויפיל מיט אַמאָל האָב איך זיך גאָרנישט געריכט.

און די אַלטע פרוי, פּאַולינאַ וועגנעראָווא, האָט מיר אָנגעהייבן צו דערציילן איר ביאָגראַפיע, — איינע פון די אינטערעסאַנטסטע לעבנסבילדער: אַ שטיק יידיש-רוסישע געשיכטע. דער גאַנצער רוסישער השכלה-פּעריאָד איז אויפגעשטאַנען לעבעדיק פאַר מיינע אויגן: אָרשאַנסקי, באָגראָוו, לעוואַנדע, י. ל. גאָרדאָן און אַלע משכילים פון ניקאָלאַי דעם ערשטנס און אַלעקסאַנדער דעם צווייטנס צייטן, פאַרגעסענע, אין אַרכיוון באַגראָבענע קעמפער פאַר יידישע רעכט און פאַר יידישער אויפקלערונג. דער אַלטער וועגנעראָוו, „אַפאַנאַסי״, — אַ מינסקער סוחר, אַ משכיל, אַ גביר. אַליין פון אַ געהייבענער משפחה, אויסגעראָשטשינעט אויף נגידות און השכלה. זיין מחותן איז געווען

חיים זעליג סלאָנימסקי,—אָט טאַקע דער אייגענער חיים-זעליג, מיט דער גרויסער באָרד, וואָס האָט קאָרעספּאָנדירט מיט אַלעקסאַנדער הומבאָלדט, וואָס האָט געשריבן די „חכמת-ההנדסה", דער ערשטער יידישער מאַטעמאַטיקער און אַסטראָנאָם אין רוסלאַנד,—חיים-זעליג סלאָנימסקי, דער גרינדער פון דער „הצפירה".

חיים-זעליג איז אַריבערגעפאָרן קיין וואַרשע, „אַפאַנאַסי" איז פאַרבליבן אין מינסק, אָבער די קינדער זענען אַוועק קיין פּעטערבורג. און ווי אַלע קינדער פון די ערשטע רוסיש-יידישע משכּילים, האָבן זיי זיך אַריינגעוואָרפן ראשם ורובם אין דעם רוסישן לעבן, אָפּגעזאָגט זיך פון דעם יידישן פאָלק, אויסגעמעקט זייער נאָמען פון דעם פאָלק ישראל. חיים-זעליגס זון איז געווען ל. סלאָנימסקי, דער באַקאַנטער רוסישער פּובליציסט און אַנטימאַרקסיסט, און „אַפאַנאַסיס" זון איז געוואָרן — סעמיאָן אַפאַנאַסיעוויטש ווענגעראָוו, דער געשוואָרענער אַקאַדעמישער קריטיקער און ביכער-וואָרעם פון רוסלאַנד.

מיט אַ יאָר דריי צוריק האָב איך צום ערשטן מאָל באַגעגנט זיך מיט סעמיאָן אַפאַנאַסיעוויטש. איך בין נאָר וואָס געקומען קיין פּעטראָגראַד און האָב זיך אָנגעהייבן איינקוקן אין די ליטעראַרישע קוריאָזן פון רוסלאַנד. ס'איז דאָך אַן אַלטער כּלל: שריפטשטעלער זענען איינער פאַר דעם צווייטן נישט-אינטערעסאַנט, און וואָס מער איין שריפטשטעלער שעצט דעם צווייטן, האָט ער ווייניקער חשק אים פּערזענלעך צו קענען, מיט אים זיך טרעפן. אינטערעסאַנט זענען נאָר די, וואָס מען שעצט נישט, די, וואָס זענען מער מאַטעריאַל פאַר באַאָבאַכטונג, ווי גייסטיקע פירער אָדער רביים.

זינאַאידאַ אַפאַנאַסיעוונאַ, סעמיאָנס יינגערע שוועסטער, אַ באַקאַנטע רוסישע איבערזעצערין און קריטיקערין פון ענגלישער ליטעראַטור— האָט מיר פאָרגעשלאָגן צו גיין מיט איר אויף אַ זיצונג פון דעם „רוסישן שריפטשטעלער-פאַריין" אויף דער באַסעינאַיאַ. „דאָרט וועט איר זיך באַקענען מיט מיין ברודער",—האָט זי מיר צוגעגעבן אין נחת,—„ער איז דער פאָרזיצנדער פון דעם פאַריין".

אין אַ קליין חדרל, אויף דעם זעקסטן שטאָק, אַרום אַ קיילעכדיקן טיש, זענען געזעסן בערך צען-צוועלף זקנים און זקנות. איך האָב לכתחילה געמיינט, אַז מיר זענען על פּי טעות אַריינגעפאַלן אין אַ מושב זקנים. אָבער מיין באַגלייטערין האָט מיר אָנגעהייבן פאָרשטעלן, און איך האָב פאַרשטאַנען, אַז עס איז פאָרט טאַקע דער „רוסישער

שריפטשטעלער-פאַריין״. איך האָב זיך איינגעהערט אין די נעמען — כמעט אַלע פרעמד, אָדער באַקאַנט עפּעס פון דערוווּטנס, ווי דורכן שלאָף. ס׳איז שוין אַזאַ טבע ביי שריפטשטעלער: דער, וואָס איז עפּעס, דער, וואָס קען עפּעס, האַלט זיך פון דערווייטנס, פאַרשרייבט זיך נישט אין פאַריינען, גייט נישט צו אסיפות. טאָלסטאָי אָדער דאָסטאָיעווסקי האָבן נישט געהאַט קיין „פאַריינס-מיטגליד-קאַרטע״. זיי האָבן גאָרנישט געוואָלט, אַז מען זאָל זייערע אינטערעסן פאַרטיידיקן. די וועלט, דאָס פאָלק וועלן זיי שוין פאַרטיידיקן, אויב מען וועט דאַרפן. איך האָב אויף דער אסיפה נישט געזען — נישט מערעזשקאָווסקין, נישט סאָלאָגובן, נישט גאָרקין און נישט בריוסאָוון, קיינעם פון די, וואָס זענען די רוסישע ליטעראַטור. דערפאַר אָבער — אַן אַלטעטשקע פרוי, וואָס האָט שוין נישט געהאַט מער קיין כוח צו האַלטן דעם קאָפּ און האָט אַלץ אים געשאָקלט אַהין און אַהער. „ווער איז דאָס?״ — פרעג איך מיין באַגלייטערין. „דאָס איז וואַטסאָן״. און עס דערמאָנט זיך: וואַטסאָן — אַמאָל געווען אַ גוטע איבערזעצערין פון צלע שפּראַכן, און אַמאָל, גאָר־גאָר אַמאָל — די געליבטע פון נאַדסאָן. פאַר איר האָט דער האַלב־יידישער פּאָעט פון זיס-סענטימענטאַלער ליריק געזונגען זיינע לידער. די לידער, וואָס מיר האָבן געלייענט, ווען מיר זענען יונג געווען און געזונגען אין די זומערדיקע נעכט — פול פון ליבע־כישוף, ליבע־בענקשאַפט, און פאַר אונדז האָבן עס געזונגען די, וואָס מיר האָבן שוין געטראָפן פאַרטיקע, אויסגעניכטערטע, אויסגעליר־יששטע.

די אסיפה האָט געפירט — סעמיאָן אַפאַנאַסיעוויטש, אַ מערקווירדיקע פיגור, אַ ייד מיט אַ גרויסער, לאַנגער מזרח-נאָז, מיט אַ ברייטער באָרד, פעך-שוואַרץ, אָבער שוין דורכגעצויגן מיט זילבער. אָנגעטאָן אין אַ לאַנגן ראָק, נאָר אַ יאַרמולקע אויפן קאָפּ — און פאַר אייך זיצט אַ רב אָדער אַ ראש־ישיבה.

עס איז אַ מערקווירדיקע זאַך: וואָס אַסימילירטער אַ ייד איז, זעט ער, ווי אויף צו־להכעיס, אויס אַזוי יידיש, אַזוי „סעמיטיש״, פונקט ווי ער קומט אָט וואָס פון שם ועבֿרס געצעלטן. און פאַרקערט — די נאַציאָנאַלסטע יידן האָבן אָפט גאָר קיין זכר „צלם אלהים״ נישט. אָט, למשל, ח. נ. ביאַליק. מיר האָט ביאַליק אַמאָל דערציילט, אַז ווען ער טראָגט זיין פעלערינע, און בפרט נאָך, ווען ער נעמט אַראָפּ די וואָנסן — נעמען אַלע גוים אַראָפּ די היטלען פאַר אים און אַלע גויעס קושן אים די האַנט: זיי האַלטן אים פאַר אַ קסיאָנדז. און טראָגט ער שוין וואָנסן

און גייס אין אַ געוויינלעכן בגד, זעט ער אויס ווי אַן אמתער קאַצאַפּ. קיינעם וואָלט נישט איינגעפאַלן, אַז דאָס איז אַ ייד, און דערצו נאָך דער גרעסטער דיכטער פון דעם יידישן פאָלק, די פאָרטזעצונג פון יהודה הלוי. און פאַרקערט—נעמט אין דייטשלאַנד אַ טיפּישן אַסימילאַנט אָט דעם טיפּ־ייד, וואָס שרייט תמיד, אַז ס'איז גאָר נישטאָ אַזאַ בריאה אויף דער־וועלט, ווי אַ ייד, אַז אַ ייד איז בלויז אַ דייטש, אָדער אַ פראַנצויז, וואָס גלויבט אין דער „ביבל", ד. ה. אַ מיטגליד פון אַ ביבל־געזעלשאַפט" — און גראָד אָט דער „דייטש", דער „אַריער", זעט אויס, ווי די יידן, וואָס זענען אָפּגעמאָלט אויף די מאָנומענטן פון אשור, מיט די אמת קרומע נעז, שוואַרצע געקרייזלטע האָר. ממש אויף צופּוקעניש.

אויף סעמיאָן אַפאַנאַסיעוויטשן האָט מען לאַנג נישט געהאַט וואָס צו טראַכטן. זיין גזע איז געווען אָנגעשריבן אויף זיין פּנים. עס האָט זיך מיר בכלל אויסגעוויזן, אַז איך בין אויף אַן אסיפה פון אַלטע יידן, פון אַ מין חברה שומרי לבוקר.

נאָך דער זיצונג איז סעמיאָן אַפאַנאַסיעוויטש צוגעגאַנגען צו מיר, געגעבן אַ שלום־עליכם, און גלייך אויפן אָרט אָנגעהייבן מיך צו מוסרן: פאַרוואָס איך האָב נישט געענטפערט אויף זיין בריוו מיט פינף־זעקס יאָר צוריק—ער דאַרף האָבן מיין ביאָגראַפיע, ביבליאָגראַפיע און פּאָטאָגראַפיע, ווי אין לעבן. און תוך כדי דבור—שטעקט ער אריין די האַנט אין בוזעם־קעשענע און נעמט אַרויס פון דאָרט אַן אַנקעט־בויגן, פּונקט אַזעלכער, ווי ער האָט מיר צוגעשיקט קיין רוים מיט יאָרן צוריק.

מיר דאַכט זיך, אַז אין יענעם מאָמענט איז מיין קינדישער גלויבן אין ווענגעראָווס אומפאַרזעגלעכקייט ווידער לעבעדיק געוואָרן. אַ מענטש, וואָס קאָן אַזוי ליב האָבן ליטעראַטור, אַז ער זאָל געדענקען אַזעלכע זאַכן—מוז טאַקע זיין אַן אינסטיטוציע. פאַר אַ לעבעדיקן מענטשן איז דאָס צופיל.

---

* *
*

ס'איז געווען אַ פּראָסטיקע נאַכט אין פּעטערבורג. די ערשטע סדר־נאַכט. אַ גאַנצן טאָג איז געפאַלן אַ שניי, געווען אַ שטיקל זאַווערוכע. די גאַסן זענען געווען טיף פאַרשאָטן, כמעט אוממעגלעך געווען צו גיין.

אַנטקעגן נאַכט האָט זיך דער הימל אויסגעשטערנט. עס האָט געכאַפּט אַ פרעסטל, און דער שניי האָט געקרעכצט אונטער די פיס. פאַרנאַכט קלינגט עס ביי מיר אין טעלעפאָן. „סעמיאָן אַפאַנאַסיעוויטש איז ביים טעלעפאָן"—לאָזט זיך הערן אַ באַלעבאַטישע גוט־יידישע שטימע. „איך האָב צו אייך אַ בקשה". און זיין בקשה איז געווען אָט וואָס: זיין אַלטע מוטער, פרוי פּאַאולינאַ ווענגעראָווא, איז טאַקע אַפאַנאַסיס אלמנה און סעמיאָנס מאַמע, אָבער אַ פרומע יידענע. וואָס עלטער, זאָגט סעמיאָן, ווערט זי אַלץ פרומער און נאַציאָנאַלער. זי וויל אָן שום טענות גיין צום סדר. און אַזוי ווי זי האָט געהערט, אַז איך בין איינגעלאַדן צום סדר אין דעמזעלבן הויז, ווי זי—צו דעם פאַרוואַלטער פון גאָרקיס צייטונג „נאָוואַיאַ זשיזן"—די צייטונג פון די עקסטרעמע אינטערנאַציאָנאַליסטן — בעט ער מיך, אַז איך זאָל קומען און אָפּפירן די אַלטע דאַמע. און אַזוי זענען מיר געזעסן ביים סדר ביי „אינטערנאַציאָנאַליסטן". דער באַלעבאָס, דער אינטערנאַציאָנאַליסט, הייסט עס,—איז געווען אַמאָל אַ הייסער ציוניסט און געבליבן אַ פּאַ־פלאָמטער העברעער,—האָט געקנאַקט די הגדה, און די אַלטע ווענגע־ראָווא האָט מיט אַ פאַרחלומטער, בענקענדיקער ליבע נאָכגעזאָגט וואָרט ביי וואָרט, נישט דורכגעלאָזט קיין אות, און אין אירע אַלטע אויגן איז געווען אַזויפיל אומעט, די מרה־שחורה פון עטלעכע דורות. זי האָט אָנגעהייבן דערציילן פון אַמאָל: די יידישע ברייטקייט, „די שיינ־קייט פון יפת אין די געצעלטן פון שם", די חלומות פון די אַמאָלי־קע משכילים: אַ ניי, אַ שיין, אַ ריין יידנטום. דערמאָנט זיך אין די מענטשן, וואָס זענען געווען יונג—אין איר צייט, און וואָס זענען פאַר אונדז שוין—אַרכיוו־זכרונות, אין חיים־זעליג סלאָנימסקי, אין לעוואַנדע, אין נאָך ווייטער צוריק אין דער צייט, וואָס איז שוין אַזוי ווייט.

אין דער צייט פון ניקאָלײַ לעבין–האָט זי אין איר זכרון איבערגעלעבט נאָכאַמאָל די צייט פון דעם ערשטן ניקאָלײַ ראָמאַנאָוו. די אַלטע האָט געבענקט נאָך דער אַלטער צייט, און אפשר חרטה געהאַט. זי האָט זיך נישט געקלאָגט. אָבער איך האָב געפילט איר ווייטיק. איר עלטסטער זון–סעמיאָן–ווייסט נישט, וויל נישט וויסן, האָט פאַרגעסן, אַז ער איז א ייד, גריבלט זיך אין דער רוסישער ליטעראַטור און מיינט, אַז דאָס איז דאָס שענסטע און דאָס בעסטע פון דער וועלט. די אַלטע געדענקט אָבער די צייט, ווען מען האָט זיך נאָך געוואַרעמט אין דער יידישער זון.

עס איז איר געוועז קאַלט. און איר ביטער האַרץ האָט געפילט, אַז איר זון, אירע אייניקלעך איז אויך קאַלט, אַז זיי זענען איינזאַמער פון איר.

# יעקב וואַסערמאַן.

„לייענען אַ בוך", — זאָגט ערגעץ ווו דער באַוווסטער טיף־גראַבנדיקער פראַנצויזישער דענקער־פּאָעט פּאָל וואַלערי, — „לייענען אַ בוך הייסט קוקן איבערן אַקסל פון דעם פאַרפאַסער". אָט אַזוי זיך אַריבערבויגן איבער אים, בשעת ער זיצט און שרייבט — זען ווי פון שטימונגען און געדאַנקען ווערט חומר, ווי דאָס אומבאַשטימטע, האַלב־אומבאַוווסטזיניקע ווערט אינהאַלט. לייענען אַ בוך — הייסט לייענען דעם פאַרפאַסערס נשמה.

נישט אַלע ביכער פירן צו אַזאַ פאַרלאַנג און נישט אַלע פאַרפאַסער האָבן אַ נשמה, וואָס איז כדאי אין איר צו בלעטערן. מען דערפילט עס זייער באַלד. אָפט ביי די ערשטע פּאָר בלעטלעך. מען דערזעט: דאָ זיצט אַ מענטש און שרייבט, נישט מער. אַן אַרבעטער, אַ בעל־מלאכה. פאַרדינען — איז זיין מאָטיוו. געלט, צי נאָמען, אַ פּלאַץ אין דער געזעלשאַפט, אָדער אין דער ליטעראַטור־געשיכטע, ווייטער גאָרנישט. און מען הערט אויף צו לייענען די נשמה, — מען לייענט — אויב מען האָט נישט קיין בעסערס, וואָס צו טאָן — דעם בוך. און אַמאָל לייענט מען אויך ווייטער — אויב מען איז פּסיכאָלאָגיש פאַראינטערעסירט — ווייטער אין דעם פאַרפאַסער אַליין, און מ'וווּנדערט זיך איבער דער פלאַטשיקייט, געוויינלעכקייט, באַנאַליטעט פון דעם מענטשן. איר זעט — אַ קינד שפּילט זיך. אַ פּרימיטיווער מענטש שפּינט פּעדעם, ציט זיי, אונטערהאַלט זיך דערביי, האָט אַ הנאה דערפון.

„דערציי̈ל מיר די מעשה מיט דעם בער" — בעט זיך דאָס קינד. איר דערציילט, נישט צום ערשטן מאָל דערציילט, נישט צום ערשטן מאָל האָט דאָס קינד די מעשה געהערט—אָבער עס וויל נאָך און נאָך, און דווקא אין דער אייגענער אָרדענונג און מיט די אייגענע ווערטער. „האָט דער בער געזאָגט צו זיין ווייב"—ניין, ניין—האָסט דאָך נעכטן דערציילט אַנדערש: „האָט דער בער געזאָגט צו דער בעריכע". דאָס קינד וויל האָבן די אים באַקאַנטע אָרדענונג.

און עס איז אויך נאַטירלעך. וואָס איז דען אַ דערציילונג? יעדע מעשה, וואָס מען טראַכט אויס. און אויב איר ווילט, איז אַלצדינג, וואָס מען דערציילט—האַלב-אויסגעטראַכט. עס איז נישט מער ווי דער ווונטש אַריינצושטעלן די צעשווימענדיקע, זיך צעגיסנדיקע, לויזע דערשיינונג פון דעם לעבן אין אַ נויטווענדיקייט, אין דער ריי פון אַ ס י ב ה.

מיר זוכן אַלע—גרויס אָדער קליין—דעם „אַזוי מוז עס זיין". אין דעם לעבן געפינען מיר אים נישט. נישט ווייל עס איז נישטאָ—דאָס ווייסן מיר נישט—נאָר ווייל די ווירקלעכקייט גייט צו גיך אַוועק—כדי מען זאָל זי קענען אָפּשטעלן און דערפרעגן זיך ביי איר, וואָס זי מיינט און פאַרוואָס זי איז דאָ. און ווייל אַזוי, אין איילעניש—פאַרלירט זיך גאָר גיך דער פאָדעם פון דעם לעבן. עס איז שווער—אפשר אוממעגלעך—צונויפצובינדן די איינצלנע פאַקטן און זען זייער פאַרבונדנקייט. העלפן מיר זיך אויס. שאַפן מיר אַ ווירקלעכקייט, וואָס וואָלט געקאָנט זיין—טראַכטן מיר אויס, שאַפן מיר: ליטעראַטור.

און פון איר האָבן מיר דאָס, וואָס דאָס לעבן האָט אונדז נישט געגעבן: זין און אָרדענונג און סיבה.

עס איז אָבער געווענדט, וואָס דער זין און די פּאַרסיבהקייט איז. פאַר דעם קינד און דעם קינדישן מענטשן זענען זיי אין דעם פאַקט אַליין. זיי גראָבן נישט טיף. זיי מיינען, אַז זיי האָבן שוין אַלצדינג דערקלערט, ווען זיי האָבן בלויז צונויפגעשטעלט די פאַקטן—אין דער צייט. זיי—דער קינדישער לעזער און דער קינדישער דערציילער—באַנוגענען זיך מיט דער „מעשה מיט אַ בער".

אָבער עס קומט אַ צייט, ווען דער שטאָף אַליין, דער אינהאַלט הערט אויף צו פאַרכאַפּן. איר קענט שוין די געשיכטע אויף אויסווייניק. איר ווייסט שוין, וואָס עס קומט נאָך וואָס, און איר הייבט אָן צופרעגן—און ווערט אומרויק: מוז דאָס טאַקע זיין אַזוי? איז דאָס דע

אמתער זין, די אמתע קייט פון סיבות? און דער דערציילער אַליין ווערט אומצופרידן מיט זיין אייגענער קונסט — מיט זיינע אויסטראַכטונגען און איינאָרדענונגען. ער זוכט אַריבערצושפּאַנען די גרענעצן פון „ערד"—ד. ה. פון דער פּאַקטישער, אינהאַלטלעכער וועלט—און דעם „הימל"—די פאַרבינדונגען, די פאַרטייטשונגען, דעם זין, דעם מהות, און ווערט—און ווערט—ווי יעקב וואַסערמאַן איז געוואָרן.

ער האָט דורכגעמאַכט אַ ווייטן און לאַנגן וועג. צווישן „די יידן פון צירענדאָרף" ביז צו „קריסטיאַן וואַהנשאַפע" און „פאַבער" און „דר. לאודין און די זעגען"—פון דער ריינער דערציילער-קונסט, פון דער קונסט צו פורעמען און קנעטן געשטאַלטן און פאַרבינדונגען—ביז צו דער קונסט אויפצולייזן און צעברעכן יעדע פאָרם און אויפצוקניפּן יעדע פאַרבונדנקייט—ליגט אַ רייך און אַ שווער לעבן און איבערלעבן, אַ קעמפן פאַר פאָרם, פאַר פאַרשטיין. אַ ראַנגלען זיך צווישן אַלע יאָס און ניינס—און אַ זוכן נאָך דעם אייביקן און לעצטן יאָ.

איך היט זיך תמיד פאַר דער אַזויגערופענער היסטאָרישער מעטאָדע. עס וואָלט געווען נישט שווער—אין אַ געוויסער מאָס—אָנצעווייזן דעם גאַנצן אַנטוויקלונגסגאַנג פון יעקב וואַסערמאַן, ווי אַזוי ער, דער ייד פון פירט, פון מינכען, פון ווין, דער דייטשער ייד מיט אַלע איינציקאַרטיקייטן פון דער דייטש-יידישער קולטור—האָט שוין ביי זיינע ערשטע טריט—אין די „יידן פון צירענדאָרף", אין דער „געשיכטע פון דער יונגער רענאַטע פוקס", אין „קאַספּאַר האַוזער" א. אַז. וו.— געוויזן דעם וועג צו דעם שפּעטערן, רייפערן, טיפערן וואַסערמאַן, דעם וועג פון דעם קינסטלער פון פאָרם ביז צו דעם קינסטלער פון—כאַאָס.

אָבער איך וויל עס נישט. ביכער זענען שפּיגלען פון אַ שפּיגל. און אויב איך קאָן מיין אייגן פנים—דעם אמתן—נישט דערזען אין דעם שפּיגל, ווי קאָן איך עס ביי אַנדערע? און פונוואַנען ווייס איך ווי אַזוי אַ מענטשלעכע נשמה האָט זיך אַנטוויקלט? איך ווייס עס דאָך סוף כל סוף פון אים אַליין. און ווער קאָן מיר זאָגן, וואָס זי האָט אַנטפּלעקט און וואָס זי האָט פאַרבאָרגן?

און בכלל—די פריערע ביכער וואַסערמאַנס זענען פון זיין ערשטער צייט—פון אונדזער ערשטער. היינט רעדט ער צו אונדז—ער אַן אַנדערער, אַנדערע מיר. און „קריסטיאַן וואַהנשאַפע" און „פאַבער" און „דר. לאודין"—זיי זענען אונדזערע שכנים, מיטמענטשן, זיי זענען מיר.

און איך פֿרעג דערפֿאַר נישט וואָס איז וואַסערמאַן געווען, אָדער וואָס וואָלט ער געקאָנט זיין, ווען ער וואָלט געגאַנגען זיין אַלטן וועג—נאָך וואָס ער איז היינט—וווהין גייט ער?

זיי זאָגן—די קריטיקער—וואַסערמאַן האָט געשאַפֿן דעם גרויסן דייטשן ראָמאַן. זיי זאָגן ווייטער—ער האָט אַריינגעטראָגן זיין יידישן טעמפּעראַמענט, זיין יידיש ליכט אין דעם דייטשן לעבן—און דערפֿאַר זעט עס אויס אַזוי פֿרעמד, כמעט נישט צו דערקענען. זיי זאָגן אַ סך זאַכן איבער אים און זיי זענען אין אַ סך זאַכן אויך גערעכט.

אָבער מיר אינטערעסירט עס נישט. סוף כל סוף—אפֿילו „יידיש"—דערקלערט עס נאָך גאָרנישט, פֿירט עס נאָך אין ערגעץ נישט. די פֿראַגע איז גאָר אַן אַנדערע: אין וואָס פֿאַר אַ סיבות־ריי האָט יעקב וואַסערמאַן אריינגעשטעלט זיין בילד פֿון דעם היינטיקן מענטשן, פֿון דעם לעבן אַרום און אין אונדז.

מיר ווייסן עס—ביי פֿלאָבערן, ביי טאָלסטאָיען, ביי זאָלאַן, ביי די אַנדערע גרויסע דערציילער. דער איינער—פֿלאָבער: מענטש אַ פֿיזיאָלאָגישער פּראָדוקט. דער צווייטער—טאָלסטאָי: אַ מיטל צו אַ העכערן צוועק, אַ ראָד אין דער „מרכבה", אין דעם פֿייערדיקן וואָגן פֿון גאָט. מיר זענען שוין ווייניקער זיכער ביי דאָסטאָיעווסקין, און דאָס אין זיין גרויסקייט און זיין איינציקייט. אַלע שטאַנדפּונקטן—און קיינער. אַלע זינען און זינלאָז — סיבה נאָך סיבה און די לעצטע פֿאַרדעקט. רעליגיעז און אַנטי־רעליגיעז, מאָראַליש און אוממאָראַליש, גוט, שלעכט.—אפֿילו נישט צונויפֿגעגאָסן, נאָר צונויפֿגעוואָרפֿן, אַנטקעגנגעשליידערט. ראַסקאָלניקאָוו איז אַלצדינג—און די קאַראַמאַזאָווס זענען היפֿכים, וואָס ווערן קיינמאָל נישט פֿאַרייניקט. און דאָס שענסטע, דאָס גרעסטע—קיינמאָל נישט דערזאָגט דאָס ל ע צ ט ע וואָרט.

אַזוי איז ד אָ ס ט אָ י ע װ ס ק י. איז אַזוי אויך וואַסערמאַן, דער איינציקער אייראָפּייער, וואָס איז נאָנט צו אים, דער איינציקער יורש פֿון דעם מיסטישן, עפּילעפּטישן אָפּגרונט-טיפֿן רוס?

געוויס—דער איינציקער יורש. אָבער מיט איין אונטערשייד. דאָסטאָיעווסקי האָט אַליין נישט געוווסט—וואָס ער וויל, צוליב וואָס ער שרייבט, אַזוי ווי ער שרייבט. עס האָט פֿון אים אַרויסגעשריבן. פֿון די טיפֿעניש האָט אַ מענטשלעכע געפּלאָגטע, געפּייניקטע נשמה געכאָרכלט.

יעקב וואַסערמאַן—ווייסט, וואָס ער טוט. ער איז נישט קיין אינסטינקטיווער, נאָר אַן אינטעלעקטועלער. ער איז אַ באַוווסטזיניקער.

און אפשר נאָך מער—אַ וועלנדיקער. אין זיין ראָמאַן „פּאַבער, אָדער די פאַרלוירענע יאָרן" (1925) איז פאַראַן אַ מין הקדמה, אין דער פאָרם פון אַ ליד.

און דאָרט פאַרקליידט וואַסערמאַן זיין גאַנצע געדאַנקען-וועלט אין גלאַטע ווערטער:

„איך ליג מיר זיכער ווי אינם מוטערס שויס,
און מיינע אברים זענען מיר אַלע האָלד.
עס שפּילט אַרום מיר ווי אַ ווייסער שוואַן.
מיין נשמה—אָן הימל און אָן ערד.
— — — — — — — — — — —
דער מענטש האָט אַרויסגעגליטשט זיך פון דער וועלט,
און די וועלט איז שוים. . . . . ."

אָן הימל—אָן ערד—און דער מענטש איז אויסער דער וועלט, אַרויס פון דער קייט, פון דער אָרדענונג, פון דער סיבהדיקער צוגע-שמידטקייט. אָן ערד—ווייל דאָס, וואָס איז—איז גאָרנישט, איז בלויז אַ וועלן,—און אָן הימל—ווייל נישט קיין זין און נישט צו וואָס. שוים, שוים און שוים-שפּיל.

איך הייב אָן צו לייענען דעם בוך,— זוך די אַנטוויקלונג פון דעם מאָטיוו. און זע אים נישט. זע אַבסטראַקציעס. זע דאָס, וואָס די פראַנצויזן רופן אָן „מאָראַליטע"—ד. ה. אַ מין סימבאָליסטיק פון נשמה-פּראָצעסן, אַן אַלעגאָריע. איך מערק שוין דאָס אין די נעמען. „פּאַבער", דאָס מיינט דאָך (אויף לאַטייניש): דער בעל-מלאכה, דער, וואָס שאַפט פון דעם חומר פאָרם, דער, וואָס גיט געשטאַלט. זיין פרוי: מאַרטינאַ— דאָס איז די קליינע „מאַרטאַ", דאָס עוואַנגעלישע בילד פון דער פרוי, וואָס באַלעבאַטעוועט, וואָס ברענגט אָרדענונג, וואָס איז פאַרבונדן מיט זאַכן, מיט ערד. „פּידעס"—די געליבטע פון פּאַבער. די פרוי, וואָס נעמט אַוועק ביי מאַרטינאַן איר מאַן—און באַקומט אים צום סוף אויך נישט—דאָס איז דער „גלויבן"—און די פירשטין בעניגנאַ—די כמעט-מיסטישע פערזאָן, וואָס צווינגט יעדן פון די מענטשן, וואָס קומען אין איר וועג—זיך אַליין צו פאַרשטיין און דערפאַר ווערן בעסער—דאָס איז דאָך די „גוטע", די גוטסקייט, די מילדקייט.

איך נעם דעם ראָמאַן „קריסטיאַן וואַהנשאַפע". ווידער-

אמאָל: אַבסטראַקציע נאָך אַבסטראַקציע. דער מאַן—דער מענטש פון אילוזיעס,—וואַהנשאַפע; די פרוי—עווא, חוה די קינסטלערין, דער קוואַל פון אילוזיע, פון דעם אייביקן שפּיל, פון דער מאַסקע, דער מאַסקע פון דעם לעבן. אַלעגאָריש די מאָטיוון, סימבאָלן און אַלעגאָרישע צייכנס די „העלדן". איך נעם דעם דריטן, דעם לעצטן ראָמאַן: „דר. לאודין און די זעגען" (אין דער ענגלישער איבערזעצונג: „וועדלאָק"—דאָס פאַרהייראַטע לעבן) — נאָכאַמאָל: דער מאַן, וואָס זוכט צוצוברעכן די קייט פון די זאַכן, פון דער אָרדענונג. די פרוי, וואָס ווערט באַהערשט פון דער ירושה פון דעם לעבן, פון דעם, וואָס דער טאָג ברענגט.

און וואַסערמאַן פרעגט—פרעגט און ענטפערט נישט: ווו איז דער אמת—ביי דעם, וואָס זוכט, אָדער ביי דעם, וואָס האָט געפונען? ווו איז דער זין—אין די זאַכן, אָדער איבער זיי? ווו איז דער פונקט: אויף דעם הימל, אויף דער ערד—אָדער—אָדער ווו?

ער פרעגט—ער ענטפערט נישט. און ווייל ער קאָן נישט ענט-פערן—ווייל עס פעלט אים דער לעצטער פאַטאָס צו דעם יאָ אָדער צו דעם ניין—גייט ער—גייען זיינע העלדן תמיד אַוועק. קריסטיאַן וואַהנשאַפע גייט און גייט, פון איין לעבנסלאַגע אין אַ צווייטער—אַרויף, אַראָפּ—און טיפער, טיפער, ביז צום תהום, ביז אַהין, ווו עס פאַלן אַראָפּ אַלע מאַסקעס און עס בלייבט דער נאַקעטער, ברוטאַלער, אין זיין כאַאָטישקייט אָפּגרונט-טיפער אמת. ער—דער אַריסטאָקראַט, דער רייכער, דער פאַרוואָרצלטער אין דער אַלטער און שיינער איי-ראָפּעישער קולטור, צערייסט אַלע פאַרבינדונגען און גייט צו די מאַט-ראָזן, די קוילנגרעבערס און פאַרשווינדט דאָרט—אָן אַ נאָמען, אָן אַ ציל.

פאַרוואָס האָט יעקב וואַסערמאַן אונדז נישט געפירט ווייטער? פאַרוואָס האָט ער אונדז נישט געוויזן דעם „וועג אַראָפּ" פון קריסט-יאַן—וואָס טוט ער דאָרט—אין דעם תהום? וואָס ווערט פון אים? ער האָט מער נישט קיין נאָמען-אַראָפּ איין ליגן, ער האָט נישט קיין ציל—אַוועק די אילוזיע—געפינט ער אָבער זיך? און אויב ער געפינט—וואָס איז דאָס—אָט דאָס „זיך"? אָדער טאַקע נאָר שוים?

עס גייט אַוועק פאַבער—דער מאַן, וואָס ד'האָט פאַרלאָזט זיין ווייב—די „היימישע", די ערדישע, און פאַרליבט זיך אין פידעס—דעם גלויבן. גייט ווידער אַוועק—וואָס ווערט פון אים? עס קומט צוריק דר.

לאודין—נאָך אַ ווילדער אַוואַנטיורע מיט אַ שוישפּילערין, וואָס איז אַ וואַמפּיר און אַ קרבן, אַ פאַרסמטע אין אַ פאַרסמענדיקן פאָלק, וואָס ווערט הערשער און צעשטערט—דר. לאודין קערט זיך צוריק אַהיים— אַ געבראָכענער, אַן איינגעשטילטער—אָבער נישט קיין פאַרענטפערנדי־קער, נישט קיין פאַרענטפערטער.

איך ווייס נישט, צי מען דאַרף, צי מען קאָן געבן אַן ענטפער, און איך וואַרט עס נישט פון וואַסערמאַנען, נישט פון קיין שום קינסטלער, נישט פון קיין שום דענקער.

עס איז נאָר כאַראַקטעריסטיש פאַר וואַסערמאַנען. ער שפּינט דעם פאָדעם, ציט אים ביז ער ווערט דין ווי שפּינגעוועב,—און פירט אים אַזוי ווייט, אַזוי לאַנג, ביז ער דערגרייכט ביז צום תהום—און לאָזט אים פאַלן, ווייל ער האָט נישט, וווּ אים צו פאַרקניפּן. נישטאָ קיין הימל, נישטאָ קיין ערד.

* * *

און דאָך, און טאַקע דערפאַר איז וואַסערמאַן דער אינטערע־סאַנטסטער שריפטשטעלער פון דער צייט. נאָך דאָסטאָיעווסקין דער פאַרכאַפּנדסטער, לעבן מאַרסעל פּראוסט—דער טיפסטער, דער אָריגינעל־סטער. ער איז שפּיציק. ער איז כאַאָטיש, ער טראַכט אויס מער ווי ער זעט. ער פאַרשטייט מער ווי ער פילט. און אָפט קאָן מען אים פרעגן דאָס, וואָס דער אַלטער אייזאַק דיזראַעלי האָט געפרעגט, ווען זיין זון, בנימין, האָט אָנגעשריבן זיין ראָמאַן וועגן אַ „יונגן הער־צאָג": „פונוואַנען ווייסטו דען ווי אַזוי עס לעבן די דיוקס?"

אָפט מאַכן די באַשרייבונגען פון וואַסערמאַנען, די סצענעס פון דער אַריסטאָקראַטישער סביבה, דעם איינדרוק פון אַ משל, נישט פון אמתן לעבן. אין דעם איז דער חילוק צווישן אים און דאָסטאָיעווסקין. פיאָדאָר מיכאַילאָוויטש האָט נישט געמאָלט אין לעבן, וואָס ער האָט נישט געקענט, נאָר אַ ווירקלעכקייט, וווּ ער אַליין האָט געבלוטיקט און געליטן. ער האָט געמאָלט מענטשן—און זיי זענען אַלע געווען ער.

און דאָס איז דער חילוק צווישן וואַסערמאַנען און פּראָוסט. דער פראַנצויזישער האַלב-ייד מאָלט נישט, דערציילט נישט. ער לאָזט דאָס

לעבן גיין ווי עס איז, דעם שפינדל לויפן אַליין. ער האַלט אים נישט איין, ער רעגולירט אים נישט. און דערפאַר האָט זיין שאַפן אַזויפיל אַטמאָספערע, דערפאַר איז עס אַזוי מעטאַפיזיש דערהייבן.

וואַסערמאַן אָבער איז אין עצם נישט קיין מיסטיקער און נישט קיין זעענדיקער. ער איז אַ פאַרשטייענדיקער, און ראַנגלט זיך מיט זיך אַליין, וויל אַריבער די גרענעצן פון דעם פאַרשטיין, אָבער בלייבט ביי דער גרענעץ שטיין—און איז מתיאש. אויף אַ ווייל—ביז צום נייעם פאַרזוך.

און יעקב ראַנגלט זיך מיט זיין גאָט. אָן הימל, אָן ערד. ווו זי?

# סעמיאָן יושקעוויטש.

מיט אַ פּאָר חדשים צוריק אין פּאַריז. אַ קילע אָקטאָבער-נאַכט. אַ קילער הערבסט-אָוונט. אָפּגעזעסן אַ פּאָר שעה אין „קאַפּע דע לאַ ראָטאָנד" אויף דעם מאָנפּאַרנאַס. אין רויך, אין טומל, אין וואַרעמקייט פון ליכט און ווערטער. און דערנאָך אַרויסגעגאַנגען אויף דער ברייטער גאַס—ער און זיין פאַמיליע אַריינגעזעצט זיך אין אַן אויטאָמאָביל—און נאָכאַמאָל אַ דריק פון דער האַנט—אַ וואַרעמער, אַ שטאַרקער. אַ האַרציקער—„דאָסווידאַניאַ, גאָלובטשיקי"—„זייט געזונט, טייערע"—נאָכאַמאָל האָט זיך דערהערט פון דעם אויטאָ דער געזונטער, באַסאָווער קול—אַ גרויער קאָפּ האָט זיך אויף אַ ווייל אַרויסגעוויזן פון דעם פענסטערל—אַ מאַך מיט דער האַנט—און אַוועק אין דעם טונקל פון דער נאַכט. אויף אייביק. אין דער גרויסער טונקלקייט.

„פאַרוואָס שרייבט איר קיינמאָל נישט איבער סעמיאָן יושקעוויטש? איר זענט דאָך אַזוי באַפריינדעט, אַזוי נאָענט, און ער איז אַזוי איינזאַם אין דער ליטעראַטור? פאַרוואָס דערפרייט איר נישט דעם אַלטנס האַרץ?"

אַ באַקאַנטער אין פּאַריז, אַ רוסישער שרייבער האָט עס מיך געפרעגט. אייבער פון די, וואָס האָבן געוווּסט, וואָס פאַר אַ דהאַרטן קאַמף יושקעוויטש פירט מיט דעם לעבן, ווי שווער עס איז אים געוואָרן—אויף דער עלטער.

און איך האָב זיך געפרעגט אַליין: פאַרוואָס טאַקע נישט? אָפּט-

מאָל גענומען זיך צו דער פען—געוואָלט אַריבערשיקן אַ געדרוקטן גרוס צו דעם גוטן פריינט, און יעדעס מאָל אוועקגעלייגט די פען. נישט תמיד גלוסט עס זיך זאָגן אַלצדינג, וואָס מען טראַכט, דעם פולסטן אמת, און בפרט, ווען דער אמת קאָן ווי עס איז וויי טאָן. אפילו בלויז אויף אַ ווײַלע, אפילו ווען אויך זייער מילד. עס איז מיר שווער געווען צו שאַפן אַן איינהייטלעך בילד, צונויפבינדן אין מיר די פאַר-שטעלונג פון יושקעוויטש, דעם שריפטשטעלער, און יושקעוויטש, דעם מענטשן.

צום שריפטשטעלער האָב איך געהאַט אַן אומזיכערע באַציונג. מיט אַ יאָר צוואַנציק צוריק—ווען עס זענען אַרויס זיינע ערשטע פאַר בענדער אין דעם פאַרלאַג „זשיזן"—איז ער פאַר מיר געווען דער פאַרטרעטער פון דעם רוסישן רעאַליזם, איינער פון די באַאָבאַכטער פון דעם יידישן לעבן, וואָס ווערט צעפאַלן, אַ מין לעבנסאָפּזאָגער פון דעם רוסישן יידנטום. און שוין דעמאָלט האָב איך. כאַראַקטעריזירט זיין ווערק—אין אַ דייטשן אַרטיקל—אַלס צו איינזייטיק, צו האָפּענונגס-לאָז. אמת, דאָס יידישע לעבן „צעפאַלט"—אמת, די יידישע גאַס—אין די גרויסע שטעט—ווערט אַן אַנדערע. אָבער וואַקסט דען נישט עפּעס נייס ? ווערן נישט געשאַפן קיין אַנדערע ווערטן ? מיר האָט געפעלן זיין פּעסימיזם—יוגנט איז תמיד פּעסימיסטיש—אָבער איך האָב געזוכט ביי יושקעוויטשן דאָס וואָרצלדיקע, דעם אָפּשיין פון דעם פאַרבאָרגע-נעם יידישן שיין. און אויב אפילו — אַ זונאונטערגאַנג — ווו זענען די רייכע פאַרבן פון דעם צווישן טאָג-און-נאַכט?

ווייטערע יאָרן. איך ווער פּעסימיסטישער. יושקעוויטש אָפּטי-מיסטישער. און ווידעראַמאָל גייען מיר פאַרביי איינער דעם צווייטן—און טרעפן זיך נישט.

איך געדענק אַמאָל אַן אָוונט אין ווילנער שטאָטטעאַטער. אַ פּאָר יאָר נאָך דער ערשטער רעוואָלוציע, נאָך דער צעשטערונג פון אַלע האָפענונגען און חלומות. 1908 איז געווען דאָס יאָר. מען האָט געשפּילט אַ דראַמע פון יושקעוויטש—„אין דער שטאָט". הונגער, נויט, פאַרצווייפ-לונג — און האָפענונג. און איינער—עפּעס אַ גוטער, אַ שטילער, גייט אַרום—בער איז געווען זיין נאָמען—און רעדט ווי צו זיך: „מען זאָגט שטיל, אָבער מען זאָגט: עס וועט בעסער ווערן—אין צען יאָר, נו, אין צוואַנציק יאָר".

די ·גימנאַזיסטן האָבן ווילד אַפּלאָדירט, די סטודענטן און די יונגע „באַרישנעס" זענען געווען באַגייסטערט—אָבער מיך האָט עס כמעט

פֿאַרדראָסן: וואָס זאָגט מען—ווער זאָגט? און וואָס װעט ווערן אין צען, צוואַנציק יאָר? דאָס העכסטע אַ ליבעראַלע דומע (עס איז געווען דעמאָלט צו ווייניק פֿאַר מיר—און אפשר היינט אויך!)—אָבער גלויבט ער באמת, אָט דער „בער", אָדער סעמיאָן יושקעוויטש, אַז אין צען, אָדער צוואַנציק יאָר וועט קומען די גרויסע דערלייזונג, די באַפֿרייונג, אַז טאָל וועט ווערן באַרג—און באַרג טאָל?

אַ רעאַליסט—איז געווען דער ערשטער איינדרוק. אַ נאַיווער אידעאַליסט—דער צווייטער.

און יאָרן זענען פֿאַרגאַנגען—שטורמישע יאָרן, עפּאָכע־מאַכנדיקע, פֿערס נביאות איז מקוים געוואָרן, מער ווי יושקעוויטש האָט אַליין געוואָלט, מער ווי איך האָב עס ווען עס איז געהאַלטן פֿאַר מעגלעך. באַרג איז געוואָרן—טאָל—טאָל האָט זיך דערהייבן צו דעם העכסטן שפּיץ. אַנדערש געוואָרן—אָבער בעסער?

ווידער נויט, ווייטער בענקשאַפֿט און הונגער—נאָך ברויט און נאָך יושר, נאָך לעבן און נאָך אינהאַלט, נאָך זין און נאָך געשטאַלט.

בער, דער גוטער פֿאַנטאַזיאָר, דער שטילער, איז פֿאַררעכנט געוואָרן פֿאַר אַ קאָנטער־רעוואָלוציאָנער, און איז געשטאָרבן שטיל פֿון הונגער. און זיין פֿאָטער, סעמיאָן יושקעוויטש, האָט געמוזט פֿאַרלאָזן זיין היים, זיין אָדעס, רוסלאַנד, די ברייטע, די ליבע און אכזריותדיקע. ער איז געוואָרן אַ וואַנדערער, אַן עמיגראַנט, אַ פֿרעמדער אין אַ פֿרעמד לאַנד.

און אינדערפֿרעמד האָבן מיר זיך צום ערשטן מאָל געטראָפֿן — און דער גרויסער טרויער נאָך דעם פֿאַרלוירענעם דהאָט אונדז צוזאַמענגעפֿירט.

אין די פֿריערדיקע יאָרן האָט זיך יושקעוויטש מיר אויסגעמאָלט, ווי אַ צווייטער אייזמאַן אָדער טאַן, אָדער פּרושאַנסקי—אַ ייד פֿון דער „טשערטאַ", וואָס טראָגט אויף זיך דעם גלות, אַן „עקסטערן", ד. ה. אַ ניימאָדישער ישיבה־בחור, אַן אינטעליגענט פֿון דעם קליינעם שטעטל, וואָס האָט זיך האַלב און האַלב אַסימילירט. אַזוי איז געווען דאַוויד אייזמאַן. דער „געטאָ"-מאָלער (אין וואָרט, ווי אין פֿאַרב); אַזוי איז טאַן-באָגאָראַז, מיט זיין גאַנצן רוסנטום, אַ יידישער משכיל, מיט אַלע מעלות און חסרונות און העוויות פֿון אַ מיידל, וואָס האָט זיך עמאַנציפּירט; אַזוי איז ביקערמאַן, און דער פֿאַרשטאָרבענער גערשזנ־זאָן איז אויך געווען אַזוי בולט יידיש־אינטעליגענטיש.

און אָט איז יושקעוויטש אויפֿן ערשטן קוק — אָן אַ „יידישן פּרצוף". אַ רוס — כּמעט אַ סלאַוו, אין ווּוקס, אין דעם קוק פֿון די גרוי-בלויע אויגן, אין דעם גאַנג, אין דער באַוועגונג. רוסיש דער קול — אָט די ברייטע באַסאָווע שטימע, וואָס האָט זיך געלאָזט הערן אויף אַמאָל.

„גאָט, ווי קאָן מען זיך גאָר אַזוי אַסימילירן", איז געווען מיין ערשטער איינדרוק. און תּיכּף די פֿראַגע: ווי קומט עס צו אים, אָט צו דעם גרויסן, הויכן, שטאַרקן, כּמעט-סלאַווישן, מענטשן, אַזאַ אינטערעס פֿאַר און צו יידן? פֿאַרוואָס האָט, צ. ב., גערשענזאָן תּמיד געטראַכט און געשריבן וועגן פּראַוואָסלאַוונע דענקער און סלאַוויאַנאָפֿילע פֿריידיקער? פֿאַרוואָס וויל טאַן, דער זון פֿון אַ רב און אַליין ווי אַ האַלבער מבֿין יידן, דווקא שרייבן וועגן אָסטיאַקן און בוריאַטן און רוסן און אַזוי זעלטן וועגן יידן, און גראָד ער, סעמיאָן יושקעוויטש, אַזוי אום-יידיש אין זיין גאַנצער געשטאַלט, לעבט דווקא אין דירעקט דווקא אין דער יידישער סבֿיבֿה? יידישע צרות און יידישע פֿאַנטאַזיעס, יידישע קאָמיק און יידישע טראַגעדיע. און אפֿילו אויב ער האָט זיי אַנדערש אויפֿגעפּאַסט, ווי מיר וואָלטן עס געוואָלט; אפֿילו ווען זיין צוגאַנג איז געווען פֿון דרויסן און נישט פֿון אינווייניק — אָבער זיי זענען דאָך געווען זיינע געשטאַלטן, טיפֿן — זיי האָבן, הייסט עס, תּמיד געלעבט אין אים?

פֿאַרוואָס? ווי קומט אַזאַ פּאַראַדאָקס?

יושקעוויטש, דער מענטש, איז פֿאַר מיר געוואָרן אַן אָביעקט פֿון שטודירן און אַ פֿראַגע. און באַלד האָב איך געפֿונען דעם ענטפֿער. יושקעוויטש האָט זיי ליב געהאַט — די יידן, וואָס ער האָט געמאָלט. זיין רוסישע געשטאַלט, זיין סלאַווישער קול — דאָס אַלץ איז געווען אַ צופֿאַל, אַ מין שפּאַס. דער אמת איז געווען, אַז דערדאָזיקער הויכער, שטאַרקער רוסישער מענטש איז געווען אַ פּשוטער, אַלטמאָדישער, גוטהאַרציקער, סענטימענטאַלער ייד. מער ייד, ווי אַ סך פֿון די, וואָס גרויסן זיך מיט זייער יידישקייט און שאַפֿן — אָדער ווילן שאַפֿן יידישע ווערטן. מער פֿאַרוואָרצלט פֿון די, וואָס מיינען, אַז די שפּראַך — יידיש אָדער העברעיש — איז דער לעצטער גרענעץ פֿון דעם יידן און אַז יידישקייט איז שפּראַכלעכקייט. געוויס, ער איז געווען נישט זייער שטאַרק באַהאַוונט אין די קליינע אותיותלעך. די רוסישע ליטעראַטור איז אים געווען נענטער, ווי די יידישע, אָבער בלויז אין שפּראַך און פֿאָרם; נענטער בלויז זיין זכּרון — אין תּוך האָט ער אָבער

אפילו די רוסישע ליטעראַטור פאַריידישט. ער האָט אויך דאָרט געפו-נען דאָס, וואָס איז גאָרנישטאָ אין איר — געפונען דעם יידישן רחמנות—און געמיינט, אַז דאָס איז טאָלסטאָיס „ליבע"; געפונען דעם יידישן מיסטיציזם און זיך פאָרגעשטעלט, אַז דאָס איז „דאָסטאָיעווסקיס" גאָטזוכעניש.

איך האָב אים אַמאָל געטראָפן אין ניו-יאָרק, אין אַ האָטעל, ווו עס שטייען איין בלויז כלי-קודש, רבנים, שוחטים, אָדער משולחים. „וואָס טוט איר דאָ, סעמיאָן סאָלאָמאָנאָוויטש?"—האָב איך זיך פאַר-וווּנדערט. און זיין ברייטע שטימע האָט זיך צעגאָסן: „אָך, זנאַיעטע, קאַק יאַ איך ליובליו"—ווי איך האָב זיי ליב—„אָט די רבנים מיט די יאַרמולקעס, אָט די אַלטע און פאַנטאַסטישע געשטאַלטן! ווי איך האָב ליב צו זיין מיט דעם יידישן פאָלק!"

עס איז עפּעס געווען שיינס אין די ווערטער. עפּעס נאַיוועס, עכט און האַרציק. ער האָט זיי טאַקע ליב געהאַט. ער האָט זיך גע-פילט גוט מיט זיי. ער האָט געפילט: פאָלק.

„עס גלוסט זיך מיר נישט אַוועקפאָרן פון ניו-יאָרק",—האָט ער מיר נישט איינמאָל זיך מודה געווען,—„איך וויל זיין צווישן יידן".

ער האָט אָבער געמוזט. די קינסטלעכע אַטמאָספערע פון דעם ניו-יאָרקער יידישן לעבן איז נישט געווען פאַר אים. עס איז אים גע-ווען ענג, ער האָט געמוזט פאָרן צוריק—און ווידער באַזעצט זיך אין פאַריז.

* * *

בילדער שווימען אויף. מיר פאָרן אינאיינעם פון ניצאַ קיין מאָנטע-קאַרלאָ. אַ פאַרכישופדיקע שיינקייט צרום און אַרום. בלוי דער הימל און בלוי דער ים. יושקעוויטש רעדט וועגן טויט: „וואָס וועט זיין נאָך דעם טויט?" און ער, דער ברייט-געבילדעטער מענטש, דער דאָקטאָר, אַנטוויקלט טעאָריע נאָך טעאָריע, גייט דורך אַלע ביאָלאָגישע השערות, קריטיקירט די הנחות פון דער וויסנשאַפט, און איך הער אַרויס פון זיין ליידנשאַפטלעכן מאָנאָלאָג: איך וויל לעבן, איך האָב ליב דאָס לעבן, איך וויל זיך נישט אונטערגעבן.

ווידעראַמאָל דער יידישער טאָן. נישט קיין הכנעה, נישט קיין אָפּלייקענונג פון דעם לעבן, פון דער וועלט. יאָ, יאָ—בלויז איין יאָ

צו אַלעמען. און אין זיין שפּראַך, אין אַ נישט־ביבלישער פּאַרמולע, דער אייביקער יידישער רעפריין: „אכן יש ה׳ במקום הזה ואנכי לא ידעתי״.

אַ חודש שפּעטער — אַ וואַרעמער זומעראָוונט אין פּאַריז. מיר זיצן אין אַ קאַפע אויף שאַנז־עליזע. יושקעוויטש רעדט ווידער וועגן לעבן און טויט, וועגן גוף און נשמה — און ווידעראַמאָל: ווי קאָן דאָס זיין טויט?

איך האָב געוווסט — עס רעדט אַרויס פון אים די טיפע, די שווע־רע אַנגסט. איך האָב געוווסט: ער איז קראַנק. דאָס האַרץ ווערט אומ־טריי. דאָס שוואַכע, דאָס גוטע האַרץ איז מיד. און ער — דער דאָקטאָר — האָט עס אויך געוווסט. ער האָט נישט אומזיסט געענדיקט מעדיצין. ער האָט זיך אַליין געשטעלט דעם דיאַגנאָז. אָבער דער מענטש האָט געקעמפט קעגן דעם דאָקטאָר און קעגן דער וויסנשאַפט און דער לאָגיק און אַלע גרענעצן פון אונדזער וויסן און פאַרשטיין. און עס האָט זיך מיר אויסגעדאַכט, אַז איך זע פאַר מיר אַ שוואַך, צאַרט ליכטעלע אַט הינטער דעם גרויסן, שווערן גוף. און דאָס ליכטעלע צי־טערט. עס האַלט ביים פאַרלאָשן ווערן, און דאָס מורא — דאָס מורא.

* * *

„עס זענען דאָך דאָ אויך קלענערע שריפטשטעלער, אָבער זיי זענען אַזוי ר י י ן! און ווי גוט עס איז זיי״. אַ מערקווירדיקער רוסישער שריפטשטעלער, וו. ראָזאַנאָוו, האָט אַמאָל אָנגעשריבן דידאַקטיקע קלוגע, טיפע פראַזע. געוויינלעך זענען דווקא די קלענערע שריפטשטעלער, יעדנפאַלס נישט די גאָר גרויסע — די ר י י נ ס ט ע. ביים גאָר גרויסן הערט די גאַנצע עטישע באַציונג אויף. קאָן מען זאָגן, קאָן מען פרעגן — צי דאָסטאָיעווסקי איז געווען אַ ריינער שריפטשטעלער, צי ניין? ער גייט אַריבער די גרענעצן אפילו פון גוט און שלעכט.

אָבער דער קלענערער — אַ טאַלאַנט, אַן עכטער, אָבער פון דער צווייטער קאַטעגאָריע — גראָד איז דער, וואָס מיינט גוט, וואָס וויל דאָס גוטע און דאָס שיינע, און דאָס מילדע. ער קומט נישט מיט קיין נייע לוחות. און דערפאַר האַלט ער די אַלטע אַזוי בכבודיק.

# נחמן סירקין.

אַ זומער־נאָכמיטאָג אין די מאַרמלשטיינערנע קאָרידאָרן פון דער ניו־יאָרקער „פּאָבליק לייבּרערי" מיט מיין פריינט און שטענדיקן דיספּוטאַנט דר. נ. סירקין. עס איז נישט געווען קיין זעלטנקייט אים דאָרט צו טרעפן. די ביבליאָטעק איז געווען זיין היים. ווינטער און זומער, אין יעדער שעה פון טאָג, האָט מען געקאָנט דאָרט באַגעגענען דר. סירקינען, אין דעם גרויסן לעזזאַל, אַרומגערינגלט מיט ביכער, גרויסע און קליינע, אַלטע און נייע, שווערע, טיפזיניקע און גרינגערע ביכער, פאַר דעם האַרבן שכל און פאַר דעם „האַרץ".

און ווען ער איז נישט געווען אין זאַל, ביי די ביכער, האָט ער אַרומגעשפּאַצירט אין דעם ברייטן, כמעט מאָנאַסטיריש־איזאָלירטן קאָרידאָר, אַליין, מיט זיך, שפּאַצירנדיק אַרויף און אַראָפּ, טראַכטנדיק און שמייכלענדיק צו זיך אַליין.

גראָד אין יענעם זומער־נאָכמיטאָג האָט זיך מיר פאַרגלוסט צו רעדן. און נישט אַזויפיל רעדן, ווי הערן רעדן, צוזאַמען דענקען מיט אַ מענטשן, וואָס האָט ליב צו דענקען; מיט אַ פריינט, וואָס פילט די וויכטיקייט, די נייטווענדיקייט, דעם דראַנג פון דעם גייסטיקן לעבן. און איך האָב געוווסט, אַז קיין בעסערן חבר פאַר אַזאַ מיטדענקען, פאַר אַזאַ אַוועקלאָזן זיך אין דעם ווייטן, אומענדלעכן „עולמות"־וועג, ווי דר. סירקין, איז שווער צו געפינען.

עס זענען דאָך פאַראַן אַזוי ווייניק מענטשן אויף דער וועלט,

וואָס לעבן גייסטיק, דאָס הייסט, וואָס לעבן אַזוי, אַז זייער הויפט-אינטערעס איז קאָנצענטרירט אויף „רוחניות", אויף פראַגן, וואָס האָבן נישט קיין שייכות צו דער פּערזענלעכער, טאָג-טעגלעכער עקזיסטענץ, וואָס זענען צונויפגעוואַקסן מיט דער וועלט פון ריינע אידעען: מענטשן, וואָס פירן אַן אַבסטראַקט לעבן.

עס איז אַזוי זעלטן, אַז דער, וואָס קאָן זיך דערהייבן צו אַזאַ מדרגה, איז שוין דורך דעם אַליין אַן אויסנאַמס-מענטש, שטייט איבער דעם כּלל.

נאָך שילערס טויט האָט געטהע געזאָגט אויף אים אַ פּאָר ווערטער פון שבח. און דאָס גרעסטע, דאָס העכסטע, וואָס איין גרויסער פּאָעט האָט געפונען צו זאָגן איבער דעם צווייטן, איבער אַ חבר און אַ פריינט, איז געווען: „שילער האָט תּמיד גייסטיק געאַרבעט". און דאָס איז באמת דער גרעסטער שבח, וואָס מען קען זאָגן וועגן אַ מענטשן.

תּמיד גייסטיק אַרבעטן, הייסט—תּמיד זיין יונג. דער איינציקער אָרגאַן, וואָס ווערט נישט אַלט, וואָס ווערט בלויז קאָמפּליצירטער און שטאַרקער מיט די יאָרן, וואָס פאַרגייען—איז דער מוח. ווי ווייַן—וואָס עלטער, אַלץ שאַרפער, אַלץ געשמאַקער, אַלץ פאַרשיכּורנדיקער.

איך פלעג זיך אָפט וווּנדערן אויף סירקינס „יוגנט", אַ גרויער קאָפּ, דער גוף פון אַן עלטערן מענטשן—און דער פלאַם פון אַ יונגן, פון אַ נאַיוון ענטוזיאַסט; פון איינעם, פאַר וועמען עס איז נאָך אַלץ וויכטיק אויסצואַרבעטן פאַר זיך אַ וועלטאָנשויונג, אַ קוק אויף דעם לעבן, אַ וועג אין לעבן.

„ווי אַלט זענט איר אייגנטלעך?" האָב איך זיך נישט געקאָנט איינהאַלטן צו פרעגן דר. סירקינען נאָך אַ לאַנגן געשפּרעך איבער אַלצדינג אין דער וועלט, איבער אַלע באַוועגונגען און אידעען פון דער צייט, איבער חקירה און פילאָזאָפיע, און דער עיקר איבער דעם יידנטום און זיין טיפסטן זין. „זיבן און פופציק יאָר", האָט מיר סיר-קין געענטפערט. און זיינע אויגן האָבן געגלאַנצט דערביי. עס איז נישט געווען אפילו קיין פונק פון פחד, פון טרויער אין די אויגן, ווי גע- געוועען ווייַנלעך ביי מענטשן, ווען מען דערמאָנט זיי אָן עלטער. ער וואָלט פונקט אַזוי געקאָנט זאָגן: פינף און צוואַנציק, און עס וואָלט געווען דער אייגענער עפעקט, און, מערקווירדיק, איך האָב גאָרנישט געקאָנט אַסאָציאירן די ווערטער „זיבן און פופציק" מיט דעם בילד פון עלטער,

און איך וואָלט גאָרנישט געווען פאַרווונדערט, אָדער שאָקירט, ווען עמיצער וואָלט אין דעם מאָמענט צוגעגאַנגען צו סירקינען און געזאָגט אים, ווי אַמאָל, מיט דרייסיק יאָר צוריק און בערלין: „וואָס מאַכסטו עפּעס, „נאַכקע"? און ער אַליין וואָלט זיכער אויך נישט געפילט קיין שום דיסאָנאַנס. ער איז געבליבן דער אייביק-יונגער „נאַכקע סירקין", דער בערלינער סטודענט, וואָס האָט זיך געהיצט, וואָס האָט געשטורעמט. די גרויע האָר זענען געווען בלויז אַ מין צופאַל, אַ שפּאַס. און ער האָט אַליין אויף זיי אויך אַזוי געקוקט: מאַלע, וואָס די שקצים, די האָר, טוען זיך דאָרט! ווער מען אַרט עס?

איך האָב זיך דערמאָנט דעמאָלט אָן אַ וואָרט, וואָס איך האָב געהערט פון אוסישקינען אויף דעם קאַרלסבאַדער קאָנגרעס. רעדנדיק פון דער אָפּאָזיציע, פון די „יונגע", וואָס היצן זיך און ווילן איבער-קערן וועלטן, האָט ער מיר מיט זיין טרוקענעם הומאָר געזאָגט: „גיי, טו עפּעס, אַז יעדער יינגל איז שוין אַלט פופציק יאָר!" און ווידער-אַמאָל איז דאָס געווען דער העכסטער קאָמפּלימענט פאַר אונדזער דור. דער גוף ווערט אַלט—אָבער נישט דער גייסט. די אינטערעסן זענען אַזוי פאַרוויקלט, אַזוי גרויס, דאָס לעבן איז אַזוי פאַרכאַפּנדיק, דער שאַפונגסדראַנג אַזוי שטאַרק, אַז מען קוקט זיך אפילו נישט אום אויף דעם בידנעם גוף, וואָס פאַרלאַנגט זיינס, וואָס וויל זיך אָפּרוען, וואָס שלעפּט אים אַלץ טיפער, טיפער אַראָפּ.

און אין די אויערן פון יעדן פון אונדז קלינגט דאָס גרויסע און שיינע, דאָס העראָישע וואָרט פון ר' נחמן בראָסלאַווער: „אסור להיות זקן"—מען טאָר נישט זיין אַלט! מיר טאָרן עס נישט, ווייל מיר קאָנען זיך נישט דערלויבן דעם לוקסוס, ווייל אויף אונדזערע פּלייצעס ליגט אַ גרויסע משא און מיר מוזן זי דערשלעפּן.

און נחמן סירקין האָט מיט פרומקייט, מיט התלהבות דערפילט די צוואה פון דעם אַנדערן, פון דעם גרעסערן נחמן: ער איז נישט געוואָרן אַלט.

---

* * *

אַ פּאָר וואָכן שפּעטער, נאָך אונדזער לעצטער באַגעגעניש אין דער וועלט פון ממשות—אַן אַנדער באַגעגעניש: אויף דער שוועל צו אַן אַנדערער וועלט, אין אַ חדרל אין דעם מאונט סיני האָספּיטאַל. „סירקין איז געפערלעך קראַנק, סירקין האַלט ביים שטאַרבן!" עס האָט זיך מיר כמעט נישט געגלויבט, ווען מען האָט עס דערציילט. סירקין—און טויט! עס האָט זיך עפּעס נישט געגראַמט. און ווען איך בין אַריינגעגאַנגען אין דעם ענגן האָספּיטאַל-חדר, ווען איך האָב דערזען נחמן סירקין אויף דעם טויטנבעט, האָט זיך מיר מיטאַמאָל, ווי אַ שלייער געלייגט איבער די אויגן, און אַ שרעקלעכער אומעט, אַ האַרץ-פאַרקראַמפּענדיקער, אָטעם-פאַרענגענדיקער האָט מיך אַרומגענומען. נישט בלויז דאָס בילד פון שטאַרבן, פון דעם שטאַרבנדיקן מענטשן, נישט בלויז דער באַוווסטזיין, אַז דאָ גייט אַוועק פון דער וועלט אַ פריינט, נאָר עפּעס מער, עפּעס טיפערס: דער גרויסער צווייפל אין דעם ווערט פון אַלעמען, וואָס איך האַלט אַזוי הויך און טייער—דער ווערט פון דענקען, פון רוחניות, די גלייכקייט פון אַלע לעבנסווערטן פאַר דעם טויט!

אָבער אַ פּאָר מינוט שפּעטער, און דער שלייער האָט זיך צוריקגעצויגן. דער צווייפל איז אַוועק. סירקין אַליין האָט מיר געהאָלפן. ער, דער שטאַרבנדיקער, דער גוססדיקער, האָט געטרייסט און געשטאַרקט דעם, וואָס איז געקומען אים מבקר חולה זיין, זיך מיט אים געזעגענען.

ער האָט נישט געוואָלט הערן די געוויינלעכע, די אַזוי-מענטשלעכע ווערטער פון טרייסט און האָפענונג. מיט אַ שטרענגער האַנטבאַוועגונג האָט ער אַוועקגעמאַכט דעם ערשטן פאַרזוך פון מיין זייט אים אויסצורעדן און אים צו שטאַרקן אין דער האָפענונג. „מען דאַרף נישט, מען טאָר נישט זיין באַנאַל פאַר דעם טויט", האָט ער מיר געזאָגט מיט זיין שטיל-געוואָרענער שטימע.

און מיטאַמאָל האָט זיך אַלצדינג געענדערט. ווידער זענען צוויי פריינט, צוויי גייסטיק-נאָענטע מענטשן געווען אינאיינעם און גערעדט, און ווידער האָט צווישן זיי געשפּילט זיין אייביקן שפּיל, געשפּונען זיין גאָלדענעם געוועב—דער אייביק-לעבנדיקער געדאַנק.

„אַ סאָקראַטישע סצענע", האָט איינער פון די אַרומשטייענדיקע געזאָגט. אַזוי פאַרכאַפּט איז ער געוואָרן פון דער טראַגישער, פון דער טרייסטנדיקער שיינקייט פון דער סצענע. גערעדט איבער אַלצ־דינג, וואָס איז אים געווען אַזוי טייער, אַזוי באַקענט זיין גאַנץ לעבן; וועגן דעם, נאָך וואָס זיין נשמה האָט אַזוי טיף געגאַרט. און דאָס איז דאָך געווען — יידן און יידנטום. יידנטום נישט בלויז אַלס אַ נאַציאָנאַלער פאַקט, נישט בלויז אַלס אַ מענטשן־גרופּע, וואָס קעמפט פאַר אירע רעכט, און נישט אַלס אַ פראַגע, וואָס קאָן און זאָל פאַרענטפערט ווערן פּאָליטיש. טיפער, גרעסער, שענער איז פאַר אים געווען דאָס יידנטום. אַ וועלט־געשיכטלעכע דערשיינונג, אַ בילד אין אַן אומגעהייערן ראַם, אַ צייטן־פאַרבינדנדיקע אידעע. יידנטום איז געווען פאַר אים, דעם אַבסטראַקט דענקענדיקן, אויך אָפט נישט מער ווי אַן אַבּסטראַקט, אַ געדאַנק. דאָס רוחניות־יידנטום איז ביי אים געווען פיל וויכטיקער ווי דאָס גשמיותדיקע. און דערפאַר זיין אימפּעט, דעריבער זיין אָפט פאַנטאַסטישער אָפּטימיזם, זיין התלהבות און זיינע אוטאָפּיסטישע חלומות. ער האָט זיך אויסגעמאָלט דעם יידנטום, ווי די אַלטע גריכן האָבן זיך פאַרגעשטעלט די לעגענדאַרישע פיגור פון פּראָמעטעוס: אַ צוגעשמידטן ריז, וואָס וויל און קאָן און וועט אויסלייזן די וועלט. ער ליידט דערפאַר, ראָבן פּיקן זיין פלייש, שטורעם און וואָלקן איבער זיין קאָפּ — אָבער די ליידן זענען גיגאַנטישע, ווייל דער ציל איז עס ווערט.

ווי אָפט פלעגן מיר אַלע, רעאַליסטיש־דענקענדיקע, שמייכלען איבער סירקינס ענטוזיאַזם. איבער זיינע מערקווירדיקע פּלענער, איבער זיין אייגנאַרטיקן צוגאַנג צו זאַכן און פראַגן: מען האָט אָפט נישט געוווסט, פאַרוואָס ער נעמט אָן אַזאַ שטעלונג אָדער אַן אַנדערע, ווו איז דער מקור, דער קוואַל פון זיין באַגייסטערונג אָדער פון שנאה — ווייל פיינט האָבן קאָן אויך בלויז דער, וואָס קאָן ליב האָבן. שנאה איז אויך אַן ענטוזיאַסטישע באַציונג צו דעם אָביעקט.

מען האָט אָפט נישט פאַרשטאַנען, אפילו אין די קרייזן, וואָס זענען געשטאַנען אונטער זיין השפעה, אין דער פּועלי־ציון־פּאַרטיי, די וועגן פון דעם סירקינשן געדאַנק: זיין עקזאַלטירטע באַציונג צו דער מלחמה, זיין אוטאָפּיסטיש־געפּאַרבטן סאָציאַליזם, זיין מערקווירדיקע שטעלונג צו די באָלשעוויקעס, זיין כמעט שנאה צו יידיש און זיין פלאַמענדיקע באַגייסטערונג פאַר העברעיש. און איך קאָן זיך זייער גוט

פאַרשטעלן, אַז סירקין האָט נישט איינמאָל געבראַכט זיינע פאַרטיי־
פריינט אין אַ פאַרלעגנהייט, פונקט ווי ער האָט זייער אָפט אַרויסגע־
רופן אַ געפיל פון פאַרווונדערונג ביי דעם ברייטן עולם און אפילו
ביי זיינע נאָנסטע ליטעראַרישע פריינט און מיטשטרעבער. אָבער אַלע
ווידערשפּרוכן, אַלע אומקלאָרקייטן פון סירקינס ליטעראַרישער און
פּאָליטישער אַרבעט האָבן געשטאַמט פון איין קוואַל: פון זיין ענטוזיאַזם
פאַר דעם אַבסטראַקט.

ער האָט די גאַנצע וועלט געזען ווי אַ קאַמף פון אידעען. אַ
וועלט אָן מאַטעריע, אַ וועלט פון ריינעם גייסט. און ווען ער האָט
ליב געהאַט אַן אידעע, איז עס געווען אָן גרענעץ—ווי די אידעע.
און ווען ער האָט פיינט געהאַט, פיינט געהאַט ביז אויפן מעסער —
האָט ער פיינט געהאַט די אידעע, פאַרגעסנדיק זייער אָפט, אַז די
אידעע איז פאַרקליידט אין אַ גוף, אַז די טרעגער פון דער אידעע
זענען תּמיד מענטשן, שוואַכע, לעבעדיקע, פאַרגייענדיקע באַשעפענישן.

און אויף דעם טויטנבעט, ווען דער גוף, דער חומר פאַרלירט
יעדן ווערט, איז ער צוריקגעקומען צו דעם גרויסן קוואַל, און ער
האָט דערפילט די ריינע קילקייט, די אייביקייט. אויף דעם טויטנבעט
האָט ער דערפילט דעם אמת פון זיין לעבן.

און איך מיט אים. קיינמאָל איז מיר נאָך נישט אַזוי קלאָר גע־
ווען, אַז דער איינציקער, דער איין און איינציקער ווערט פון דעם
לעבן איז—די גייסטיקייט, ווי אין דער האַלבער שעה, ווען איך האָב
זיך געזעגנט מיט נחמן סירקין. אַ שטראַל פון שיינקייט האָט אים
באַשיינט, אַ שיין פון אַן אמת, וואָס איז שטאַרקער פון אַלעמען, פון
אַ לעבן, וואָס איז אייביק.

וואָס עס זאָל נישט זיין, ווי אַזוי די פאָרם זאָל נישט הייסן —
וואָס איז דער חילוק—דער עצם בלייבט. ערגעץ.

מיר האָבן גערעדט וועגן דעם סוד פון „אחד” — פון דער
גרויסער איינהייט, וווּ מיר זענען איינגעטונקען ווי אין אַ ים. מיר
האָבן גערעדט פון גאָט און פון יידנטום. און פלוצלונג האָט סירקין
אַ קער געטאָן אַ ביסל דעם קאָפּ און מיט אַ שמייכל געזאָגט: „איין
קליינער האַרץ־מוסקל וויל איבערקערן די וועלט”. אָבער באַלד האָט
ער מוסיף געווען: „און מיליאָנען מוסקולן קערן זי טאַקע איבער”.

דער גלויבן, דער ווילן צום גלויבן איז געבליבן—ביז צום לעצטן
אָטעם.

* * *

איך האָב זיך לאַנג נישט געקאָנט באַפרייען, איך האָב זיך נאָך אַלץ נישט באַפרייט פון דער בילד. איך האָב געקוקט אויף מענטשן אין דער גאַס, און האָב זיך געטראַכט: און דאָרט ליגט אַ מענטש און ראַנגלט זיך מיט גאָט. נישט מיט דעם לעבן, נישט מיט דעם גוף. ניין, מיט דעם סוד פון דעם לעבן, מיט דעם, וואָס ער האָט אַלע יאָרן געזוכט ערגעץ אין דער מעטאַפיזישער אַבסטראַקטקייט — און דער־נענט זיך איצט צו אים — צו דער לעצטער, צו דער איינציקער רע־אַליטעט.

פוסט און אומעטיק און פאַרבלאָזן איז מיר פאָרגעקומען דאָס רעשיקע לעבן. און דאָך אַזוי שיין און ווירדיק, פול מיט אַ גרויסער הייליקייט, אַ זוכן און אַ בענקעניש, אַ ראַנגלען זיך און אַ גיין — דער אייביקער וועג צום קוואַל! און געבענשט איז דער, וואָס האָט געקאָנט אַזוי האַרמאָניש שטאַרבן, ווי נחמן סירקין!

## יצחק = אייזיק.

מיט יאָרן צוריק האָט מיך אַמאָל אַ באַקאַנטער, אַ העברעישער שרייבער, געבעטן מיטצוגיין מיט אים אין דער ווינער קולטוסגעמיידע, אַלס אַן עדות. עס האָט באַדאַרפט דאָרט „מאַטריקולירן“, פאַרשרייבן זיין ניי־געבוירענעם זון. נאָכדעם, ווי די ערשטע פאָרמאַליטעטן זענען דורכגעפירט געוואָרן, פרעגט אים דער סעקרעטאַר, וואָס פאַר אַ נאָמען דאָס קינד האָט. דאָס קינד הייסט „מרדכי הערצל“. „ווי מיינען זי?“ פרעגט דער פאַרוואונדערטער סעקרעטאַר. דער פאָטער פון דעם קינד זאָגט נאָכאַמאָל איבער דעם נאָמען. און דאָ האָט זיך אַנטוויקלט אַ מערקווירדיקער געשפּרעך צווישן די צוויי יידן, דעם אַסימילירטן ווינער און דעם אומאַסימילירטן יידן פון דער ליטע. דער „הער סעקרעטאַר“ האָט זיך ממש געבעטן ביי אים, ער זאָל געבן עפּעס אַן אַנדער נאָמען, אַ „ציוויליזירטן“, אַן „אַנשטענדיקן“. לאָמיר זאָגן: מאַרקוס אָדער מאַקסימיליאַן, אָדער אויב שוין גאָר יידיש, לכל הפחות—מאָריץ. און וואָס איז עפּעס הערצל? לאָז זיין הארטוויג אָדער האָראַץ! און ער האָט געטענהט מיט אים: „די קינדער אין דער שול וועלן דאָך לאַכן פון אים. אַ יידישער נאָמען איז אַ צו שווערע משא— וואָס האָט ער צום קינד?“ די מוטער איז שוין געוואָרן ווייכער: „אייזיק לאָז שוין זיין מאַרקוס!“ אָבער „אייזיק“, אַזוי האָט געהייסן דער העברעישער שרייבער, האָט נישט געוואָלט נאָכגעבן: „אויב איך הייס אייזיק, מעג מיין זון הייסן מרדכי“. „יאַ, זי, זי קענען זיך׳ס געשטאַטן;

איהנען זיהט מען דען אייזיק אַן", האָט דער סעקרעטאַר מיט אַ בייזער פאַרענדיקט די דעבאַטע — און עס איז געבליבן ביי — מרדכי.

איך האָב, נישט ווילנדיק, אַ ביסל מיטגעפילט מיט דעם ווינער סעקרעטאַר. די רוסישע סביבה אינדערהיים, די דייטשע סביבה, ווו איך האָב דערנאָך געלעבט, האָבן איבערגעלאָזט אַ שטאַרקן איינדרוק אויף מיר. פון אַלע זייטן ד'האָב איך געזען שילדן: „נישט צופיל ייד". גוט, מוז מען שוין זיין אַ ייד, וואָס זאָל מען טאָן? אָבער, וואָס צופיל, איז איבעריק. מוז מען טאַקע הייסן „מאָושאַ" אָדער „בערקאַ", ווי די קאַזיאָנע רבנים האָבן — איך ווייס נישט פאַרוואָס — זיך איינגעשפּאַרט צו פאַרשרייבן יידישע קינדער. אויב שוין נישט די אַלטע, שיינע, קלינגענדיקע ביבלישע נעמען, איז שוין בעסער אַ מאָדערנער, אַ „נישט-אויפפאַלנדיקער". און אַזוי האָבן אַ סך משהס און יאַנקלס געהייסן אומאָפיציעל: מיראָן און יאַקים!

* * *

עס האָט זיך ביי מיר, פון אַלטער געוווינהייט, כמעט פאַ־פיקסירט דאָס בילד: „אייזיק", למשל, מוז זיין אַ ייד מיט אַ באָרד און פּיאות, אַ פרומער, אַ פשוטער ייד, וואָס איז קיינמאָל נישט אַרויסגעטראָטן קיין ד' אמות פון זיין יידישן קרייז. און איך געדענק די גרויסע איבעררעשונג, וואָס איך האָב איבערגעלעבט, ווען איך ד'האָב צום ערשטן מאָל דערזען דעם באַרימטסטן טרעגער פון דעם נאָמען „יצחק אייזיק", יעדנפאַלס דעם באַרימטסטן אין אַמעריקע.

נאָך דעם לאַנגן, אַזוי אַלט־פרענקישן, אור־יידישן נאָמען „יצחק־אייזיק בן אריה צבי הלוי", האָב איך זיך פאָרגעשטעלט אַ יידן — פון יידנלאַנד. אויב נישט מיט שיך און זאָקן און אַ שטריימל, אָבער פאָרט אַ קלויזניק און אַ בטלן. און זיין בילד, וואָס איך האָב געזען אין דער צייטונג, האָט לכתחילה פאַרשטאַרקט מיין השערה: אַ ייד מיט אַ ברייטער באָרד, און ווען אַ ברייטע, גרויע באָרד, פּאַסט שוין דאָס איבעריקע אויך דערצו. דאָס איינציקע, וואָס איך האָב נישט געקאָנט פאַרשטיין, פאַרוואָס אָט דערדאָזיקער ייד מיט דעם לאַנגן נאָמען שרייבט אַזוי מאָדערן, אַזוי אָן מליצות, אַזוי „איראָפּעיש". „אָט דאָס איז אַמעריקעס כוח", האָב איך זיך געטראַכט, „זי מאַכט אפילו בטלנים פאַר רעאַליסטן — אַ לאַנד פון פּאַראַדאָקסן".

און ווען איך האָב צום ערשטן מאָל זיך געטראָפן מיט יצחק־

אייזיקן, האָב איך פאַרשטאַנען, אַז דער פּאַראַדאָקס איז פאַראַן, אָבער נאָר אַן אַנדערער, פּונקט פון דער פאַרקערטער זייט. דער פּאַראַדאָקס איז נישט, וואָס „יצחק־אייזיק א. אז. וו.״ שרייבט אַזוי קלאָר, אַזוי מאָדערן, אַזוי אומבטלנותדיק, אַזוי וויסנשאַפטלעך־פאַרפונדעוועט, נאָר וואָס אַזאַ דורך און דורך אַסימילירטער, רוסיש־אַסימילירטער, אין דער רוסישער קולטור פאַרוואָרצלטער מענטש, ווי איסאַק אַדאָלפּאָוויטש גורוויטש, האָט זיך פאַרוואַנדלט פאַר דעם יידישן לעזער אין — יצחק־אייזיקן.

איך האָב זעלטן געזען אַ רוסישן יידן, וואָס זאָל זיין אַזוי טיף פאַרוואַקסן מיט דעם רוסנטום. רוסיש אין דער שפּראַך — ער האָט גערעדט אַ וווּנדערבאַר־שיינעם און ריינעם רוסיש, נישט קוקנדיק דערויף, וואָס ער איז אָפּגעווען אין אַמעריקע פיר און דרייסיק יאָר; רוסיש אפילו אין דער שטימע — אָט די געדיכטע, אַ ביסל באַסאָווע און שאַרפע שטימע פון רוסלאַנד; רוסיש אין זיין אויסזען. זיין באָרד, וואָס האָט מיר אויפן בילד זיך אויסגעוויזן פאַר אַ כשר־יידישער, האָט אין דער ווירקלעכקייט אויסגעזען, ווי די באָרד פון אַ „זעמסקי דעיאַטעל״, פון אַ רוסישן מאָסקווער אינטעליגענט, אומגעפער אַזוי, ווי עס טראָגט זי אָסטראָוו, אויף דער בינע — ביי די מאָסקווער קינסטלער.

און רוסיש איז ער געווען אויך אין זיין דענקען, אין זיין צוגאַנג צו זאַכן און מענטשן. די אייביקע אומצופרידנקייט, די אייביקע זוכעניש, אַ ראַציאָנאַליסט — כמעט פון דער פּיסאַרעווישער שולע — און אייגנטלעך איז יעדער רוס אַ שטיקל פּיסאַרעוו, אפילו ווען ער וויל עס נישט זיין. דערפון אויך דער רוסישער רעאַליזם אין דער קונסט; דערפון טאָלסטאָיס מערקווירדיקע שטעלונג צו דער וועלט און דערפון אויך די משונהדיקע אַנטוויקלונג פון דעם באָלשעוויזם אין רוסלאַנד — אַ ראַציאָנאַליזם, אָבער אין דער אייגענער צייט אַ סענטימענטאַליזם. די גרעסטע סענטימענטאַלע זענען דאָך נישט די ליריקער, נאָר פאַרקערט — די שכל־מענטשן. אַ ליריקער וויינט נישט. אַ ליריקער קאָן, העכסטנס, האָבן אַ שמייכל און אַ טרויעריקן בליק. אַ ראַציאָנאַליסט, אַ רעאַליסט קאָן וויינען — ביי אַ ליד פון נעקראַסאָוו.

און ווי דער רוסישער מענטש, איז דר. הורוויטש געווען פאַרעקשנט אין זיין פונדאַמענטאַלן גלויבן, אָבער זייער נאָכגיביק און בויגיק אין די פאָרמען פון דעם אויסדרוק. אָן קאָמפּראָמיסן, אָבער שטענדיק זיך בייטנדיק.

איך האָב זיך קיינמאָל ניטט געקאָנט באַפרייען פון דער פאַר־וווּנדערונג פאַר דעם פּאַראַדאָקס יצחק־אייזיק. ווי אָפט פלעגן מיר זיצן איינער לעבן דעם אַנדערן אין אַן עכט־יידישער סביבה, צווישן שרייבער, אין אַ קרייז, וואָס דאַרשט נאָך דעם יידישן וואָרט, בענקט נאָך יידישער שאַפונג, שטרעבט באַוווסטזיניק אָדער נישט—אויסצובילדן אַ נייע יידישע שטימונג, און — ג־אַד אינמיטן דעם יידישן אויסגוס, אַזוי צו זאָגן, אין סאַמע מיטן יידישן ים, פלעגט זיך יצחק־אייזיק צובויגן צו מיר און מיט זיין מאָסקווער שטימע זאָגן מיר אויף רוסיש: „אַ זנאַיעטע", איר ווייסט, „דאָס דערמאָנט מיר"—און עס האָט אים תמיד דערמאָנט אָן אַ בילד פון דער רוסישער ליטעראַטור, און נאָך דערצו פון דער „וואָרצלדיקער". צווישן יידישע פּאָעטן און פּובליציסטן האָט ער זיך דערמאָנט אָן פּאָמיאַלאָווסקין און מיכאַילאָווסקין, אָן פּוש־קינען אָדער טיוטשעוון.

און איך פלעג זיך תמיד פרעגן: ווי נעמט זיך צו אַ מענטשן אַזויפיל טרייקייט? וואָרים ביי אים איז דאָס נישט געווען בלויז אַ דזרון־זאַך, אָדער אַ קאַפּריז, אָדער דער זשעסט פון די איסט־סיידער אַמאָליקע אינטעליגענטן, וואָס האָבן געמיינט, אַז רעדן רוסיש איז אַן אויסצייכענונג און אַ סימן פון „אַריסטאָקראַטיע". ביי אים איז עס גע־ווען—נאַטור, אַ נאַטירלעכער קוואַל, וואָס איז קיינמאָל נישט אויסגע־שעפּט געוואָרן: אַ נאַטירלעכע האַלטונג און נישט קיין פּאָזע.

אָבער פּונקט אַזוי נאַטירלעך, פּונקט אַזוי ווייניק פּאָזע, ווי זיין „איסאַק אַדאָלפאָוויטש", איז געווען זיין „יצחק־אייזיק". ער האָט עס טאַקע געמיינט. דאָס יידנטום, דאָס יידישע לעבן, דער יידישער מענטש—דאָס אַלץ זענען פאַר אים געווען רעאַליטעטן. און ער האָט זיי גענומען פאַר דעם, וואָס זענען: פאַקטן.

אָט דער ספק, דער וואָרעם פון דעם אַנאַליז, דער יאוש, דער אייביקער „לאָן"—דאָס אויפרייסן אַלטע קברים, זוכנדיק דאָרט אוצרות, אָדער דער כמעט סאַדיסטישער פאַרגעניגן פון גריבלען זיך אין זיך,

ברענגען מיט גליענדיקע באָדלען די אייגענע וואונדן — אָט דידאָזיקע יידישע שוואַכקייט, די שוואַכקייט פון אונדזער דור — יצחק־אייזיקן — איז דאָס אַלץ געווען פרעמד. דאָס יידנטום איז פאַר אים געווען אַ באַרמאַלע דערשיינונג, און נישט קיין קראַנקהייט, אַ פאַקט און נישט קיין „אומגליק", ווי היינע האָט געזאָגט.

יצחק־אייזיק האָט זיך נישט באַדאַרפט אָנטאָן אַ כּוח — צו זיין „יצחק־אייזיק". דאָס יידנטום איז פאַר אים נישט געווען קיין משא און קיין שווערע ירושה, און ווייל ער איז צוגעגאַנגען צו אים פונקט, אַזוי ווי ער איז צוגעגאַנגען צו יעדן פאָלק און צו יעדער קולטור — איז זיין באַציונג געווען אַ געזונטע און נאָרמאַלע.

און דערפון אויך זיין גרויסער איינפלוס אויף די יידישע מאַסן, זיין כּמעט איינציקער פּלאַץ אין דער יידישער געזעלשאַפט אין אַמע־ריקע. פון זיין שרייבן, פון זיין רעדן, פון זיין פערזענלעכקייט האָט געווייט געזונטקייט און פרישקייט. אַלצדינג האָט באַקומען קלאָרערע קאָנטורן און באַשטימטערע פאָרמען — אַלצדינג, צו וואָס ער האָט זיך צוגערירט. ווייל ער אַליין האָט עס אַזוי געזען. און וואָס איז דען אייגנטלעך פשטות, אָדער פּאַרוויקלטקייט, אויב נישט דער צוגאַנג, אָדער אַן אַנדערער?

* * *

איך מוז זיך מודה זיין, איך האָב געפילט אַ מין געפיל פון קנאה צו אים. איך האָב אים באמת מקנא געווען פאַר זיין יצחק־איי־זיקייט, וואָס האָט נישט געשאַפן קיין שום קאָנפליקט און דיזהאַרמאָ־ניע מיט זיין גייסטיקער פערזענלעכקייט. פאַר זיין מערקווירדיקער קראַפט צו פאַרשמעלצן צוויי מעטאַלן, וואָס לאָזן זיך, דאַכט זיך, גאַר נישט פאַראייניקן: פאַר זיין אָפּטימיסטישער באַציונג צו דער וועלט, פאַר זיין גלויבן אין די אַלטע אידעאַלן, פאַר זיין קראַפט צו האַסן. ליבן איז קיין קונסט נישט. מען האָט אַמאָל ליב פון שוואַכקייט; ליבן איז אָפט נישט מער ווי אַ היפּנאָז. אָבער האַסן — פיינט האָבן אַן אי־דעע, און דעם טרעגער פון דער אידעע — קעמפן נישט בלויז פאַר, נאָר אויך אַקעגן — דאָס קאָן נישט יעדער; דאָס קאָן בלויז דער, וואָס גלויבט זייער שטאַרק און וויל — וואָס ער דענקט.

מיר האָבן ווייניק אַזעלכע גלויבנדיקע און קעמפנדיקע און שטורמישע נאַטורן — אין דעם יידישן לעבן. מיר האָבן צופיל מיטלמעסיקייט. מיטלמעסיקייט אין גייסט און נאָכמער — אין טעמפעראַמענט.

און דאָס איז דאָס ערגסטע.

מיר האָבן צופיל „גרוי" און צופיל „לעבלעך". די אַטמאָספערע, די סביבה, דאָס לעבן ניוועלירט דעם יידישן מענטשן, דער ווילן ווערט צעבראָכן, די אידעען — פאַרבלאַסט, און מען ווערט צוביסלעכווייז „באַלעבאַטיש". אַ „יאָ-ניין-מענש", אַ „וואָס-אַרט-עס-מיך" — מיט איין וואָרט, טשעכאָווס יאָניטש, אַט דער פעטינקער, קאָרטן-שפּילנדיקער, אָפּגעלאָזטער דאָקטאָר, וואָס איז אַמאָל געווען אַ פייערדיקער אידעאַליסט.

פיר און דרייסיק יאָר אין אַ יאָניטש-סביבה און בלייבן יצחק-אייזיק, און בלייבן פעסט ביי זיך, פאַראַנקערט אין זיך — דאָס אַליין איז אַ געוואַלטיקער כוח. דאָס אַליין איז — אַ שאַפונג. ווייל די גרעסטע שאַפונג איז — פּערזענלעכקייט.

## ש״י הלוי איש הורוויץ.

„איש" הורוויץ? און „הלוי" אויך נאָך דערצו? מער, גלויב איך, דאַרף מען שוין נישט. דאָס אַליין איז שוין אַ שטאַמפּ. אַ מענטש, אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט, אַ ייד פון גלוכאָוו־בערלין, וואָס באַגנוגנט זיך נישט מיט דעם נאָמען הורוויץ, נאָר שטעלט נאָך צו אי דעם „לוי", אי דעם „איש"! פּרוווט עס איבערזעצן אויף אַן אַנדער שפּראַך: ש״י דער לוי, דער מאַן פון הורוויץ!

דאַכט זיך, דער בטלן איז אויסגעגאָסן שוין אויפן שטערן. מען האָט שוין גאָרנישט וואָס צו זוכן ווייטער. און דאָך — און דאָס איז דער גרעסטער וווּנדער — נישט קוקנדיק אויף דעם שטאַמפּ, איז דער „מאַן פון הורוויץ" גאָרנישם געווען קיין בטלן. פאַרקערט, ער איז געווען איינע פון די אינטערעסאַנטסטע פיגורן פון דער העברעישער ליטעראַטור, איינע פון אירע אָריגינעלסטע דערשיינונגען.

אַ ייד פון גלוכאָוו, אַ סוחר, אַ וואַלד־העגדלער, אַריינגעטאָן אין געשעפט, פּונקט אַזוי ווי אַלע יידן. נישט בעסער, נישט ערגער; אַ ייד, וואָס איר פּלעגט טרעפן אין די פריערדיקע יאָרן אויף די קיעווער „קאָנטראַקטן", אויף דער „בירזשע", קויפן, פאַרקויפן, האַנדלען, וואַנדלען, געלט, געלט! אויך אויסערלעך—דער טיפּ פון אַ סוחר. אַ הויכער, אַ דיקלעכער, מיט אַ קורצן, גידעריקן שטערן, טיפע, קליינע אויגן, וואָס קוקן אַריין נייגעריק און גראָבן זיך אַריין אין אייך. די שפּראַך: צומייסט רוסיש, גלוכאָווער רוסיש. אַרום און אַרום דער קליינ־

שטעטלדיקער נגיד, דער פּאַרצייטיקער סוחר, זייער פּאָרזיכטיק, זייער צוגעמאַכט, אָן ברייטקייט, אָן שווּנג, אַן אַמאָליקער משכּיל.

און דאָך—אַט דערדאָזיקער גלותאָרער וואַלד־הענדלער האָט אין זיך געטראָגן געדאַנקען, וואָס זענען געווען די געוואַגסטע פֿון זיין צייט. אַט דער ייד פֿון דער „בירזשע“ איז געווען אַ גייסטיקער רעוואָלוציאָנער. אונטער דעם ענגן, קליינעם שטערן האָט זיך פאַרבאָרגן אַ טיפֿע, ראַדיקאַלע קריטיק פֿון דעם גאַנצן יידנטום, פֿון דעם יידישן פֿונדאַמענט. אַ מין אלישע בן אבויה—פֿון די קיעווער „קאָנטראַקטן“!

מיר, יידן, זענען גוטע באַגראָבער. האָבן מיר באַגראָבן אלישע בן אבויה—איז דאָס געווען גרינדלעך. נישט נאָר אים, נאָר אויך דעם אלישע־בן־אבויהאיזם, נישט נאָר „אחר“, נאָר אויך דעם אחריזם. דער איינציקער גרויסער גייסטיקער רעוואָלוציאָנער, וואָס האָט געוואָלט איבערדענקען נאָכאַמאָל, פאַר זיך אַליין, אויף זיין אייגענעם אופן, די פֿונדאַמענטאַל־פֿראַגן פֿון דעם יידנטום, דערגראָבן זיך ביז צום יסוד. און וואָס איז פֿון אים געבליבן? אַ נאָמען און אַ האַס. ער איז צו ווייט געגאַנגען, ער האָט צו טיף געגראָבן—און דאָס האָט מען אים נישט געקאָנט מוחל זיין. און ער איז געבליבן דער איינציקער, ווייניקסטנס, אין דער יידישער וועלט. די אַנדערע, די, וואָס האָבן געוואַגט, האָבן געמוזט אינגאַנצן זיך צעשיידן מיט דעם פֿאָלק. צווישן דעם פֿרייען דענקען און דעם יידישן פֿאָלק איז געשטאַנען אַן אייזערנע וואַנט. און ווער עס האָט געוואָלט זי דורכברעכן, האָט ריזיקירט מיט דעם קאָפּ, אָדער זיך געמוזט אָפּקערן פֿון איר און זוכן נייע וועגן, נייע ווענט.

און מיט דער צייט איז געוואָרן אין דער יידישער וועלט אַ טיפֿע שיידונג, אַ קלאָרע שפּאַלטונג. די, וואָס האָבן געוואָלט געפֿינען נייע וועגן, דורכאַרבעטן זיך צו אַ פֿרייער וועלט, ווערן אַ טייל פֿון דער מאָדערנער קולטור, זענען אַוועקגעגאַנגען פֿון דער יידישער גאַס, האָבן זיך אַריינגעוואָרפֿן אין דעם ים פֿון דעם ברייטן, אַלגעמיינעם לעבן. זיי האָבן זיך „אַסימילירט“. און אין דעם „גדר“, אויף דער יידישער גאַס, זענען געבליבן די, וואָס זענען געווען אָרגאַניש פֿרעמד צו דער אַנידערשוועלטיקער קולטור; זענען געבליבן די זעלבסטצופֿרידענע, אָדער די, וואָס האָבן קיין מוט נישט געהאַט, דעם מוט צו באַגייען דעם יידנטום, אָדער צו וועלן אים באַנייען. וואָרים דאָס וועלן אַליין איז שוין די באַנייונג; די קריטיק אַליין איז שוין אַ שאַפֿנדיקער אַקט.

דער אומגליק פֿון דעם יידישן דענקען איז, וואָס עס איז געבונדן,

נאַציאָנאַל פאַראַנקערט. עס איז איינגעמויערט אין אַן אַלטער, אַלטער וואַנט. ווילט איר פּרוּוון צוּויסנעמען איין שטיינדעלע, איז די גאַנצע וואַנט אין סכנה. מען קאָן זיין גאַנץ רויק אַ דייטש, אָדער אַן ענגלענדער און לייקענען אין אַלע תורות, אָפּוואַרפן אַלע אמונות, אָפּזאָגן זיך פון אַלע טראַדיציעס, אָפּלייקענען אפילו דעם ווערט פון דער אייגענער פאָלקס-געשיכטע, און מען בלייבט דאָך אַ דייטש, אָדער אַן ענגלענדער. און גייט מען נאָך ווייטער, ווי, למשל, מאַקס שטירנער, און מען לייקנט אינגאַנצן די נאַציאָנאַלע אידעע, און מען פּריידיקט קאָסמאָפּאָליטיזם, ריינע מענטשלעכקייט — דערשרעקט זיך אויך קיינער נישט. יידן קאָנען זיך אַזאַ פרייהייט נישט דערלויבן. נעמט אַוועק דעם נאַציאָנאַלן פונדאַמענט און דאָס יידנטום שוועבט אין דער לופט. גראָבט אונטער דעם רעליגיעזן יסוד—און דאָס יידנטום ווערט אַן אומפאַרשטענדלעכקייט.

דאָס זענען די מאָטיוון, וואָס האָבן געבונדן און פאַרהאַלטן די אַנטוויקלונג פון דעם יידישן דענקען, ריכטיקער, פון דעם דענקען איבער דעם יידנטום, איבער דעם „יהדות". פּונקט ווי די תלמידים פון העגעל האָבן דערקלערט, אַז די פילאָזאָפיע איז שוין פאַרענדיקט און אַז דאָס איינציקע, וואָס מען קאָן נאָך אויפטאָן, איז — צו שרייבן די געשיכטע פון פילאָזאָפיע, האָבן די יידישע דענקער באַטראַכט דאָס יידנטום פאַר אַן אָפּגעשלאָסענער, פאַרענדיקטער היסטאָרישער דערשיינונג—נישט צו פאַרמערן, נישט צו מינדערן—און האָבן זיך אָפּגעגעבן בלויז מיט געשיכטע פון דעם יידנטום, אָדער אויב שוין גאָר מוטיק—מיט דער דערקלערונג און פאַרטייטשונג.

וואָס איז סוף כל סוף אחד-העמס פונקציע אין דער יידישער ליטעראַטור? אויך נישט מער ווי צופּאַסונג און איבערזעצונג פון די אַלט-יידישע, געירשנטע באַגריפן אין מאָדערנסטע טערמינען. עס איז געווען בלויז אַ בייטן פון דער טערמינאָלאָגיע, נישט פון דעם אינהאַלט.

אחד-העם האָט זיך נישט געפרעגט, וואָס איז אייגנטלעך דאָס יידנטום, וואָס זאָגט עס אונדז, וואָס זענען מיר צו אים? ער האָט פאַרבויגן די פראַגע, ער האָט פאַרמידן די שווערע פּראָבלעמען — ער האָט זיך געהאַלטן ביי דעם אויסגעטרעטענעם וועג פון נאַציאָנאַלער פּאָליטיק. און אחד-העם איז דאָך פאָרט דער גייסטיקער פירער פון דעם מאָדערנעם יידנטום!

אָבער דאָס, וואָס אחד-העם האָט פאַרבויגן און אויסגעמידן, האָט דווקא דער גלוכאָווער סוחר געמאַכט פאַר זיין לעבנסאויפגאַבע. ש״י הורוויץ האָט געוואַגט. ער איז געווען דער פרייסטער גייסט פון זיין גאַנצן דור. ער האָט געוואַגט צו צווייפלען אין די יסודות און צו זאָגן עס עפנטלעך פאַר דעם יידישן פאָלק.

אחד-העם איז—אויף אַלערליי וועגן און סטעזשקעס—געקומען סוף כל סוף צום רמב״ם אין זיין פילאָזאָפיע פונם יידנטום; צו זיין אַפּאָלאָגיע, און ער איז געקומען דערצו, ווייל—ער איז פון דאָרט אַרויסגעגאַנגען. ער האָט עס בלויז אין די ערשטע יאָרן נישט קלאָר פאַרשטאַנען. ש״י הורוויץ איז אַרויסגעגאַנגען פונם „כוזרי״, פון יהודה הלוי און איז צוגעקומען צו נחמן קראָכמאַל. פון די ביידע לערער פון דעם יידישן פאָלק—דעם רמב״ם און ר׳ יהודה הלוי, איז דער פּאָעט געווען מער פילאָזאָף. נישט קוקנדיק דערויף, וואָס דער כוזרי איז אַזוי אומסיסטעמאַטיש, איז ער טיפער, פילאָזאָפישער, ווי דער זייער סיסטעמאַטישער, זייער געלערנטער, זייער קלאָרער „מורה נבוכים״. דער רמב״ם איז געווען אַ געלערנטער; יהודה הלוי—אַ דענקער; דער רמב״ם איז געווען אַ פאַרענטפערער, הלוי איז געווען—אַ פרעגער.

און דאָס איז זייער כאַראַקטעריסטיש, אַז די ערשטע, גרעסערע אַרבעט פון ש״י הורוויץ איז געווען—איבער יהודה הלוי. דאָס איז געווען זיין קוואַל. דער „כוזרי״ האָט אים געגעבן דעם טאָן, אָבער דער „מורה-נבוכי הזמן״ פון נחמן קראכמאַל האָט אים געגעבן די מעטאָדע. מ׳האָט שוין ביי אונדז כמעט פאַרגעסן אָן קראכמאַל. פילאָזאָפיע ליגט נישט אויף דעם יידישן וועג. און קראכמאַל איז געווען דער איינציקער אָריגינעלער דענקער, וואָס די נייע יידישע קולטור פאַרמאָגט. ער האָט זיך אויך נישט געשראָקן, נישט אָפּגעשטעלט. און ווען ער איז נישט דערגאַנגען זייער ווייט—איז דאָס געווען אפשר אויך בלויז דער פעלער פון דער צייט, די מורא פאַר—קאָנסעקווענצן.

ש״י הורוויץ האָט אָבער קיין מורא נישט געהאַט. איינער אַליין, זיך גריבלענדיק, אָן הילף, אפילו אָן דער הילף פון ביכער—עס האָט אים געפעלט מאָדערנע בילדונג—האָט ער זיך דערגראָבן צו דער גרונטפראַגע: וואָס איז דער יהדות?

און האָט די פראַגע אַוועקגעשטעלט מיט אַזאַ שאַרפקייט, ווי קיינער נישט פאַר אים. דער „עבר״ איז געווען ביי אים „עבר״—פאַרגאַנגענהייט. ער האָט זיך נישט געוואָלט און נישט געקאָנט אָפּנאַרן,

צונויפמישן פאַרגאַנגענהייט מיט געגנוואַרט און פּראָיִצירן זי אין דעם— „עתיד". די צוויי פּראָבלעמען: פאַרגאַנגענהייט און צוקונפט, זענען ביי אים געווען שאַרף אָפּגעטיילט. ער האָט געזען, אַז דער „עתיד" קאָן נישט זיין קיין פאָרטזעצונג פון דעם „עבר", ווייל די אַלטע פאָרמען האָבן זיך איבערגעלעבט. און ער האָט געוואָלט שטעלן א פּראָגנאָז פאַר דעם „עתיד".

ער האָט געפונען ווייניק מיטדענקער, ווייניק מיטזוכער, אָבער אַ סך פאַרביסענע, בייזע, צעקאָכטע קריטיקער. דער זאַמלבוך „העתיד", וואָס ער האָט געגרינדעט, האָט געזאָלט ווערן דער צענטראַל-פונקט פון פרייען יידישן דענקען, פון מאָראַל, אָדער וואַגנדיקער קריטיק.

אָבער דער יידישער עולם האָט נישט פאַרשטאַנען, נישט גע-וואָלט פאַרשטיין די אַרבעט פון זיין קרייז, דעם קרייז פון „העתיד". די נאַציאָנאַליסטן האָבן זיך געבייזערט, די רעליגיעזע האָבן אים איג-נאָרירט. אויף דעם אָרט פון סימפּאַטישער קריטיק האָט מען געוואָרפן חשד—„פאָלקס-פאַרפירער", „מיסיאָנערן" און נאָך אַזעלכע קליינקעפּיקע, נאַרישע, אומטאָלעראַנטע טענות און אויסגעשרייען. און באַלד איז דער קרייז אַליין צעפאַלן געוואָרן. דער „העתיד" האָט נאָך די ערשטע צוויי-דריי בענד פאַרלאָרן זיין אָריגינעלן כאַראַקטער. ער איז אויך געוואָרן „היסטאָריש". אַלץ א י ב ע ר, קיינמאָל נישט פ ו ן, אַלץ דערקלערונגען, קיינמאָל נישט אָריגינאַל-שאַפונגען; אַלץ דרש און קיינמאָל נישט חקירה. אַזוי איז שוין דער גורל פון דעם יידישן דענקען.

געוויס, ווען הורוויץ וואָלט געווען נישט קיין ייד פון גלוכאָוו, וואָס איז אויף די עלטערע יאָרן מגולגל געוואָרן קיין בערלין, אין דעם צענטער פון דער אייראָפּעישער קולטור; ווען ער וואָלט געווען ברייטער אין זיין בילדונג, אין זיין פּראָבלעם-שטעלונג, וואָלט ער געקאָנט, נישט קוקנדיק אויף אַלצדינג, ווערן אַ גרינדער פון אַ נייער שולע, אַן אָנ-הייבער פון אַ נייער ריכטונג, אַ באַפרייער פון דעם יידישן גייסט.

אָבער דאָס לעבן האָט זעלטן א ברייטע האַנט. און נאָך ווייני-קער דאָס יידישע לעבן. אַלצדינג אינאיינעם—געדאַנק און פאָרם, מוט און די קראַפט אויסצופירן, טיפקייט און ברייטקייט—דאָס אַלצדינג אינ-איינעם פאַרגינט אונדז דאָס לעבן נישט. מיר מוזן זיך באַגנוגן מיט האַלבקייטן, מיט איינזייטיקייטן.

אָבער אפילו אַזוי—אפילו אין זיין באַגרענעצטקייט איז ש"י הור-וויץ געווען אפשר די אינטערעסאַנטסטע פיגור צווישן די מאָדערנע

העבֿרייעל: דער איינציקער, וואָס האָט איבערגעלאָזט אַ ליניע, וואָס האָט דורכגעבראָכן אַ וועג—אַ וועג אויף שפּעטער, אַ וועג פֿאַר די, וואָס ווילן גיין ווייטער, ווייטער; אַ וועג פֿון דער אומשאַפֿונג פֿון דעם יידישן עתיד,

# פראנץווערפעל.

דער פּאָעט.

## I.

נעמט זיי צונויף — איינעם נאָך איינעם, די קינסטלער און די „שאַפנדיקע". „קונסט"—וויפל איר ווילט. וואָרים קונסט איז קאָנען—און עס קאָנען אַזויפיל! איינער אַ ביסעלע מער, דער צווייטער אַ ביסעלע נאָכמער. זינגט עס ביי איינעם אין מאָל—זינגט עס ביי אַ צווייטן אין דור; שמייכלט עס ביי איינעם, זיפצט עס ביים צווייטן — וואָרט איז בלויז וואָרט—און פאַרדעקט.

וואָרט איז אַ קלייד, און נישט מער. אַריבערגענומען, געבאָרגט— אויף אַ צייט—פון פרעמדע, פון פריערדיקע. עס איז אַ כלי. אַנדערע פאַר אונדז האָבן זי געשאַפן. און אין איר אַריינגעגאָסן זייער ווייַן, זייער וואַסער, זייערע טרערן. און פון דעם ווייַן איז געבליבן אַ ריח, און פון דער טרער אַ טראָפּן. פון יעדער מאָס ווייַן—און פון יעדער געזאַלצענער טרער. וואָס פאַר אַ ווונדער, ווען יעדער נייער אינהאַלט האָט אַן אַלטן טעם.

אַלט די פאָרמען, אַלט די בילדער—און די נייסטע שטימונג—זי איז אויך שוין אַלט. און עס איז שווער, אַזוי אומגעהייער שווער צו געפינען אַ פּאָעט, איינעם, ביי וועמען מען זאָל זיך קאָנען אָפּשטעלן. איינער, וואָס זאָל אייך זאָגן דאָס טיפסטע פון זיך, פון אייך, פון דער וועלט—זינגען דאָס נאָך אומגעזונגענע ליד.

אָפט פרעג איך זיך—צו וואָס דיכטן זיי? פילן זיי דען נישט, אַז זייער ליד איז שוין נישט מער קיין ליד — ווייל נישט אַרויסגעוואַקסן פון דער טיף פון די וואָרצלען? די בעסטע אפילו. איז דערציילן אַ מעשהלע אין קלינגענדיקע גראַמען פּאָעזיע? איז אַן אויסגע-

טראַכטער פאַרגלייך—קונסט ? געוויס—אויסטאָקן אַ שיין בענקל איז אויך קונסט. באַמאָלן לייוונט מיט אייגנאַרטיקע פאַרבן — איז אויך קונסט, אָבער קונסט, וואָס איז בלויז קאָנען, נישט שאַפן.

זעלטן, זעלטן קומט אייגער אַ מענטש און באַווייזט אַ מופת. ער נעמט די אַלטע כלים און שמעלצט זיי איבער, די אַלטע ווערטער און באַנייט זיי. און זיין וויין—און זיין טרער גיסן זיך אַריין אין אַ ביי-עם געפעס. און דעמאָלט ווייסן מיר: דער פּאָעט איז געקומען.

אַזאַ ווונדער האָט דערלעבט דייטשלאַנד, ווען דער יונגער היינע איז געקומען. עס האָט אַ הויך געטאָן אַ פרישער ווינט. פרעמד און ניי האָבן געקלונגען די אַלע דייטשע ווערטער, — אַזוי פרעמד, אַז די דייטשן האָבן זיך געמוזט אָנשטרענגען, ביז זיי האָבן זיי פאַרשטאַנען; אַזוי ניי, ביז זיי האָבן גאָרנישט דערקענט זייער אייגענע שפּראַך. און דייטשלאַנד האָט צו אים געטאָן, ווי מען דאַרף טאָן צו אַ דיכטער: זי האָט אים געהאַסט, זי האָט אים געליבט,—און נישט רעספּעקטירט. וואָ-רים אַן אמתן פּאָעט דאַרף מען נישט און מען קאָן נישט „אַכטן", אויך נישט „באַוווּנדערן". מען האָט נישט קיין רעספּעקט פאַר אַ שטורעמ-ווינט, אָדער פאַר דער ברענענדיקער זון. מען באַוווּנדערט נישט—קיין פייער, סיידן עס איז ערגעץ ווייט, זייער ווייט, און האָט נישט קיין שום שייכות צו אונדז. און דאָס איז גראָד, וואָס אַ פּאָעט איז נישט,— ער איז דער, וואָס האָט צו אונדז אַ שייכות. ער צו אונדז—און מיר צו אים, און נישט בלויז אין דער שעה פון רו, ווען מיר זיצן זיך אַזוי „געמיטלעך" ביים טיש און רעציטירן לידער, פּונקט ווי מען הערט מוזיק. נישט דאָס איז אַ פּאָעט. נישט דאָס וויל ער. ער לויפט אונדז נאָך אויף אַלע וועגן, בייטשט אונדז מיט אַ בייטש, קושט אונדז מיט זיינע ליפּן, און איז תמיד מיט אונדז, אָדער ער איז גאָרנישט מיט אונדז.

אַזאַ פּאָעט איז געווען ווערלען אין פראַנקרייך. אַ וואַמפּיר, אַ מאַרכזויגער, אַ שאָטן. און דערפאַר איז ער אַזוי גרויס, דערפאַר אַן אמתער פּאָעט. אָבער דאָס איז דער אומגליק פון דער קולטור. מען קאָן זיך אויסלערנען די קונסט אויך,—מען קאָן אַפילו ווערלעניזירן און היינעזירן; מען קאָן זיך אויסלערנען שפּילן שטורעם און זון און וואַמ-פּיר. און עס זענען דאָ אַזויפיל—שפּילער!

אָט איז אַ גאַנצער דור פון פּאָעטן אין דייטשלאַנד. אַ לאַנד, וווּ—ווי געטע האָט שוין באַמערקט — די שפּראַך דיכטעט אַליין. עס גראַמט זיך גרינג, עס גייט אַזוי גלאַט, אין אַלע טענער, אין אַלע פאַר-

מען. עס לעבן איצט דאָרט אַן ערך פון הונדערט און צוואַנציק ביז הונדערט און פופציק פּאָעטן, — מיט נעמען; פּאָעטן, וואָס האָבן שוין זייער פּלאַץ אין דער ליטעראַטור, וואָס גייען שוין אַריין אין דער ליטעראַטור-געשיכטע. פון אַלערליי ריכטונגען און קלאַנגפאַרבן. און אַלע רעדן זיי פון גאָט און וועלט און „מענטש“, און אַלע האָבן זיי פּאַטאָס, און אַלע קלינגען כמעט-כמעט עכט.

און דאָך לייענט איר זיי, — איינעם נאָך דעם צווייטן, — ווערן פאַרווישט די גרענעצן, און עס ווייזט זיך אויס, אַז דאָס איז דער אייגענער, דאַכט זיך. אַז סטעפאַן צווייג זינגט, ווי פּאול רעמער, און ערנסט ליסאַור, ווי קאַרל הענקעל און באָנסעלס, ווי דויבלער א. אַז. וו.

גאָר זעלטן, זעלטן האָט איינער פון זיי אַן אייגענעם טאָן, — אַזאַ אייגענעם, אַז איר דערקענט אים אַרויס פון דעם גאַנצן כאָר. אַ טאָן, וואָס זאָל זיין אי פּערזענלעך, אי — צייט-אָפּקלינגענדיק.

און אָט צו די ווייניקע, צו די גאָר-גאָר ווייניקע באַלאַנגט דער נאָך יונגער, יידישער פּראָגער פּאָעט — פראַנץ ווערפעל.

יונג. ער איז איצט אַ מאַן פון זעקס און דרייסיק. אָבער דאָס בעסטע, וואָס ער האָט ביז אַהער געשאַפן, דאָס, וואָס האָט אים געמאַכט צום פּאָעט פון אונדזער צייט, שטאַמט פון די גאָר יונגע יאָרן. דעמאָלט, ווען אַנדערע מענטשן זענען נאָך נישט אויפגעוואַכט, האָט שוין ווערפעל דאָס בעסטע געגעבן, — וואָס אַ שאַפנדיקער קאָן בלויז געבן.

אַ פּראָגער. אַ ייד. אַריינגעבוירן אין אַ וועלט פון צעפאַלן ווערן. אַלצדינג איז שוין געווען אַלט אַרום ווערפעלן, ווען ער איז נאָך געווען יונג. אַלט איז געווען פּראָג, די פאַרחלומטע, מיט אירע אַלטע גאַסן און געסלעך, ווו הינטער טויער-בויגנס זיצן נאָך היינט מיטלאַלטערלעכע פיגורן, מוזיקאַנטן אין פּליושענע מאַנטלען און סאַמעטענע בערעטן און שפּילן אַלטע לידער: דער הראַדשין, מיט זיינע לעגענדעס, די אַלט-ניי-שול, דער פּראָגער בית-עולם, די מאַסיווע, ווונדערבאַרע קירכע, ווו עס גייען אַרויס יעדע שעה די אַפּאָסטאָלן און זאָגן אָן די צייט. און ווייטער — ס׳אַוונלאַנד, טשעכישע לידער; סמעטאַנאַ, דוואָרזשאַק, — צוויי קולטורן, דייטש און סלאַוויש צונויפגעוואַקסן; עסטרייך אַלס הינטערגרונט. ווין — די פּרעכטיקע, די קאָקעטע, די אייביק שפּילנדיקע; און נאָך ווייטער — דייטשלאַנד מיט איר שווערן דענקען און געפּייניקטן רעדן. אייראָפּע — וועלט — און אַלע אינאיינעם צונויפגעשמאַלצן אין דעם יידישן געפיל און וועלט-צוגאַנג.

און דערנאָך—די צייט. אין 1914 איז ווערפעל נאָך גאָר אַ יונ־
גערמאַן, קוים פיר און צוואַנציק יאָר, און עס קומט די מלחמה, — עס
הייבט זיך אָן די טראַגעדיע פון דעם מענטשן.

דידאַקטיק. ליס מאָטיוון האָט ווערפעל דערפילט, און אינסטינקטיוו
דערגאַנגען צום לעצטן, צום גרונטמאָטיוו. און ער הייסט „מענטש".
ריכטיקער—דער ליידנדיקער מענטש. ווען און ווו הייבט זיך אָן דער
מענטש?—פרעגט זיך ווערפעל. און ער ענטפערט אין זיין ליד, דעם
גרעסטן, וואָס ער האָט אָנגעשריבן, דעם גרעסטן, וואָס די נייע פּאָעזיע
האָט ארויסגעבראַכט, דעם ליד, וואָס הייסט „שמייכלען, אָטעמען, גיין".
און ער זינגט:

שעפּ דו, טראָג דו, האַלט
די טויזנט וואַסערן פון שמייכלען אין דיין האַנט.
שמייכלען, פּייכטער גליק איז אויסגעשפּרייט
איבער דיין גאַנצן פּנים.
שמייכלען איז נישט קיין קנייטש,
שמייכלען איז דער עצם ליכט.
דורך די ווייטן ברענט ליכט—אָבער עס איז נאָך נישט.
נישט די זון איז ליכט.
ערשט אויף דעם פּנים פון מענטשן
ווערט דאָס ליכט אין שמייכלען געבוירן.
. . . . . . . . . . . . . . . .
אין דעם רעגנבראַנד פון שמייכלען וואַש די אַלטע האַנט.
שעפּ דו, טראָג דו, האַלט!
הער זיך איין דו, האָרך דו, פאַרנעם!
אין דער נאַכט ווערט דאָס צוזאַמענאָטעמען פריי.
. . . . . . . . . . . . . . . .
נישט דער ווינט, וואָס טובלט זיך
אין וואַלד, צווייג און פלאַנק,
נישט דאָס וויִען, ווו די בלעטער זיך דרייען,
גאָט אָטעם ווערט געבוירן אין דעם אָטעם פון מענטשן.
. . . . . . . . . . . . . . . .
פּאַל אַנידער, בויג די קני—וויין,
זע ווי דער זאַנג פון געליבט שווינדט פון דער ערד.

פלאַטער אויף אַהין, גיי מיט און פאַרגיי,
גיין פירט אַוועק
אַלצדינג צום ריינעם, צום אַלגעמיינעם.

. . . . . . . . . . . . . . . .

שמייכלען, אָטעמען און גאַנג
זענען מער ווי דער וועג פון ליכט און ווינט און שטערן.
די וועלט הייבט אָן—אין דעם מענטשן.

און ווייל דער מענטש איז אַזוי גרויס, ווייל ער איז דער אָנהייב און דער סוף, האָט אים ליב דער פּאָעט; אים און די גאַנצע וועלט און זיין גאַנצער זין איז: גאַנצקייט, אינאיינעם, מיטאַנאַנדער.

„דאַ דאָך איינאַנדער פרוידע מאַכן שענסטער מענטשן בערוף”— איז די שלוס-שורה פון איינעם פון זיינע פריעסטע לידער. דערפרייען איינער דעם צווייטן, ווייל צווישן איך און דו איז גאָרנישט קיין מחיצה, ווייל מיר אַלע זענען א י נ ס.

און אויב מיר זענען פאַרשיידן—איז דאָך דאָס בלויז אַ געשאַנק און אַ פרייד, די פרייד פון דעם קינסטלער, וואָס שאַפט וואַריאַציעס אויף איין מאָטיוו. „ווי שיין איז עס, וואָס מיר ווינען אין פאָרמען”, רייסט זיך ביי אים אַרויס אַ דאַנק-און אַ פרייד-אויסרוף (אין דעם ליד „די פיעלען דינגע”).

מיר „ווינען” בלויז אין פאָרמען. מיר זענען נישט קיין פאָרמען. מיר זענען,—וואָס? חיה—מענטש—גאָט? אַלצדינג איינס. און וואו איז דער גרענעץ? אַלע וואַסערן קומען פון איין קוואַל, גייען צו איין מקור, אָבער דער וועג. יעדעס וואַסער מיט זיין פאַרב. איין טייך בלוי, דער צווייטער גרוי; איינער שוימט, ווי אַ וואַסערפאַל. דער צווייטער רינט אַזוי אידיליש און שטיל. און אַלע זענען זיי וואַסער—און אומעטום איז אַ געהיימער זין: פאַרוואָס אַזוי, און נישט אַנדערש?

עס איז נישט מער קיין לירישער טאָן. עס גייט אַריבער די גרענעצן פון דער פערזענלעכער, אייגנגעשפיגלטער איבערלעבונג. דער מאָטיוו פאַרלאַנגט ברייטקייט. און עס איז נישט קיין וואונדער, וואָס דער לירישער ווערפעל האָט זיך געווענדט צו אַנדערע פאָרמען,—צום ראָמאַן, צו דער דראַמע. ער איבערזעצט, אָדער אַרבעט איבער אייריפידעסעס דראַמע. די „טרויערינען”, די טראַגעדיע פון דער מלחמה, וואו צום ערשטן מאָל אין דער וועלט-ליטעראַטור (ע״ט מלחמה גענו-

מען מענטשלעך, ווו דאָס ליידן און דאָס לעבן איז דער גרונטמאָטיוו. ער גייט ווייטער פון איריפּידעס. ער איז מאָדערנער, פייַנער, שמערצפולער; ער איז עלטער פון דעם אַלטן גריך. און אין דער הקדמה צו דערדאָזיקער דראַמע זאָגט ווערפעל אַרויס זיין הויפּטגעדאַנק: „דער גרעסטער אומזין פון דערדאָזיקער אומזיניקער וועלט איז — וואָס דער מענטש מוז ליידן". אָבער מען טאָר נישט, מען זאָל נישט אַנטרינען פון דעם ליידן,— נישט פאַרגעסן אים אין לעבן, נישט אַנטלויפן פון אים דורך טויט, ווייל—„לעבן איז אַ חוב... און מיר גיבן דער וועלט אַ מאָראַלישן זין".

און דאָ שטויסט ער זיך אָן אויף אַן אַנדער פּראָבלעם: פון וועמען ליידן מיר? פון וואָס? נישט פון דער וועלט אַרום אונדז, נאָר מענטש פון מענטש, און מענטש פון זיך אַליין. יעדער ליידט פון זיך, פון דעם צווייטן „איך" אין אים: דער פיינט איז אין אונדז אַליין. דאָס איז עפּעס אַנדערש ווי טאָלסטאָיס „גאָטס קעניגרייך איז אין אונדז"; אפשר זענען די רעזולטאַטן די אייגענע,—אַנדערש קאָן גאָרנישט זיין, אַלע וועגן פירן צום קוואַל, אָבער דער צוגאַנג איז אַן אַנדערער, שווערער, ווייטיקדיקער, טיפער,—איך וואָלט געזאָגט: יידיש-סקעפּטישער. דאָס, וואָס טאָלסטאָי האָט אַזוי גרינג געפונען,—און דאָך נישט געפונען,—וויל ווערפעל ערשט זען. טאָלסטאָי פּריידיקט „ליעבע", און מיר ווייסן נישט, וואָס דאָס איז. ווערפעל פרעגט נאָכדעם דעם וועזן פון דער ליבע און ענטפערט אַזוי אומקריסטלעך, אַזוי מאָדערן-מענטשלעך אין זיין דראַמע „דער שפּיגל-מענטש", זיין „פאַוסט-דראַמע", ווי איינער פון די קריטיקער האָט איר אָנגערופן.

„ערשט מוזט איין זאָרגן און פליכטן דיין נשמה ריכטן אויף נאָך פרייע צילן—דערנאָך קאָנסטו פאַרזוכן די שטיינער אויף די פעלזנטרעפּ פון דער ליבע, וואָס האָט דיך גערופן,—און ערשט דאַן וועסטו געפינער די לעצטע פאַרענדונג—אין דעם זיסן פאַרלאָשן ווערן און פון זיך אַליין פאַרשווינדן".

לעבן איז אַ חוב,—טויט איז אַ גענוס. מען מוז זיך שיין צוגרייטן צום גרויסן יום-טוב. דאָס איז ווערפעלס לעצטע און העכסטע דערגרייכונג.

אָבער ער איז נישט פאַרטיק מיט דעם פּראָבלעם. ער לעבט, ער ליידט,—און נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל ראַנגלט ער זיך מיט דעם רעטעניש מענטש,—איך און דו,—און דאָס געטאָפּלטע „איך" אין דעם

מענטשן. ער שרייבט די טראַגעדיע „שווייגער", ער שרייבט דעם ראָ־
מאַן „נישט דער מערדער איז שולדיק, נאָר דער געהרגעטער". ער
שרייבט דעם ראָמאַן „ווערדי", ווו דאָס אייגענע פּראָבלעם פון די
צוויי נשמות ווערט פאַרקערפּערט אין ווערדי־וואַגנער.—דער אייגענער
קאַמף, אַ קאַמף, ווו איינער האָט דעם צווייטן קיינמאָל נישט געזען,
ווי תמיד אין לעבן, ווו עס גייט אָן אַן אמתער קאַמף—אַ קאַמף, ווו
קיינער זיגט נישט אוןביידע פאַלן: אָבער זענען מיר—„אינאיינעם"—
איז נישט די „מענטשהייט" איין מענטש? און האָט זי אויך נישט אַ
געטאָפּלטן „איך"? לאָזט זיך די געשיכטע פון אונדזער צייט—פון אַלע
צייטן — נישט דערקלערן, פאַרשטיין, דערהייבן דורך און צו דעם
מענטשלעך־קאָסמישן גרונט־עלעמענט?

און ווערפעל גייט צו נענטער, מענטשלעך־נאָענט, פּנים אל פּנים
צו דער גרויסער רעוואָלוציע, צו יעדער רעוואָלוציע, רייסט אויף די
טויערן, ראַמט אָפּ די באַריקאַדן פון ווערטער און פאָרמולעס און
אויסגעטראַכטע אינטערעסן, און קוקט אַריין דער רעוואָלוציע אין פּנים
אַריין.

און וואָס ער האָט געזען—האָט ער אונדז געזאָגט אין זיין
גרעסטער דראַמע „דער באָקסגעזאַנג". צום ערשטן מאָל — די טראַ־
געדיע פון דער רעוואָלוציע,

# II

וערפעל לייענט איבער אַ נאָטיץ אין דער צייטונג — אַזוי דערציילט ער — וועגן אַ מערקווירדיקער פּאַסירונג ערגעץ אין אַ סערבישן דאָרף, ביי אַ רייכן און אָנגעזועענעם פּויער. אין סערביע ווערט געבוירן אַ קינד, אַ „מאָנסטער", אַ שפּיל פון דער נאַטור, האַלב-מענטש, האַלב-חיה. דער פּויער באַהאַלט דאָס באַשעפעניש און האָט מורא — און שעמט זיך — אויסצוזאָגן זיין סוד. ער האָט אַפילו מורא אים צו דערהרגענען — טאָמער וועט מען זיך דאָ אַרום דערוויסן פון זיין שרעקלעכן, זיין אוממענטשלעכן סוד. אָבער סוף כּל סוף ווערט דאָס דאָרף געוואָר — און עס הייבט זיך אָן אין דער געגנט אַ טומל, אַ פּחד, אַן אויפשטאַנד, אַ רעוואָלוציע.

אַזוי די מעשה, די צייטונגס-נאָטיץ. זיכער איינע פון די באַלקאַן-ידיעות, וואָס זענען ביז דריי-פערטל אויסגעטראַכט, איינע פון די לעגענדעס, וואָס ווערן פאַבריצירט פון זשורנאַליסטן אין די הייסע זומער-טעג, ווען עס „פּאַסירט" גאָרנישט און מען קאָן גאָרנישט מעלדן דער צייטונג. און אפשר איז אין דעם געווען אויך אַ קערנדל אמת. די נאַטור טוט אָפט אָפּ שפּיצלעך. אויב עס האָט נאָך קיינער נישט געזען קיין האַלב-מענטש, האַלב-חיה, האָט אָבער כּמעט יעדער פון אונדז געזען מענטשן מיט די מערקווירדיקסטע מומים. פרויען מיט לאַנגע בערד, ריזן, קאַרליקעס. איך האָב אַליין געזען — און טאַקע דאָ אין ניו-יאָרק, אין אַזאַ מין קוריאָזיטעטן-מוזיי אויף בראָדוויי — אַ

מענטשן מיט אַ צוגעוואַקסענעם, פון אים אַרויסגעוואַקסענעם קליינעם גוף—הענט, פיס, אַ גאַנצן קערפער—בלויז דער קאָפּ פעלט. און דער מענטש לעבט—טראָגט אפילו אַ פראַק און אַ געפרעסט העמד. לעבט און טראָגט מיט זיך אַ שרעק און אַ וווּנדער.

הונדערט טויזנטער מענטשן האָבן געליטן די נאָטיץ פון דעם באַלקאַן—אָבער בלויז איינער דהאָט זיך פאַרטראַכט, איינער איז גע־בליבן פאַרגאַפט,—און דער איינער איז געווען פראַנץ ווערפעל. מיט־אַמאָל איז אים געוואָרן אַלצדינג קלאָר: דער זין פון דער געשיכטע, דער עצם פון דעם געזעלשאַפטלעכן שאַפן, פון דעם רעוואָלוציאָנערן דראַנג אין דעם מענטשן. און ער האָט געשאַפן די דראַמע פון דער רעוואָלוציע—דעם „באָקסגעזאַנג".

געוויס—קיינער געפינט נישט, ווער עס זוכט נישט. ווערפעל האָט נישט געפונען צופעליק זיין מאָטיוו. ער האָט געלעבט אין אים, ער איז געוואַקסן אין אים, דער געדאַנק פון דער טראַגעדיע. מען דאַרף נישט פאַרגעסן, אַז ווערפעל האָט אָנגעהייבן זיין דראַמאַטישע אַרבעט מיט אַן איבעראַרבעטונג פון אַ דראַמע פון איירי‌פידעס. און טאַקע ביי דעם אייגענעם איירי‌פידעס האָט ער געפונען די ווייטערע אָנרעגונג: אין דער טראַגעדיע „די באַקכאַנטן". איינע פון די אומ־פאַרשטענדלעכסטע, טיפסטע דראַמען פון דעם גרעסטן גריכישן דראַ־מאַטיקער. עס איז די טראַגעדיע פון דעם „געבורט פון אַ גלויבן". אין דער שטאָט טעבען, אין דער איינגעאָרדנטער, פרומער און סטאַ־טעטשנער, מיט אַ גוטן און גערעכטן קעניג פענטעוס, מיט קלוגע זקנים און צניעותדיקע פרויען—קומט פלוצלונג אַ וואַנדערער. אַ שיי־נער יונגערמאַן—מיט אַ קראַנץ אַרום דעם קאָפּ, מיט אַ לאַנגן, ווייסן שטעקן אין דער האַנט. און מיט זיין קומען ווערט אַ בהלה. די גאַנצע שטאָט גייט אויף רעדער. די לופט ווערט ווי פאַרסמט—יונגע מענער ווערן פאַרשיכורט—און די פרויען, אַלט און יונג—ווערן ווילד. דער יונגערמאַן איז—דיאָניסיאָס, דער גאָט, דער באָק־גאָט, דער גאָט פון פרייד, דער באָק־גאָט פון טאַנץ און ענטוזיאַזם, פון דער שטורמישער נאַטור. און מיטאַמאל ווערן אַלע גרענעצן געעפנט. צעבראָכן די אָרדענונג—געזעץ און מאָראַל. די פרויען לויפן נאָך דיאָניסיאָסן אין די בערג—און טאַנצן ווילד און פראַווען אָרגיעס אַרום דעם באָק־גאָט. און ווען פענטעוס, דער ראַציאָנאַליסט, וויל אָפּשטעלן דעם נייעם קולט, צערייסן אים די ווילדגעוואָרענע פרויען מיט זייערע אייגענע הענט. און די,

וואָס פירט די באַקכאַנטינס, די, וואָס רייסט אַרויס דאָס האַרץ פון דעם קעניג, איז דעם קעניגס אַלטע מוטער.

עס איז נישט קיין ספק, אַז דערדאָזיקער אייריפּידישער מאָטיוו האָט געקלונגען אין די אויערן פון פראַנץ ווערפעל, ווען ער ד׳האָט איבערגעלייענט די נייס אין דער צייטונג וועגן דעם „חיה־מענטש". ווייל נאָר אַזוי קאָן מען פאַרשטיין, פאַרוואָס ווערפעל האָט אויסגעקליבן דווקא די פאָרם פון באַקמענטש, פאַרוואָס ער האָט אָנגערופן זיין טראַגעדיע: „באָקגעזאַנג". ווייל „באָקגעזאַנג" איז נישט מער ווי אַ ווערטערלעכע איבערזעצונג פון דעם גריכישן וואָרט „טראַגאָדיאַ" (טראַגאָס – באָק, אָדיאַ—געזאַנג). און מיט דעם כּישוף־שטעקעלע פון אַ פּאָעט דערוויטערט ער די פּערספּעקטיוו. פון אַן אמתער אָדער אויסגעטראַכטער קוריאָזער פּאַסירונג אין אַ סערבישן דאָרף ווערט די טראַגעדיע פון דער רעוואָלוציע.

די מעשה אַליין איז זייער איינפאַך. ביי סטעפאַן מיליטש—דעם „נאָספּאָדאַר", ד. ה. דעם רייכן און מעכטיקן פּויער אין אַ דאָרף, אויף דער גרענעץ צווישן סערביע און אונגאַרן, אין די בערג, ווערט געבוירן אַ באַקמענטש. דאָס ערשטע „קינד", די פּרוכט פון דער יונגער, גרויסער ליידנשאַפט. קיינער האָט דאָס קינד נישט געזען—אַחוץ די באָבע און דער דאָקטאָר. די עלטערן האָבן זיך אַזוי דערשראָקן, אַז זיי האָבן אפילו נישט געוואָלט אַ קוק טאָן אויף דעם מאָנסטער. פאַרהרגענען אים האָט זיי דאָס האַרץ נישט געלאָזט. האָבן זיי אים פאַרשפּאַרט אין אַ הייזל—צוגעשלאָסן די טירן. און קיינער האָט נישט געוווּסט, וואָס איז דאָרט אין דעם הייזל, פאַרוואָס גייט דאָרט אַ רויך פון קוימען. נאָר איין מאָל אַ טאָג פלעגט די אַלטע באָבע קומען צום באַקמענטש און ברענגען אים שפּייז, און איין מאָל אין עטלעכע יאָר פלעגט קומען צו אים דער דאָקטאָר, אַן אַלטער „אפּיקורוס", אַ וואָלטעריאַנער (דאָס שפּיל גייט אָן צום סוף פון אַכצעטן יאָרהונדערט, ווען עס האָט זיך אָנגעהייבן די גרויסע רעוואָלוציאָנערע עפּאָכע אין דער וועלט).

קיינער ווייסט נישט פון דעם סוד—אָבער מען שושקעט זיך. עפּעס טראָגט זיך אין דער לופט אַ געפיל פון אומרויקייט. סטעפאַן מיליטש און זיין פרוי ליידן מער פון אַלע. זיי זענען די, וואָס טראָגן דעם סוד—און זיי אַליין ווייסן נישט, וואָס עס איז. זיי האָבן קיינמאָל נישט געזען זייער „קינד". דער פאָטער האַסט אים, די מוטער ד׳האָט

אים ליב—דעם נישט געזעענעם. אָבער דאָס לעבן גייט זיך דערוויי־ל זיין וועג. סטעפאַן מיליטשעס צווייטער זון—מירקא—איז אויסגעוואַקסן און ווערט אַ חתן—פון דער שיינער און רייכער פּויערים-טאָכטער סטאַניאַ. זייער ציל איז דערגרייכט. דאָס געזונטע, בירגערלעכע, איינ-געפונדעוועטע לעבן האָט זיך נאָכמער פאַרפעסטיקט פאַר זיי. בלויז דער סוד—דער דריקנדיקער סוד! און סטעפאַן באַשליסט צו טאָן — וואָס אברהם האָט געטאָן—מקריב זיין דעם בכור. ער נעמט די ביקס און גייט אין דעם פאַרלאָזענעם הייזל—שיסן זיין באָק-זון. אָבער ווען ער קומט אַהין—געפינט ער אים נישט. דער דאָקטאָר, וואָס איז געקומען באַזוכן דעם מאָנסטער-האָט פאַרגעסן צו פאַרשליסן די טיר. דער באָקמענטש איז אַנטרונען.

דער „סוד” איז אַרויס אין דער ווייטער וועלט. און זי האָט זיך געביטן. עס ווערט אַ מהומה אין דאָרף. די „לאַנדלאָזע”, די בעט-לער, ציגיינער, אַלטע אַקראָבאַטן, „אַמעריקאַנער”, ד. ה. אַמאָליקע עמיגראַנטן, וואָס זענען אַוועק איבער דעם ים זוכן אַ נייע היים, נייע פרייהייטן, און זענען צוריקגעקומען, ווייל די מוטער-ערד האָט זיי צוריקגערופן—אַלע די יתומים און אָפּגעגאַרטע פון דער געזעלשאַפט האָבן זיך פאַרזאַמלט אַרום דעם דאָרף און פאַרלאַנגען ערד—ווילן אַריינגענומען ווערן אין דער „געזעלשאַפט”. זייער בענקשאַפט איז—אייגנטום. זייער פירער איז אַ סטודענט, דער אינטעלעקטועלער אָן וואָרצלען, וואָס פאַראַכט אַלע רייכע און אָרעמע, אייגנטימער און בעטלער—האַסט אַלע און זעט נישט קיין זין אין גאָרנישט—אפילו נישט אין דעם אויפשטאַנד. עס גייט אַ דעפּוטאַציע פון די בעטלער צו די פּויערים. די פירער פון דער שליחות זענען—דער „אַמעריקאַנער”, דער אַקראָבאַט טאַיטערליק און דער ייד ר׳ פייוול. זיי טענהן—זיי פאַר-לאַנגען—און די פּויערים זענען כמעט מסכים. ביז עס קומט דער עלט-סטער, דער שטאַרקסטער פון די אייגנטימער, דער „גאָספּאָדאַר” סטע-פאַן מיליטש. זיין שרעקלעכער „סוד” איז נאָר וואָס אַרויס אין דער וועלט. די חיה האָט נאָר וואָס צעריסן אירע קייטן. די חיה, וואָס האָט זיין בלוט אין אירע אָדערן. און דאָס בלוט ציגדט זיך אָן. נישט קאָמפּראָמיס—קאַמף וויל ער, מיט הינט וויל ער זיי פאַרטרייבן, מיט בייטשן אַרויסיאָגן פון דעם לאַנד. דער ענטפער פון דעם אייגנטימער, פון דעם געזעלשאַפטלעכן מענטשן אויף דער רעוואָלוציע.

און דערשראָקענע, שוין כמעט באַזיגטע גייען אַוועק די שלוחים

און בּרענגען די ידיעה צו זייערע חברים אין נויט. און זיי וואָלטן זיך זיכער אונטערגעגעבן—ווען נישט—דער באָקמענטש. דער אַלטער באַרגמענטש, דער האַלב־ווילדער „באָגאָבאָי"—דער קעמפער אַנטקעגן גאָט — ברענגט די ידיעה פון דעם באָקמענטש. און ער קרוינט דעם סטודענט יוואַן—דעם אינטעלעקטועלן—צו דעם כהן גדול, דעם משיח פון דעם בייזעם גאָט. און יוואַן געפינט מיטאַמאָל דעם זין פון און פאַר דער רעוואָלוציע. עס גייט שוין דאָ נישט אין אַ שטיקל ערד—נישט אין אייגנטום: אַ נייע וועלט זאָל געבוירן ווערן—אַ וועלט, ווו די חיה זאָל הערשן. אַ וועלט, ווו דער מענטש זאָל זיך אונטערגעבן דער נאַטור. ער פאַנגט דעם באָקמענטש, פאַרשפאַרט אים אין אַ שטייג, הינטער דעם אַלטאַר אין דער קירך—און פרייִדיקט אין זיין נאָמען—און פירט. ווילדקייט, שטורעם, דער גלוסט צו צעשטערן, די אָרגיע פון דער חיה־געוואָרענער מענטשלעכקייט צעגיסט זיך איבער דעם לאַנד. די רעוואָלוציע זיגט. אַלצדינג אַרום און אַרום איז צעשטערט. די „אייגנטימער" זענען שוין מסכּים אויף אַלע באַדינגונגען. דער גאָספּאָדאַר אַליין, מיליטש, איז גרייט נאָכצוגעבן — ער פאַרלאַנגט בלויז איינס : אַרויסגעבן דעם באָקמענטש. און ער איז זיך מודה—אַז דאָס איז זיין זון. די רעוואָלוציאָנערן פאַרוואַרפן דעם פאָרשלאַג, זיי ווילן נאָכמער קרבּנות. יוואַן פאַרלאַנגט, אַז סטאַניאַ, די שיינע און רייכע כּלה פון מירקאָ, זאָל אַריינגיין אין דער שטייג צום באָקמענטש. זי גייט. זי האָט ליב דעם רעוואָלוציאָנער. זי איז זיך מקריב. און ווען זי גייט אַריין צו דעם פאַרבאָרגענעם—דערהערט זיך אַ ווילדער, אוממענטשלעכער פרייד־געשריי—דער געזאַנג פון דעם באָק. די מיסטעריע פון דער נאַטור האָט זיך פאַרענדיקט—חיה און מענטש זענען ווידער פאַרשמאָלצן געוואָרן.

דער באָק האָט זיינס דערגרייכט. ער אַנטלויפט אויפסנייע — אין וואַלד אַריין. און מיט אים פאַרלירט די רעוואָלוציע איר אימפּעט און איר קראַפט. טערקישע סאָלדאַטן צעשמעטערן זי. די פירער אויפגעהאַנגען און דערשאָסן. און אויף דער חרוב געוואָרענער ערד—בּלייבן ווידער די צוויי אַלטע, סטעפאַן מיליטש און זיין פרוי, פריי פון אַלעמען, פון קינדער־אייגנטום, פון רעכטס און פון פליכט—אָבער אויך פריי פון דעם סוד. ווידער מענטשן. די חיה איז טויט. בּלויז איינע האָט אין זיך און טראָגט אין זיך ווייטער דעם סוד—סטאַניאַ. אין איר שויס איז פאַרבאָרגן די פרוכט פון דעם באָקמענטש, פאַר נייע דורות—פאַר קומענדיקע צייטן.



איך וויל דאָ נישט אויסטייטשן און אַרויסטייטשן. עס איז אַזוי
בולט, אַזוי קלאָר, אַזוי פּלאַסטיש מענטש אַקעגן חיה, חיה אַקעגן מענטש–
אין אונדז. דאָס איז דער „סוד”. דאָס איז דער שליסל. די גאַנצע לאַנגע
און שווערע, בלוטיקע און שיינע געשיכטע פון די מענטשן־קינדער איז
איין אייגציקער קאַמף צווישן דעם מענטשן און דער חיה. זיגט ער–
ווערט קולטור, ווערט גוטסקייט און שיינקייט. זיגט די צווייטע — רינט
בלוט, קומט צעשטערונג, הייבט די אכזריות אויף איר קאָפּ. בלויז
דער אינטעלעקט שטייט איבער זיי ביידע. שטייט און פאַרשטייט.
אָבער פאַרשטיין אַליין העלפט נישט. דער אינטעלעקט אַליין ווערט
אויך מיד — און פאַרגעסט צו פאַרשליסן די טיר צו דער חיה.
אַלע רעוואָלוציעס פון דער וועלט האָבן זיך אַזוי אָנגעהייבן. צוערשט
אַ פּשוטע, קליינע פאָדערונג. וואָס האָבן די רעוואָלוציאָנערן פון 1787
אייגנטלעך פאַרלאַנגט? נישט מער, ווי אַ בעסערע רעגירונג, אַ גערעכ־
טערע פאַרטיילונג פון אייגנטום, אַ מענטשלעכערן לעבן. אָבער באַלד
האָט זיך אַרויסגעריסן די חיה און די רעוואָלוציע האָט באַקומען אַן
אַנדער זין און ציל. דאַנטאָן האָט שוין דערפילט דעם הויך פון דער
חיה, האָט זיך געפּרוווט אַנטקעגנשטעלן. אָבער ראָבעספּיער, דער „אינ־
טעלעקטועלער”, דער כהן־גדול פון דעם באָקמענטש—האָט דערוואָרגן
דער דאַנטאָנישן פּראָטעסט. ביז די חיה האָט זיך אָנגעזעטיקט—און די
רעוואָלוציע האָט זיך איינגעשטילט. אויף אַ צייט, אויף אַ ווייל.
און באַלד—וואָס זענען פאַר דער געשיכטע הונדערט און צוואַנ־
ציק יאָר—האָט זי זיך ווידער אַרויסגעריסן פון דער שטייג—ווידער זיך
צעהוליעט—און עס איז געקומען אַ נייע רעוואָלוציע. פון קליינע מאָ־
טיוון, פון גאַנץ פּשוטע פאָדערונגען האָט זי זיך צעוואַקסן צו אַ וועלט־
פייער, און ווידער האַלט דער פייער ביים פאַרלאָשן ווערן. באַלד־באַלד
וועט עס ווידער רויק ווערן. אָבער דער פונק וועט טליען ביז צום סוף
פון די דורות.

# פראַנץ ווערפעל.

פּײַהל—דער ייד.

## III

פראַנץ ווערפעל איז אַ ייד, אַ יידישער פּאָעט, אָבער נישט קיין פּאָעט פון יידנטום און יידישקייט. עס איז אויך נישט נייטיק. יידן האָבן מיר גענוג—פּאָעטן ווייניק. מענטשן, וואָס באַציען די גאַנצע וועלט אויף דעם פּינטעלע ייד, זענען פאַראַן—אויב נישט, ווי די ברכה איז געווען—ווי זאַמד ביים ים—אָבער דאָך גענוג זאַמד. און דער בעסטער ייד, דער ייד, וואָס פאָלגט דעם רוף פון זיין בלוט, וואָס דערפילט די שליחות פון דעם יידנטום, איז אָפט גראָד דער, וואָס לאָזט זיך ווייניק הערן אויף דער יידישער גאַס, וואָס מישט זיך ווייניק אין יידישן לעבן, וואָס שטעקט נישט ראשו ורובו אין יידישע אינטערעסן, נאָר, פאַרקערט, גייט צו דער גרויסער, ברייטער וועלט און זאָגט דאָרט דאָס, וואָס זיין יידישע ירושה האָט אים פאַרזאָגט. פאַר דעם פּינטעלע ייד איז זיך נישטאָ וואָס צו זאָרגן. עס פאַרשווינדט סיי ווי סיי נישט. עס ווערט בלויז דאָס „יידישע פּינטעלע". אַ פּינטעלע איז אַ קראַפטצענטער, איז אַן ענערגיע-קוואַל, אָבער אַ צענטער איז נאָך נישט קיין קרייז. און דאָס איז דאָך די גרויסע מאַטערניש פון דעם מאָדערנעם יידן—ער קאָן נישט אָנפילן זיין קרייז מיט יידישן אינהאַלט.

ער דאַרף עס אויך גאָרנישט. און אַז מען קאָן זיין ביידע, יידיש-פאַרוואָרצלט און מענטשלעך-פאַרצווייגט, אפילו אין אונדזער נאַציאָנאַליסטישער, צעשפּאָלטענער צייט, באַווייזט דער פּאָעט ווערפעל, און דווקא אין זיין דראַמע פון דער רעוואָלוציע. צום ערשטן מאָל

האָט ער אַריינגעפירט אַ יידישן טיפּ, אַריינגעשטעלט דעם יידן אין דעם גרויסן וועלט-געשיכטלעכן פּראָצעס, און אָנגעוויזן אים זיין אָרט און זיין פונקציע.

עס איז די פיגור פון ר׳ פייוול—אין דעם „באַקגעזאַנג״.

ר׳ פייוול איז אַ גאַנץ געוויינלעכער ייד. אַ סוחר, אַ פּעדלער. ער גייט אַרום איבער די דערפער און פאַרקויפט צו די פּויערים אַלצ-דינג, וואָס זיי דאַרפן. ער איז דער פאַרמיטלער צווישן שטאָט און דאָרף. ער לייענט צייטונגען, ווייסט, וואָס עס טוט זיך אין ווין, אין פּאַריז, און וואָס ער ווייסט, דערציילט ער די פּויערים. ער איז זיי מצרף צו דער וועלט. ער פאַרייניקט מענטש און מענטש, לאַנד און לאַנד. אָט ווייסט ער—און דערציילט, אַז אין פּאַריז איז אויסגעבראָכן אַ רעוואָלוציע, אַז דאָרט האָט מען דעם קעניג אָפּגעהאַקט דעם קאָפּ. ער ווייסט אָבער אויך, אַז אין ווין איז דאָ אַ קייזער, און וואָס ער טוט און דענקט. ער האָט רעספּעקט פאַר זיין קייזער, אָבער אויך פאַר די קעניג־מערדער אין פּאַריז. ער פאַרשטייט זיי ביידע—און ביי-דע גייען זיי אים נישט אָן.

עס פאַרשטייט זיך, אַז פון אַלע „רעכטלאָזע״ און „לאַנדלאָזע״ איז ער דער רעכטלאָזעסטער. ער, וואָס איז געבוירן געוואָרן אויף דער סערביש-אונגאַרישער ערד, צווישן די פּויערים, און נישט נאָר ער, נאָר זיין טאַטע און זיין זיידע און זיין עלטער-עלטער-זיידע—האָט נאָך ווייניקער רעכט, ווי דער ציגיינער, וואָס איז געקומען ווער ווייסט פונוואַנען, גייט גאָט ווייסט וווהין, האָט נישט קיין שום באַציונג צו קיין שום ערד און צו קיין שום ישוב.

ר׳ פייוול שליסט זיך אָן צו די „רעוואָלוציאָנערן״. ער גייט אַלס אַ פאַרטרעטער צו די פּויערים. ער איז זייער „גענעראַל-רעדנער״. און ווען עס קומט צו דער רעוואָלוציע, ווען דערווילדער אויפשטאַנד צעפלאַקערט זיך, ווערט ער אַ פאָלקס-טריבון, אַ „גענעראַל״. אָבער די רעוואָלוציע ווערט אים באַלד פרעמד. ער טוט מיט, אָבער נאָר ווייל ער מוז, ווייל ער ווערט אַריינגעשלעפּט פון דער כוואַליע. אים אַליין איז דאָס פיינלעך, אים איז עס דערווידער.

„מען פאַרגיסט מענטשלעך בלוט״. דאָס קאָן ער נישט פאַרטראָגן. יושר, גערעכטיקייט, שכל, אָרדענונג—דאָס פאַרשטייט ער. ער פריי-דיקט עס אויף זיין אופן, מיט הויכע ווערטער, מיט „געבילדעטע״

ווערטער. אָבער בלוט, אָבער אכזריות, אָבער חיה—דאָ שטעלט זיך דער ייד אָפּ.

די רעוואָלוציאָנערן באַמערקן עס. זיי זעען, אַז דער ייד וויל נישט און קאָן נישט גיין זייער וועג. „ווייסטו פאַרוואָס דער ייד ווערט באַטראַכט פאַר דעם נידעריקסטן צווישן מענטשן?"—פרעגט אים דער פירער פון דער רעוואָלוציע, יוואַן.—„ווייס איך, עס זענען דאָ אַ סך מיינונגען"—ענטפערט פּייוול. און יוואַן זאָגט אים זיין מיינונג: „ווייל דער ייד האָט נישט קיין דאָרשט נאָך בלוט". „אַזוי גאָר?"—וווּנדערט זיך פּייוול.—„און איך האָב געמיינט, אַז גראָד דערפאַר זענען מיר די אויסגעקליבענע". צוויי שטאַנדפּונקטן, צוויי וועלט-אָנשווונגען, וואָס קאָנען זיך גאָרנישט צונויפקומען. פון איין זייט — די ריינע מענטשלעכקייט, די גרויסע ליבע צום לעבן—און דאָס מיינט צו יעדער באַשעפעניש, און מער פון אַלע—אין דעם מיטלפּונקט פון אַלצדינג—די ליבע צום מענטשן; פון דער צווייטער—האַס, בלוט-דאָרשט.

קין און הבל. די אַלטע, אייביקע שפּאַלטונג. די גרויסע מחלוקת, וואָס גייט אָן אין דער וועלט פון זינט דער ערשטער מענטשן-ישוב האָט זיך געבילדעט אויף דער ערד.

די רעוואָלוציע פאַרענדיקט זיך. אַלע פירער פאַלן. בלויז דער ייד בלייבט. און ווידער נעמט ער דאָס פּעקל אויף די פּלייצעס און גייט צווישן די דערפער פאַרקויפן די מענטשן פון דער ערד, וואָס די ערד האָט באַשאַפן, און וואָס מענטשן-הענט האָבן באַאַרבעט. אַלצדינג האָט ער אין זיין פּעקל: „זאַלב פאַר וווּנדן, טשוועקעס פאַר ווענט, און אפילו איקאָנעס". אַלצדינג, וואָס אַ מענטשן-האַרץ פאַרלאַנגט:ווירקלעכקייטן און פאַנטאַזיעס, זאַכן און סימבאָלן. און ווען די פויערטע, וואָס זיצט אויף דער שוועל פון איר אָפּגעברענטן, חרוב-געוואָרענעם הויז, פרעגט אים: „זענט איר דען, פּייוול, נישט געווען איינער פון די פירער פון דעם אויפשטאַנד?"—וווּנדערט זיך פּייוול: „איך?—ווי קום איך צו אַן אויפשטאַנד? איך קאָן שיין רעדן, איך פאַרשטיי פּאָליטיק, דהאָט מען מיך געבעטן, איך זאָל האַלטן אַ רעדע. און בכלל, איך בין קיינמאָל נישט אינמיטן, איך בין תמיד אינדרויסן".

און ער נעמט ווייטער זיין פּעקל אויף די פּלייצעס און גייט זיך זיין וועג. וווּהין? ווער ווייסט? קויפן, פאַרקויפן, זיין דער אייביקער פאַרמיטלער צווישן פרעמדע, צונויפברענגען ווייטע—און אַליין

בלייבן אַ פּרעמדער, אַ ווייטער, קיינמאָל נישט „אינמיטן", תּמיד „אינ־דרויסן".

* * *

דאָס איז זיך פּראָבלעם פון דעם „אייביקן יידן". אַלע פּאָעטן האָבן זיך געפּרוווט בייצוקומען אים. קיינעם איז עס ביז אַהער נישט געראָטן. די פראַגע איז: פאַרוואָס איז דער ייד אַ פרעמדער? פאַרוואָס שטייט ער תּמיד איבער דעם לעבן, נישט אין דעם לעבן? פאַרוואָס איז ער שטענדיק דער ווייטיקער? און מען האָט אים פיינט דערפאַר. אַ ווייטיקער איז אַ קילער. ער איז אויך אַ זעער. ער זעט צופיל. ער ווייסט מער, ווי מען דאַרף. ער פאַרשטייט אַלע, פילט מיט אַלע און נעמט נישט פאַר קיינעם. און ער בלייבט. נישט אומזיסט רופן די אַלטע קריסטלעכע טעאָלאָגן דעם יידן „דער עדות". ער איז אַן עדות פאַר אַלצדינג. ער האָט געזען די ערד, ווען זי איז נאָך געווען יונג—און איז שוין דעמאָלט געווען אַלט און קלוג. ער זעט זי, ווען זי איז אַלט—און אַליין איז ער גאָרנישט עלטער. ווען מען לייענט אין די אַלטע מדרשים די געשפרעכן, וואָס עס האָבן געפירט די רוי־מער—אַדריאַנוס, טראַיאַנוס, אַנטאָנינוס—מיט די יידישע חכמים, וווּנ־דערט מען זיך איבער דעם טאָן, וואָס ענדערט זיך נישט. פונקט אַזוי ווי די אַלטע חכמים אין טורבאַנען און אָריענטאַלישע כאַלאַטן האָבן געענטפערט די רוימישע מאָנאַרכן, וואָלט געקאָנט הייַנט ענטפערן אַ יידישער דענקער אָדער דיפּלאָמאַט אין פראַק און צילינדער אַ קריסט־לעכן קעניג, אָדער פרעזידענט אָדער פאָלקספירער. די אייגענע קיל־קייט און פרעמדקייט, דער אייגענער ביטול אין די אויגן און דער שמייכל פון פאַרשטיין אויף די ליפּן.

און פאַר דעם שמייכל האָט מען אונדז פיינט. ווייל אַנטקעגן אים קאָן מען גאָרנישט קעמפן. אין גרונט פילט דאָך יעדער מענטש, אַז ער איז נישט אינגאַנצן גערעכט. אפילו ווען ער מיינט, גלויבט און זאָגט, אַז ער האָט מאָנאָפּאָליזירט דעם גאַנצן יושר. און ווען איינער האָט אויפגעבויט אַ סיסטעם, ווי אַזוי צו פאַרשטיין די וועלט, ווייסט ער דאָך מער פון אַלע, בעסער פון אַלע, ווי ווייניק ער פאַרשטייט זיין אייגענעם געדאַנק. אָבער ער גשווינט זיין צוטרוי און זיין פעסט־

קייט אין דעם קאַמף מיט און אַנטקעגן אַנדערע. ווילן אַנטקעגן ווילן, שיטה אַנטקעגן שיטה.

אָבער ווען איינער דיסקוטירט גאָרנישט, שפּאַרט זיך נישט, שמייכלט בלויז, קריטיקירט מיט זיין אויג, איז מבטל מיט אַ דהאַנט־באַוועגונג? עס איז גענוג איין קוק, כּדי צוצושטערן די גאַנצע זי־כערקייט, וואָס מען האָט אַזוי ביטער, מיט אַזויפיל מי זיך דערוואָרבן.

און דאָס טוט דער ייד, ווען ער איז טריי צו זיך אַליין, ווען ער וויל נישט בלויז זיך צופּאַסן. דערפאַר האָט מען אַזוי פיינט געהאַט הייבען אין דייטשלאַנד. ער האָט גאָרנישט געטאָן, אַחוץ שמייכלען. ער האָט בלויז געצויגן די אַקסלען. דייטשע ראָמאַנטיק, קייזער, קירך, בלויער הימל, זילבערנע לבנה, ביר, טרייע ליבע, הייליקע איזעאַלן. היינע האָט אַ קוק געטאָן אויף דעם אַלעם מיט אַזאַ איראָניע, אַז דער גאַנצער קאָרטן־בנין איז צעפאַלן געוואָרן. ער איז געווען דער טיפּישער „אייביקער ייד", וואָס גייט אַרום אויף די חורבות פון דער געשיכטע.

מען דאַרף בלויז נישט מאָלן טראַגיש דעם „אייביקן יידן". מען דאַרף זיך גאָרנישט אויסמאָלן, ווי עס טוען די קריסטן און אויך די יידישע נאַציאָנאַליסטן, אַז „אַהאַסווער" איז מיד, וויל זיך אָפּרוען, בענקט נאָך אַ בירגערלעכן „געזונטן", „נאָרמאַלן" לעבן, ווי דער כּריתי און דער פּליתי. מען דאַרף נישט מיינען, אַז דער ייד וויל שטאַרבן.

איך האָב ערשט נישט לאַנג געלייענט אַ נייעם „אַהאַסווער", פון אַ זייער גייסטרייכן—אָדער ניין, מער—פון אַ גייסטפולן פראַנצויזישן שרייבער, האַן רינער (אַ פּסעוודאָנים פון אַ שרייבער, וואָס איז לויט זיין פּנים, זיין הדרת־פּנים—אַ ייד). אַהאַסווער גייט אַרום איבער דער געשיכטע, טרעפט זיך מיט אַלע פאָרטרעטער פון דעם מענטשלעכן גייסט, מיט סענעקאַ, דעם רוימישן סטאָיקער; מיט דעקאַרטן, מיט קאַנטן, מיט גאַליליי, מיט מאָנטן; קומט צו יעדן אין זיין לעצטער שעה, אין דער שעה פון דער גרויסער אויפריכטיקייט, און צעשטערט אַלע אילוזיעס און רייסט אַראָפּ די מאַסקע פון דעם עבעדיקן, איידער דער טויט טוט אָן די לעצטע מאַסקע אויף דעם מענטשן.

אָבער וואָס וויל דערדאָזיקער אַהאַסווער? צוליב וואָס גייט ער אַרום אויף דער וועלט? וואָס איז דער זין פון זיין לעבן? און דער דיכטער—אָדער דענקער—ענטפערט אונדז מיט דעם אַלטן פרעגער: ער

זוכט דעם טויט. ער וויל אויך שטאַרבן—און קאָן נישט. זיין טראַגעדיע איז, וואָס ער מוז לעבן.

דאָ בין איך שוין מסכים מיט פראַנץ ווערפעלס ר׳ פּייוול. ער איז אויך אַן אַהאַסווער. אָבער אָן שום טראַגעדיע. ער וויל גאָרנישט שטאַרבן. ער טראַכט גאָרנישט פון טויט. פאַרוואָס עפּעס שטאַרבן? פאַרוואָס זאָל דער ייד זיין מיד פון וואַנדערן און פון טראָגן דעם פּעקל, און פון לעבן?

מיר זענען נאָך יונג, מיר האָבן נאָך נישט אויסגעשעפּט אונדזער קוואַל. מיר האָבן נאָך כּוח—פּיזישן און גייסטיקן. גריכנלאַנד איז געשטאָרבען. רוים איז טויט. מצרים, כנען, א. אַ. וו. מילא, איז דאָס זייער אומגליק, אָדער זייער שולד. זיי האָבן פּשוט נישט געוווּסט ווי צו לעבן. זיי האָבן געוואָלט זיצן אויף איין אָרט—און געניסן—און דער אָרגאַניזם איז דערביי צו גרונט געגאַנגען. יידן זענען אַ יונג פאָלק. ווייל דער יידישער באַגריף פון אַלטקייט איז גאָר אַן אַנדערער. יידן האָבן באַשאַפן די מתושלח-לעגענדע. דער יידישער אידעאַל איז—„אריכות ימים”, נישט ווייניקער ווי הונדערט און צוואַנציק יאָר. דער אידעאַל פון דער נישט-יידישער וועלט (דער גריכישער) איז געווען—שטאַרבן יונג, שטאַרבן אין שיינקייט. דער לעצטער „אַריער”, וואָס האָט אויסגעדריקט דעמדאָזיקן אַלטן סאָלדאַטן-אידעאַל, איז געווען איבסען. זיי שטאַרבן אַלע ביי אים יונג—די שיינע און די גוטע. ווייל ביי אים, ווי ביי דער גאַנצער נישט-יידישער וועלט, איז לעבן—קעמפן און זיגן. לעבן—כּוח. דאָס איז זייער פאָרמולע.

לעבן—חכמה, שטעלט אַנטקעגן דער ייד. און חכמה מיינט רייפקייט. און צו רייפקייט דאַרף מען האָבן צייט, פיל, פיל צייט. מתושלחס יאָרן—און די קלעקן אויך נישט.

שאָו איז אויף זיין אופן אויך דערגאַנגען צו דעם מתושלח-אידעאַל, אָבער דער גריכישער אינסטינקט אין אים האָט אים אין לעצטן מאָמענט אָפּגעהאַלטן. אמת, ער לייקנט דעם באַגריף יוגנט און כּוח; אמת, ער שטעלט אויך אַוועק חכמה אויף דעם פּעדעסטאַל, אָבער זיינע „זקנים”, זיינע חכמים זענען אויסגעטריקנטע, פאַרמעטענע, אויסגעדאַרטע סקעלעטן מיט מוח—דענק-מאַשינען, אָן מענטשלעכע באַציונגען.

אַזאַ מתושלח איז נישט אינטערעסאַנט און עס איז נישט כדאי אַזוי לאַנג צו לעבן, כדי צו ווערן אַ מומיע, וואָס גייט אַרום.

אויב שוין מתושלח, איז שוין בעסער ווי ר׳ פּייוול פריילעך,

מונטער, לעבעדיק און געזונט. אַלט און יונג אינאיינעם. מער יונג ווי אַלט, ווייל אַלטקייט, אַלטקייט—ווי האָט אַמאָל געזאָגט סטרינדבערג: אַלטקייט איז בלויז אַ פּאָראורטייל.

און דאָס איז דער גרויסער סוד פון דער יידישער לעבנסקראַפט. מיר האָבן נישט קיין פּאָראורטייל, דערפאַר קאָנען מיר האָבן אורטייל. און דערפאַר האָט די וועלט אַזוי מורא פאַר אונדז—זי האָט מורא פאַר אונדזער אורטייל און פאַר אונדזער גזר־דין.

# פערדינאנד לאסאל.

טריער און ברעסלוי, טריער—איינע פון די עלטסטע שטעט פון דייטשלאַנד, פון איירָאפּע. אַלטע שמאָלע גאַסן. דער שאָטן פון דעם מיטלאַלטער איבער אַלע הייזער. זכרונות פון אַמאָל: קאַרל דער גרויסער, די דייטשע פּאַלאַטינען, נאַפּאָלעאָן, און „אין אָװענטזונשײן פינקלט דער ריין.״

אַ בריק צווישן דייטשלאַנד און פראַנקרייך, אַ שוועל צווישן צוויי קולטורן: דער גערמאַנישער און דער לאַטײנישער. און מען ווייסט דאָרט נישט,—אפילו הײַנט נישט—וואָס איז שטאַרקער: דער דייטשער, צי דער פראַנצויזישער גייסט.

און אַלט ווי די שטאָט—זענען אויך די יידן. רש״יס נאָמען באַשיינט זי. געקניפּט און געבונדן מיט אַלט-יידישער רוחניות, איינגעבעט אין אַ שטימונג, וואָס איז כמעט אומפאַרשטענדלעך. יידן מיט גרייזגרויע, מידע, אַריסטאָקראַטישע נשמות. און דאָרט—אַ ייד, דער יורש פון אַ לאַנגער קייט פון לומדים, רבנים, אַריסטאָקראַטן, אַ יידישע נשמה, וואָס איז אַזוי זאַט געוואָרן פון זיך אַליין, אַז זי האָט איר פולקייט און רייכקייט געמוזט אָפּגעבן דער גאַנצער וועלט: קאַרל מאַרקס.

און ברעסלוי, נאָך הײַנט אַ שטאַרק סלאַווישע שטאָט. נאָך הײַנט מיט דעם פּוילישן, קוים פאַרדייטשטן נאָמען. נאָך הײַנט אַ טויער צום מזרח פון איירָאפּע, צו דעם סלאַווישן, אומרויקן, באַאומרויקנדיקן,

גייסטיק-אָרעמען, עמאַציאָנעל-רייכן און היסטערישן מזרח.

היינט—און מיט הונדערט יאָר צוריק נאָך כמעט אינגאַנצן מזרח-אייראָפּעיש, נאָך נישט אייראָפּעיזירט. האַלב פּוילן. די יידן פון ברעסלוי זענען אויך אַזוי געווען: האַלב-פּויליש. צווישן דעם דייטשן יידנטום און דעם מזרח-אייראָפּעישן, האַלב און האַלב—נישט אַהין און נישט אַהער. דער ייד האָט דאָרט נאָך געפילט דעם פּראָצעס פון אַסימילאַציע. ער איז נאָך געווען צו נאָנט צום קוואַל.

און דאָרט—אין דעם הויז פון אַ פּשוטן ברעסלויער יידישן סוחר—חיים (היימאַן) לאַסאַל, אַ נאָמען, וואָס איז אייגנטלעך נישט מער ווי אַ פאַרדרייונג פון דעם יידישן „לייזער", ווערט געבוירן אַ קינד, וואָס באַקומט דריי אור-דייטשע נעמען: פערדינאַנד, יאָאַן, גאָטליב. דער „יידישער" נאָמען, אַזוי צו זאָגן, איז פערדינאַנד. יאָאַן-גאָטליב איז אַ פאַרפּוצונג. מען זעט קלאָר נאָך זיי, וואָס די עלטערן דהאָבן געוואָלט. דער פאָטער, דער „משכיל", האָט געוואָלט דערמיט אָפּגעבן כבוד די העלדן פון דער דאַמאָלסדיקער דייטשלאַנד. יאָאַן-גאָטליב פיכטע, דעם פילאָזאָף פון דעם דייטשן אידעאַליזם, דעם פריידיקער פון דער דייטשער פרייהייט, פון די „רעדן צו דער דייטשער נאַציע".

צוקאָפּנס פון לאַסאַלס וויג איז געשטאַנען—פיכטע. און איז אים נאָכגעגאַנגען דעם גאַנצן לעבן, אַרויפגעלייגט זיין חותם אויף אים. דער דייטשער פּראָטעסטאַנטיש-אַטעיסטישער פילאָזאָף און טריבון האָט געמאַכט פאַר זיין יורש און צוואה-דערפילער דעם יונגן יידן פון ברעסלוי, דעם זון פון חיים לאַסאַל,—פערדינאַנד.

באַוווסטזיניק אָדער אומבאַוווסט פאַר אים אַליין, איז ער נאָכגעגאַנגען פיכטען אויף אַלע זיינע וועגן. און נישט בלויז אין זיין פילאָזאָפיע, נישט בלויז אין זיין אויפפאַסונג פון וועלט און מענטשן, פון דער געשיכטע און די סאָציאַלע פראַגן, נאָר אויך אין דעם הויפּט-פּונקט: אין דעם „איך".

די גאַנצע פילאָזאָפיע פון פיכטע, פון דעם דייטשן אידעאַליזם—און פון יעדן אידעאַליזם בכלל—דרייט זיך אַרום דעם איין און איינציקן יסוד—„איך". דאָס, וואָס קאַנט האָט אָנגערופן דאָס „דינג אַן זיך", אָט די סודותדיקע, באַהאַלטענע קראַפט, אָדער תוך, וואָס איז הינטער אַלע דערשיינונגען, דאָס, וואָס העגעל האָט דערנאָך אויסגעטייטשט אַלס דער „וועלטגייסט", אָדער שאָפּענהויער אַלס דער „ווילן"—האָט יאָאַן-גאָטליב פיכטע אָנגערופן „איך". לאָז זיין אפילו, אַז ער האָט געמיינט

דערמיט דעם „אַבסאָלוטן איך"—גאָט אַלס שעפערישער צענטער, אַלס די פערזענלעכקייט פון דער וועלט. פון דעם גאָט־איך איז נאָך אַראָפּ־געפאַלן מער ווי גענוג אויף דעם חלק פון דעם מענטשן. און פון דעם אַבסאָלוטן „איך"—צום רעלאַטיוון, צום מענטשלעכן, צו דעם „איך", וואָס האָט אַ גוף, וואָס לעבט און לאַכט און דענקט און וויל—איז בלויז איין שריט. און וואָס פאַר אַ וואונדער, וואָס פערדינאַנד לאַסאַל האָט זיך פון דער יוגנט אָן געפילט צוגעצויגן, ווי מיט אַ מאַגנעט, צו דער פילאָזאָפיע פון דעם גרויסן דייטשן אידעאַליסט? ער האָט געפילט אין אים נישט בלויז זיין גייסטיקן פאָטער — ער האָט געפילט אויך אַ באַרעכטיקונג פאַר זיך, פאַר זיינע אומגעהייערע אַמביציעס, פאַר זיין הימל־קלעטערדיקן טעמפעראַמענט.

נאָך אַלס יינגל שרייבט לאַסאַל אַריין אין זיין טאָגבוך: „זאָל איך זיין קלוג, זאָל איך זיין גוט און לייטיש אין מיין לעבן?.. אָבער ניין, איך וויל פריידיקן די פרייהייט צו די פעלקער, און אפילו ווען אַזאַ פאַרזוך זאָל מיר קאָסטן דאָס לעבן. איך שווער עס ביי גאָט אונטערן שטערן — און איך זאָל זיין פאַרשאָלטן, אויב איך וועל ווערן אומטריי צו מיין שבועה".

קינדיש, ענטוזיאַסטיש, איבערטריבן. געוויס, אָבער אין דידאָזיקע קינדישע שבועות ליגט דער שליסל צו דער גאַנצער רייכער, מערקווירדיקער פערזענלעכקייט פון לאַסאַל. „איך"—און „פרייהייט"—אָט די צוויי ווערטער זענען געוואָרן זיינע לייט־מאָטיוון. זיי האָבן אויסגעפילט זיין לעבן. זיי האָבן אָפּט—אַנטקעגן זיין אייגענעם ווילן — דיקטירט זיינע מעשים.

קוים צוואַנציק יאָר אַלט, וואַרפט זיך פערדינאַנד לאַסאַל אַריין אין אַ פּראָצעס, וואָס האָט צו אים נישט געהאַט קיין שום שייכות. אַ דייטשע גרעפין, האַצפעלדט, האָט געהאַט אַ בייז לעבן מיט איר מאַן. זי האָט זיך געוואָלט שיידן פון אים. דער מאַן און זיין פאַמיליע האָבן נישט צוגעלאָזט.

לאַסאַל טרעפט זיך, ביי באַקאַנטע, מיט דער גרעפין, און מיטאַמאָל ווערט ער איר ריטער, פירט אירע פּראָצעסן, דערהייבט אַ פּריוואַט־זאַך צו אַ נאַציאָנאַלער אָנגעלעגנהייט, מאַכט אַ רושם אין דייטשלאַנד—און געווינט.

קיינער ווייסט נישט אַקוראַט, פאַרוואָס ער האָט עס געטאָן. מען האָט גערעדט פון ליבע. זיכער, דער מאָטיוו האָט אויך נישט געפעלט.

די פּערציקיעריקע גרעפין איז געווען שיין און האָט געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק אויף דעם צוואַנציק־יאָריקן יידן. אָבער ליבע אַליין איז נאָך נישט די גאַנצע דערקלערונג. עס איז געווען מער ווי דער „זי"־מאָטיוו, וואָס האָט געצווונגען דערצו. לאַסאַל האָט זיך מיטאַמאָל אויסגעמאָלט די מערקווירדיקע סיטואַציע: ער, אַ ייד, ווערט דער פּאַרטיידיקער פון אַ דייטשער גרעפין. ער גייט אַריין אין קאַמף אַנטקעגן דער דייטשער אַריסטאָקראַטיע. ביזאַהער האָט דער דייטשער אידעאַליסט זיך אָנגענומען פאַר דעם יידן—לאַסאַל דרייט אום דעם שפּיז: דער יידישער אידעאַליסט נעמט זיך אָן פאַר דייטשלאַנד — פאַר דעם כבוד פון דער דייטשער פרוי, פאַר דער דייטשער גערעכטיקייט.

ער האָט אָפּגעשאַצט די סיטואַציע. און האָט זי אָנגענומען. זיין אינסטינקט האָט אים נישט אָפּגענאַרט. אָן דעם האַצפעלדט־פּראָצעס וואָלט לאַסאַל קיינמאָל נישט געוואָרן קיין ראָמאַנטישע פיגור אין דייטשלאַנד, נישט קוקנדיק אויף אַלע זיינע טאַלאַנטן. ער וואָלט זיכער געוואָרן אַ געלערנטער, אַ פּובליציסט, אָבער דאָס אַליין וואָלט אים נישט געגעבן דעם אייגנאַרטיקן, פּערזענלעכן פּרעסטיזש, וואָס ער האָט געהאַט—און וואָס ער האָט עד היום.

יעדער גרויסער מענטש מוז האָבן אַ לעגענדע אַרום זיך. מאַרקס האָט זי נישט געהאַט—און דערפאַר איז זיין זיג געווען אַזוי לאַנגזאַם, אַזוי שווער, אַזוי אומפּערזענלעך. נישט מאַרקס—דער מאַרקסיזם איז געוואָרן אַ צענטער. אָבער קאָן מען רעדן פון לאַסאַליזם! איז דאָ אַ שיטה, וואָס זאָל זיין פאַרבונדן מיט אים, אַ וויזיע, וואָס זאָל זיין פאַרוואַקסן מיט זיין נאָמען? עס איז דאָ בלויז אַ ביישפּיל און אַ שטימונג. עס איז דאָ אַ פּערזאָן: לאַסאַל.

און דאָס איז טאַקע זיין היסטאָרישע גרויסקייט. ער איז געווען דער ערשטער דייטשער—און אפשר נישט בלויז דייטשער—ראַדיקאַלער, רעוואָלוציאָנער פּאָליטיקער, וואָס האָט געהאַט פּערזענלעכקייט. נאָכמער, ער איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט אַריינגעוואָרפן זיין יידישן טעמפּעראַמענט, זיין יידישן „איך" אין דער וואָגשאָל פון דער געשיכטע. און נאָך וואָס פאַר אַ יידישן „איך"! נישט דעם שווער־בלוטיקן—דורך און דורך שכלדיקן פון דעם טריער מאַרקס—נאָר דעם מיסטיש אָנגעהייצטן, יונגן, סטעפּן־ברייטן, מזרח־אייראָפּעישן יידישן „איך". עס איז דער ערשטער „אָסט־יודע", וואָס האָט געמאַכט וועלט־געשיכטע.

ער איז געווען פרעמדער דעם דייטשן גייסט, ווי מאַרקס. די

דייטשע באַציִונג צו סאָציאַלע פראַגען דריקט זיך אויס אפשר בעסער, ווי אומעטום — אין די ווערטער פון גוסטאַוו שמאָלער: „דער גייסט פון סאָציאַלער גערעכטיקייט מוז שליסן קאָמפּראָמיסן מיט דער האַרטער נויטווענדיקייט פון די פּעסטע, שטאַרקע רעגירונגען." אמת—סאָציאַלע גערעכטיקייט—עס איז טאַקע אַ גוטע זאַך, און טעאָרעטיש זייער קלאָר, אָבער די רעגירונגען, די פּאָליציי זענען אויך פאַקטן, און אויף זייער קלאָרע. און מען מוז זיך מיט זיי רעכענען. מאַרקס, מיט זיין גאַנצן רעוואָלוציאָנערן סאָציאַליזם—האָט אויך אָנערקענט די האַרטע פאַקטן, און האָט דערפאַר—אין דייטשן גייסט—געפּריידיקט דעם „וויסנשאַפט-לעכן", דעם נישט-רעוואָלוציאָנערן סאָציאַליזם.

לאַסאַל, אָבער, האָט נישט געוואָלט מאַכן קיין קאָמפּראָמיסן. די רעגירונגען האָבן מאַכט—דאַרף מען זי ברעכן. מוז מען קעמפן! דאָס איז געווען זיין וואָרט, זיין לאָזונג: „אויב איך קאָן נישט בויגן די געטער, וועל איך באַוועגן דעם גיהנום."

און ער האָט עס געטאָן. ער האָט דער ערשטער געשאַפן פון דער טעאָרעטישער, דייטש-געמיטלעכער אַרבעטערבאַוועגונג אַן אַרבעט-טער-פּאַרטיי. ער האָט געשאַפן—נישט דעם סאָציאַליזם—אָבער די סאָ-ציאַל-דעמאָקראַטישע פּאַרטיי. ער האָט אַוועקגעשטעלט נישט קיין טע-אָריע אַנטקעגן אַ פאַקט, נאָר אַ פאַקט אַנטקעגן אַ פאַקט. די אַרבעטער-פּאַרטיי אַנטקעגן דער הערשנדיקער אָרדענונג—און זיך אַנטקעגן טראָגן און ביסמאַרק.

אָבער פרעמד ווי ער איז געווען צו דעם דייטשן גייסט אין תוך, איז ער אָבער געווען אויך נעענטער צו אים אין דער פאָרם. ער האָט גערעדט צו די דייטשן נישט אין דער שווערער, קוים פאַרשטענדלע-כער, האַלב-אויסלענדישער שפּראַך פון מאַרקס. ער האָט גערעדט צו דעם דייטשן פאָלק אין אַזאַ וווּנדערשיינעם, טעמפּעראַמענטפולן, פאַרבנ-רייכן דייטש, ווי דייטשלאַנד האָט זעלטן געהערט. דער געבוירענער פאָלקסרעדנער, אַגיטאַטאָר, מאַסנבאַצווינגער און הערשער, האָט ער פאַרשטאַנען די קונסט צו שפּילן אויף אַלע אָראַטאָרישע אינסטרומענטן: געלערנט, ווו מען דאַרף, איראָניש, ליידנשאַפטלעך און תּמיד פעריזענ-לעך.

עס האָט נישט גערעדט אַ בוך צו מענטשן—אַ מענטש האָט צו זיי גערעדט. אַ שיינער מאַן מיט אַ יידישן פּנים און אַ גריכישן פּראָ-פיל. שיין, קלוג, רייך—און מוטיק.

ביסמאַרק האָט דערפילט, אַז ער האָט געפונען זיינס גלייכן; די דייטשע אַרבעטערשאַפט האָט אַנטדעקט אין אים דעם פירער און מייסטער. די דייטשע אינטעליגענץ — איר ראָמאַנטישן העלד.

* * *

ווען מען בלעטערט אין לאַסאַלס שריפטן — און ספּעציעל אין די פינף בענדער בריוו און שריפטן, וואָס זענען נאָר וואָס אַרויס־געגעבן געוואָרן פון גוסטאַוו מאַיער, ווערט מען ממש נשתומם פון דער אומגעהויערער רייכקייט פון לאַסאַלס גייסט. וואָס האָט ער נישט געוווסט! מיט וואָס האָט ער זיך נישט אינטערעסירט! פּאָליטיק, ליטעראַטור, פילאָזאָפיע, קונסט — אַלצדינג האָט געלעבט אין דערדאָזיקער. מער־קווירדיקער, ברויזנדיקער נשמה. ער האָט געקאָנט די בעסטע און גרעסטע מענטשן פון זיין צייט; ער האָט קאָרעספּאָנדירט מיט די גרעסטע פּאָליטיקער, מוזיקער, סאָציאַל־רעפאָרמער. ער האָט אומעטום געהאַט פריינט, און אַלע האָבן זיך פאַרנויגט פאַר אים. און דאָך פילט מען, אַז עפּעס פעלט. עס איז צופיל גלאַנץ, צופיל ראָמאַנטיק, צופיל „איך". מען פילט, אַז לאַסאַל האָט צופיל געוווסט פון זיין אייגענער גרויסקייט — און ווי ראָמען ראָלאַן זאָגט אין איינער פון זיינע דראַמען: „דער סוד פון גרויסקייט איז — נישט וויסן פון איר".

* * *

און מען קאָן פאַרשטיין, פאַרוואָס מאַרקס, דער עלטערער, און אין תוך, פייערדיקערער, האָט סוף כל סוף געבראָכן זיין פריינטשאַפט מיט דעם יינגערן מיטקעמפער. פיר יאָר נאָך לאַסאַלס טויט האָט

מאַרקס געשריבן צו דעם באַקאַנטן סאָציאַליסט שווייצער: „ער, לאַסאַל, האָט געגעבן זיין אַגיטאַציע אַ רעליגיעזן נשמה־כאַראַקטער, ווי יעדער מענטש, וואָס גלויבט, אַז ער האָט אין דער קעשענע אַ פּאַרטיקע רפואה פאַר דער סאָציאַלער פּראַגע".

מאַרקס האָט דאָ אַרויסגעזאָגט דעם בעסטן געדאַנק איבער לאַסאַלן. דעם בעסטן, וואָס איז ווען עס איז געזאָגט געוואָרן וועגן אים. עס איז געווען אַ „רעליגיעזע" אַגיטאַציע. ווייל לאַסאַל איז אין עצם געווען אַ „רעליגיעזע" נאַטור, מיט אַלע מעלות און אַלע פעלערן, מיט אַלע שוואַכקייטן און אַלע הערלעכקייטן פון אַ רעליגיעזן מענטשן. אַ שטאַרקער גלויבן — אַ גלויבן, וואָס לאָזט נישט צו קיין ספקות און וואָס קאָן דערפאַר אויפרייסן בערג; אַ פערזענלעכ־קייט, וואָס איז דורכגעדרונגען מיט דעם געפיל פון איר אויסגע־קליבן זיין, פון איר שליחות, אַ נשמה, וואָס ברענט, און אַפילו זיינע באַציונגען צום לעבן, צו פרויען, איז געווען די פון אַ רעליגיעזן עקסטאַטיקער. עס איז מער ווי אַ ראָמאַן, אָט זיין לעצטע, טראַגישע ליבע צו העלענע פאָן דעניגעס. עס איז אַ פייער, וואָס האָט זיך צעפלאַקערט און האָט נישט געקאָנט געלאָשן ווערן. עס איז אַ פאַ־נאַטיזם, אַן עקסטאַז, וואָס האָט זיך שוין לאַנג אָנגעזאַמלט און האָט אויף איינמאָל געפונען אַן אויסוועג.

* * *

און איך וואָלט דאָ — אין דעם באַרימטן לאַסאַלישן ראָמאַן און דער ליבע, וואָס האָט אים געפירט צו אַ פלעצלעכן טויט—איבערגעדרייט די טעאָריע פון פרויד. נישט עראָטיק האָט זיך אומגעבויגן אין לאַסאַלס שאַפן און ווירקן, נאָר, פאַרקערט, זיין „איך", זיין רעליגיעז־עקסטאַטישע נאַטור האָט נישט געקאָנט געפינען קיין אויסדרוק נישט אין דענקען און נישט אין טאָן, ווייל דער אייראָפּעער אין אים, דער פאַקטן־מענטש, דער פילאָזאָף האָבן זיך אַוועקגעשטעלט אין וועג און אונטערגעדריקט דעם רעליגיעזן באַוווסטזיין, די באַדערפעניש פון

דעם מקריב זיין, דעם עקסטאַז פון ליידן, פון מיסטישער פאַרייניקונג — די ליבע האָט אויסגעלאָזט אָט די אַלע מאָטיוון, און געמאַכט פון אַ געוויינלעכן ראָמאַן אַ ראָמאַנטישע, היסטאָרישע טראַגעדיע.

און ווי שבתי צבי איז — לויט דער לעגענדע — צו גרונט געגאַנגען דורך דער ליבע — איז לאַסאַל געפאַלן צוליב אַ פרוי. צוויי נשמות האָבן געהאַט אַ נאָענטקייט. צוויי יידישע טיפּן פון דער וועלטגעשיכטע, וואָס האָבן זיך נישט געקאָנט אויסלעבן און געמוזט פאַרענדיקן טראַגיש. אין שבתי צבי האָט דאָס אַלטע ספרדישע יידנטום פאַרענדיקט זיין היסטאָרישן ציקל. אין פערדינאַנד לאַסאַל האָט דאָס נייע, מזרח-אייראָפּעישע יידנטום אָנגעהייבן, און יעדער אָנהייב איז אַ טראַגעדיע, ווי יעדער סוף. די טראַגעדיע פון ווערן, ווי פון פאַרגיין, און פון סמירנע ביז ברעסלוי ציט זיך דער בלוטרויטער פאָדעם.

# דיזראעלי.

I

עס איז שווער — פאַר אונדז היינטיקע, פאַר אונדז צפונדיקע, איינגעטונקט אין גרויען נעפל — זיך אויסצומאָלן, ווי אַזוי האָט אויסגעזען אַ נביא. מען קאָן אָנשטרענגען די פאַנטאַזיע וויפל מען וויל — עס קומט גאָרנישט אַרויס דערפון. פּרוווט זיך שאַפן אַ קאָנקרעטן בילד, ווי אַזוי האָט אויסגעזען, ווי אַזוי האָט געלעבט ירמיהו אָדער ישעיהו אָדער עמוס — אָדער גאָר יחזקאל. און אַפילו ווען מען טוט אים אָן די אָריענטאַלישע מלבושים — באַפּוצט אים מיט אַ האָריקן מאַנטל און לאַנגע האָר און אַ ברייטער גרויער באָרד — דאָס בילד איז דאָך נישט צופרידנשטעלנדיק. מחמת צו אַ בילד באַלאַנגט אַטמאָספערע, לופט, פּערספּעקטיוו. מען מוז זען, פילן דאָס אַרומיקע, כדי צו באַקומען דעם לעבעדיקן, בולטן איינדרוק פון דער צענטראַל־פיגור. אָפט דאַכט זיך — אָט אַזוי האָט דער נביא אויסגעזען — אָט אַזוי ווי עס זעט אויס אַ מוסולמאַנישער מאַדי, אַ פירער פון די וואַהאַביטן — אָדער ווי דער אינדישער מאַהאַטמאַ גאַנדי. אַ שטילער און אַ שטורמישער, אַן אָרעמער, אַ באָרוועסער, אין אַ ליווונטענעם געוואַנט און מיט אַ פייער אין די אויגן.

אָבער באַלד ווערט דער איינדרוק צעשטערט. דער לבוש מעג זיין דער אייגענער — דער תוך איז אַן אַנדערער. פול מיט סתירות. יידיש־נאַציאָנאַל, ערד־פאַראַנקערט און אין דער אייגענער צייט ברייט, ווי באַפליגלט. פּאָליטיקער און מאָראַליסטן אינאיינעם, פּאָליטיקער אין אַ מערקווירדיקן שניט — און מאָראַליסטן, וואָס פּרעדיקן נישט

קיין מוסר. און מען ווייסט קיינמאָל נישט, פונוואַנען עס איז געקומען זייער פּאַטאָס, און ווו אַהין האָבן זיי געצילט. האָבן זיי בלויז גע-פירט אַ קאַמף קעגן דעם מלך אָדער אַן אַנדערן, זענען זיי געווען בלויז פּאַרטיי-מענטשן, אָדער האָבן געוואָלט עפּעס מער — עפּעס אַזוינס, וואָס מיר קאָנען גאָרנישט פאַרשטיין?

און דאָס איז דער סוד פון זייער ווירקונג. זיי האָבן געוואָלט מער ווי זיי האָבן געזאָגט — און דעם ציל האָבן זיי פאַרבאָרגן. זיי זענען געגאַנגען פון דער פּעריפעריע צום צענטער, אין יעדער פראַגע, אין יעדער דערשיינונג פון דעם לעבן — פון דעם פּערזענלעכן אָדער פון דעם כלל. דאָס איז, דאַכט זיך מיר, אַן אויסשליסלעך יידישע אייגנשאַפט: דערגיין צום תּוך, צום מיטלפּונקט — און דאָרט בלייבן.

## II

איך האָב גערעדט פון מאַדיס און מאַהאַטמאַס. אויסערלעך אַן ענלעכקייט, אין עצם אַזוי ווייט, אַזוי פאַרשידן. לייענט איבער, למשל, גאַנדיס זאַמלונג פון אַרטיקלען און רעדעס: „יונג-אינדיע", און פאַרגלייכט זי מיט — איך וועל שוין נישט רעדן פון די גרויסע נביאים, נאָר אַפילו מיט די „קליינע" — מיט אַ חבקוק אָדער צפניה אָדער מלאכי. דער גרעסטער פון די אינדיער, דער „נביא" פון אַ דריי הונדערט מיליאָנעדיקן, מיסטיש-באַפאַרבטן, רעליגיעז-שיכּורן פאָלק, אַ נאַציע, וואָס איז אַלט, פּונקט אַזוי אַלט, אויב נישט עלטער, ווי די יידישע, מיט אַ גרויסאַרטיקער רעליגיעזער קולטור, אַ יורש פון וווּנדערבאַרע טראַדיציעס, — איר דערוואַרט אַ דערהייבונג, אַ התעוררות און איר געפינט — פּאָליטישע רעדעס און מאמרים, נישט בעסער און נישט ערגער פון אַנדערע אַזעלכע נאַציאָנאַליסטישע אויסגוסן און פּראָגראַמען. און מען פאַרשטייט נישט, פאַרוואָס מוז דער מאַהאַטמאַ דווקא גיין באָרוועס און האַלב נאַקעט, מיט אַ לייוונ-טענעם גאַרטל אַרום די לענדן — און נישט, ווי דע וואַלעראַ, טראָגן אַ צילינדער און אַ פראַק.

און דער רעזולטאַט באַווייזט זיך שוין. מען האָט שוין איצט כמעט פֿאַרגעסן אָן גאַנדין, — און אין עטלעכע יאָר אַרום וועט זיין נאָמען שוין באַלד שטיין אין דער געשיכטע, ווי טויזנט אַנדערע נעמען, און נישט מער.

מען דאַרף, הפּנים, זיין, ווי דיזראַעלי האָט אַמאָל געזאָגט, פֿון סעמיטישן בלוט, כּדי „גאָט זאָל צו איינעם רעדן". דיזראַעלי האָט אין דעם געגלויבט — און דעם גלויבן באַוויזן דורך זיין אייגענעם לעבן.

אָפּט, ווען איך קוק זיך איין אין דיזראַעליס פּאָרטרעטן, די בילדער פֿון זיין יוגנט — דער בלייכער פּנים מיט די ראָבן-שוואַרצע לאָקן — אָדער פֿון זיין עלטער — אַ טרויעריק פּנים, אַ מערקווירדיק יאַנג, מיט אַ קורץ בערדל און מיט אַזעלכע אומעטיקע, קלוגע, זעענדיקע אויגן — אָפּט ווייזט זיך מיר אויס: אָט אַזוי האָט באמת באַדאַרפֿט אויסזען אַ נביא.

עס מאַכט נישט אויס, וואָס דער אַלטער נביא האָט געטראָגן אַ האָרענעם מאַנטל און דיזראַעלי איז געווען באַפּוצט מיט עסיק און האָניק. עס איז אַ קליינער אונטערשיד, וואָס דער נביא האָט גערעדט פֿון גאָט און דיזראַעלי דערמאָנט זיין נאָמען זייער זעלטן, וואָס דער נביא איז געווען אַ ייד — און דיזראַעלי האָט באַלאַנגט צו אַן ענגלישער קריסטלעכער סעקטע. דאָס זענען צייט-אונטערשידן, געשיכטלעכע צופֿאַלן, מענטשלעכע קאַפּריזן אָדער שוואַכקייטן. דער טאָן איז דער עיקר — דער גרונטגעדאַנק — איז דער תּוך.

עס איז די אייגענע יידיש-אָריענטאַלישע פֿיגור — בלויז אין אַן אַנדער אַטמאָספֿערע, אַ פֿאַרשידענע באַלייכטונג. פֿאַרבייט די ברענענדיקע, קלאָרע, ברוין-פֿאַרבנדיקע זון פֿון ירושלים מיט דעם קאַלטן, נעפּלדיקן, גרויען קלימאַט פֿון לאָנדאָן — שפּרינגט אַריבער די צייט, זעצט אַריבער דעם נביא פֿון זיין סביבה, פֿון דער עמון- און מואב- און מצרים-שכנות אין דער סביבה פֿון אייראָפּע אין דעם ניינצעטן יאָרהונדערט — און זעצט איבער די רעדעס און ראָמאַנען פֿון דיזראַעלי פֿון דעם צפֿונדיקן ענגליש אויף דעם מזרחדיקן, זוניקן, מדבר-אָטעמדיקן העברעיש — און די געשטאַלט שטייט פֿאַר אייך אַ לעבעדיקע, אַ ממשותדיקע.

עס איז נישט דער אייראָפּעער, וואָס האָט זיך פֿאַרשטעלט פֿאַר אַ נביא — עס איז דער נביא, וואָס האָט זיך אָנגעטאָן אין א...

ראָפּעישע בגדים, פֿאַרקליידט זיין פּאַטאָס אין איראָניע און זיין נביאות אין פּאָליטיק.

זיי האָבן אים קיינמאָל נישט פֿאַרשטאַנען אין ענגלאַנד. נישט ווען ער איז געווען אַ כמעט לעכערלעכע פיגור — אַ יידישער דענדי, אַ ראָמאַניסט, וואָס איז געוואָרן אַ טאָרי, וואָס האָט זיך אָנגעטשעפּעט אָן די קאָנסערוואַטיוון. זיי האָבן אים אויך נישט פֿאַרשטאַנען שפּעטער, ווען ער איז געוואָרן דער גרויסער פירער פון דעם ענגלישן פאָלק, דער פּרעמיער, דער לאָרד ביקאָנספיעלד, דער ליבלינג פון דער קעניגין וויקטאָריע, דער אָפּגאָט פון ענגלאַנד. ער איז געווען פון אָנהייב און געבליבן ביז צום סוף אַ מיטישע פיגור, אַ לעבעדיקע לעגענדע, אַ רעטעניש — אַן „אַזיאַטישע רעטעניש", — ווי פריינט און פיינט האָבן אים גערופן. זיי האָבן קיינער נישט געקאָנט פֿאַרשטיין, ווי אַזוי עס האָט געקאָנט קומען דערצו, אַז אַ ייד זאָל ווערן דער פאָרשטייער, דער פֿאַרטרעטער און באַהערשער פון דער שטאָלצסטער, קאָלטסטער, איינגעבילדעטסטער נאַציע אין דער וועלט—דער ענגלישער.

די גאַנצע ליטעראַטור איבער לאָרד ביקאָנספיעלד איז איין איינציקער זוכן נאָך דער דערקלערונג פון דער רעטעניש, דער אויס־טייטשונג פון דער לעגענדע. עס געראָט זיי נישט. אַפילו די בעסטע ביאָגראַפיע פון דיזראַעלי — די פון באָקל־מאָניפּעני, לאָזט איבער כמעט אַלע פראַגן אומפאַרענטפערט. זיי פֿאַרשטייען קיינער נישט דעם גייסט פון דיזראַעלי — זיי זענען קיינער נישט געגאַנגען צו די וואָרצלען.

בלויז איינער האָט עס פאַרזוכט. און דאָס איז דער נייסטער ביאָגראַף פון דיזראַעלי — דער באַקאַנטער ענגלישער שריפטשטעלער, וואָס באַהאַלט זיך אונטער דעם נאָמען ריימאָנד. ער האָט זיך שוין געמאַכט אַ נאָמען מיט זיינע פּאָליטישע פּאָרטרעטן — „אומצענזורירטע באַרימטקייטן" — ווי ער האָט אַראָפּגעריסן דעם שלייער פון אַ סך „גרויסע" מענטשן אין ענגלאַנד. ער האָט אַ שאַרפע און קלאָרע פּען, און דער עיקר, ער האָט נישט קיין רעספּעקט פֿאַר טראַדיציע. ליבעראַל, ראַדיקאַל, קאָנסערוואַטיוו, — די מאַרקע, דער שטאַמפּ האָט פאַר אים נישט קיין באַדייטונג. ער דעקט אויף די פּערזענלעכקייט, די נשמה־וואָרצלען.

ער איז אין עצם מער קאָנסערוואַטיוו, ווי ליבעראַל, און מער ראַדיקאַל, ווי טאָרי. עס איז דער טיפּ פון דעם ענגלישן ראַדיקאַל,

וואָס גלויבט שוין נישט אין דער ענגלישער לעגענדע פון „בריטישער פרייהייט״, פון דעם ענגלישן פּאַרלאַמענט אַלס דאָס לעצטע וואָרט פון דער מענטשלעכער געזעלשאַפט, פון די ענגלישע אינסטיטוציעס, אַלס די בעסטע אינסטיטוציעס, וואָס די געשיכטע האָט באַשאַפן.

און ער איז דערווייל דער איינציקער, וואָס האָט אויפגעפּאַסט דיזראַעלין אַזוי — ווי דיזראַעלי אַליין וואָלט געוואָלט זיך זען, ווי דער בנימין פון דער ענגלישער געשיכטע האָט זיך אויפגעפּאַסט.

ער זעט אים — „דעם איינציקן פּאָליטישן זשעני פון זיין צייט״. ער זעט אין אים דעם „פּרעמדן״, וואָס האָט זיך צופעליק באַהעפט אָן ענגלאַנד — באַזיגט איר דורך דערדאָזיקער פרעמדקייט, און אַזוי ווייניק דערגרייכט — טאַקע ווידעראַמאָל צוליב איר.

ער מאָלט אויס אַן אַנדער דיזראַעלי, ווי דער יידישער ליבעראַל בראַנדעס האָט געזען, אָדער ווי דער קאָנסערוואַטיווער קאַרלייל האָט זיך פאָרגעשטעלט: נישט קיין פּאָליטיקער, נישט קיין „העברעאישער אַקראָבאַט״ (קאַרליילס אויסדרוק), נישט קיין קאָנסערוואַטיווער, נישט קיין ליבעראַל, — נאָר גאָר עפּעס אַנדערש. אַ פּאָליטיק, וואָס לאָזט זיך גאָרנישט אַריינשפּאַרן אין קיין שום באַקאַנטער קאַטעגאָריע, וואָס קאָן גאָרנישט פאָרמולירט ווערן אין אונדזער פּאָליטישער שפּראַך. עס איז נישט פּאָליטיק — נאָר נביאות.

ריימאָנד איז גערעכט, ווען ער זוכט דעם אמתן דיזראַעלי נישט אין דעם, וואָס ער האָט געטאָן, נאָר אין דעם, וואָס ער האָט געוואָלט. און די וועלט פון דיזראַעלי, זייןווירקלעכע סביבה, איז געווען נישט דער פּאַרלאַמענט, נישט ענגלאַנד, נאָר די פאַנטאַסטישע וועלט, וואָס ער האָט אויסגעמאָלט אין זיינע ראָמאַנען — אין „קאָנינגסבי״ און „קאָנטעריני פלעמינג״, אין „דוד אַלראָי״, אין „טאַנקרעד״ א. אַז. וו.

דאָרט — און נישט אין די בענדער פון הענסערד, אין די סטענאָגראַפישע פּראָטאָקאָלן פון די פּאַרלאַמענטס-רעדן — און אויך אַפילו נישט אין די געזעצן, וואָס ער האָט געשאַפן, אין די רעפאָרמען, וואָס ער האָט דורכגעפירט — דאָרט איז דיזראַעלים פּערזענלעכקייט, דאָרט איז דער שליסל צו זיין וועלט.

ווען דיזראַעליס זיידע, דער אַלטער איזראַעלי, וואָס האָט זיך אַריבערגעצויגן פון איטאַליע קיין ענגלאַנד, וואָלט געווען אויסגעקליבן אַ בעסערן, פּאַסנדערן, וואַרעמערן פּלאַץ פאַר זיין אייניקל — רופט

אויס ריימאָנד אין זיין בוך — וואָלט דיזראַעלי באַדאַרפט ווייניקער קעמפן. ער וואָלט געווען ווייניקער פרעמד, און זיין פּאָליטישער זשעני וואָלט געפירט צו גרעסערע שפּאַנונגען.

איך צווייפל אין דעם. מעגלעך, אַז דיזראַעלי וואָלט זיך געפילט היימישער אין איטאַליע אָדער שפּאַניע, ווי אין דעם גרויעם, פאַרכמורעטן לאָנדאָן. עס וואָלט אים געווען בעסער—אים פּערזענלעך. אָבער טאַקע דערפאַר וואָלט זיין ווירקונג געווען אַ שוואַכערע. ער וואָלט געווען זעלבסטפאַרשטענדלעכער — פאַרשטענדלעכער פאַר זיך אַליין — און דערפאַר באַנאַלער. און בכלל—איז טאַקע דער רעזולטאַט אַזוי וויכטיק?

דאָס איז דאָך די איינציקע ירושה פון דעם יידנטום: נישט דער רעזולטאַט, נישט דאָס דערגרייכטע איז דער עיקר, נאָר דער ווילן צום דערגרייכן. נישט לעשן דעם דורשט — נאָר תמיד זיין אַ ביסעלע דורשטיק. עס איז אפשר אַ מדבר-פּסיכאָלאָגיע, אָבער דאָס איז דאָך דער סוד פון נביאות: מדבר, דאָס נישט פאַרטיקע, דאָס ווויסטע, דאָס כאַאָטישע, און נישט דאָס אויסגעבויטע און פאַרענדיקטע. „אַלצדינג, וואָס איז געשאַפן געוואָרן, קומט פון מדבר",—זאָגט אַן אַלטער מדרש (מדרש תנחומא). פאַר דעם מדבר איז אַלצדינג ווייט — און נאָענט. עס איז דער ווונדער פון דעם מיראַזש, און די ווירקלעכקייט פאַרלירט איר איבערשאַצטן ווערט. מען זעט דאָרט קלאָרער, ווייטער, ווי דאָס אויג זעט אין דעם ישוב.

דיזראַעליס אויג האָט דורכגעדרונגען דורך דעם לאָנדאָנער נעפל — און געזען אַ מיראַזש. נישט גלאַדסטאָן און נישט די קאָנסערוואַטיווע לאָרדן האָבן עס געקענט מיטזען, און דערפאַר האָבן זיי נישט געקענט פאַרשטיין — נישט פיינט און נישט פריינט — וואָס וויל אייגנטלעך אָט דער רעטענישדיקער ייד?

ערשט איצט הייבט מען אָן אַ ביסל צו פאַרשטיין, צו זען. ענגלאַנד האָט שוין כמעט פאַרגעסן אָן גלאַדסטאָנען, אָן פּילן, אָן פּאַלמערסטאָנען און לאָרד דערבי א. אַז. וו., אָבער דיזראַעלין געדענקט זי. און וואָס ווייטער — אַלץ שטאַרקער זיין ווירקונג, אַלץ רעליעפער זיין בילד. און עס שפּינט זיך אַ לעגענדע: אַ יידישער נביא, וואָס איז אַרומגעגאַנגען אין א פראַק איבער די גרויע גאַסן פון לאָנדאָן און געחלומט זיין „חזון בנימין". אַ לעגענדע, וואָס איז נישט ווייט פון ווירקלעכקייט.

## לואידזשי לוצאטי.

מען מעג שמייכלען איבער זיי, וועגן זיי — און מען שמייכלט — אָט די גרויע יונגעלייט, אָט די ווייס־קעפּיקע „אייביקע סטודענטן", ראָמאַנטיקער און טרוימער. זיי ווערן אַלץ ווייניקער — פון טאָג צו טאָג. באַלד בלייבט שוין קיינער נישט מער, וואָס זאָל זיין אַ לעבעדיקער עדות פון דער וווּנדערבאַרער צייט, פון דער קאַמף־און ווונטש־און פּאָזיע־עפּאָכע פון דער געשיכטע, וואָס הייסט: דאָס נייַנצעטע יאָרהונדערט. עס וועלן בלייבן בלויז ביכער, טויטע מאָנומענטן, ווערטער, וואָס האָבן שוין כמעט פאַרלוירן זייער זין — ווייל זייער אַטמאָספערע איז מער נישטאָ, ווייל דער טאָן איז פאַרקלונגען.

געשטאָרבן בראַנדעס, דער „מסביר" פון דעם נייַנצעטן יאָרהונדערט, דער ענטוזיאַסט פון „גוט, שיין און גערעכט". און נאָך אים — אַ צווייטער, אויך אַ זעקס און אַכציקער, אויך אַן אויפקלערער, אײנער פון דער עלטער, דער עלטסטער גוואַרדיע, פון דער גוואַרדיע, וואָס „שטאַרבט, אָבער גיט זיך נישט אונטער". און — אויך אַ ייד: לואידזשי לוצאַטי. אַן אַנדער סביבה, אַ דיאַמעטראַל אַנטקעגנגעזעצטע קאַריערע.

איז בראַנדעס אויפגעוואַקסן אין אַ קליין צפונדיק לענדל, צווישן בלאַנדע, גערמאַנישע, פּראָטעסטאַנטישע און פאַנטאַזיעלאָזע מענטשן, האָט לוצאַטיס גורל אים געבראַכט אין אַ וועלט פון גליענדיקער זון, פון הייסע מענטשן, פון פּראַכט־ליבנדיקע, פאַרבן־און ווערטער־פאַרשיכורטע: אין איטאַליע.

און האָט בראַנדעס געמוזט ווערן דער גייסטיקער פירער פון אַ פאָלק, וואָס האָט איבערגעלעבט אַ צוזאַמענברוך, וואָס האָט געמאַכט שלום מיט זיין ירידה—איז לוצאַטיס לעבן צוזאַמענגעפאַלן מיט אַ צייט, ווען איטאַליע האָט זיך באַפרייט פון איר פאַרקנעכטונג, ווען רוים איז אויפגעשטאַנען.

זעקס און אַכציק יאָר צוריק—אין ווענעציע, אין דער גרויסאַר־טיקער, איינציקער, לעגענדאַרישער שטאָט אָן גאַסן, דער שטאָט פון קאַנאַלן און גאָנדאָלן, דער שטאָט פון אומבאַשרייבלעכן כּישוף. דאָרט—ערגעץ אַרום דעם פּאָנטע דע ריאַלטאָ, דער שיילאָק־בריק, אין דעם היסטאָרישן יידישן קוואַרטאַל, ווערט געבוירן אין אַן אַלטער יידישער משפּחה לואידזשי לוצאַטי. יידן האָבן נאָך דעמאָלט נישט געשפּילט אין איטאַליע קיין שום ראָלע. זיי האָבן נאָך געוווינט אין די געטעס, אין ווענעציע, ווי אין פלאָרענץ און אין רוים. אָבער די איטאַליענער האָבן נישט געהאַט צו די יידן די באַציונג, וואָס זייערע צפונדיקע שכנים האָבן נאָך עד היום נישט געקאָנט גובר זיין: די באַציונג פון פרעמד־קייט.

אמת, די יידן האָבן געלעבט אָפּגעזונדערט, די קאַטוילישע קירך האָט זיי גערודפט, זיי האָבן געמוזט טראָגן געלע לאַטעס אויף זייערע קליידער—אָבער זיי האָבן באַלאַנגט צו איטאַליע, געווען אַ חלק פון איר, געווען פאַרוואָרצלט אין איר. עפּעס האָט געשימערירט אָן עראַ־איר, באַווערונג אין דעם איטאַליענישן באַוווסטזיין, אַז דאָס זענען זיי געווען, זייערע עלטער־עלטער־עלטער־זיידעס, די רוימער, וואָס האָבן צעשטערט די יידישע פרייהייט און זיך פאַרבונדן אויף אייביק מיט יידן. זיי—די זיגער, די אַנדערע—די באַזיגטע, צונויפגעשמידט אין איין קייט. די איטאַליענער האָבן קיינמאָל נישט געקאָנט האָבן קיין טענות, ווי אפילו די שפּאַניער, אַז „פרעמדע" זענען געקומען און זיך ברייט געמאַכט אין זייער לאַנד. יידן זענען קיינמאָל נישט געקומען קיין איטאַליע—זיי זענען דאָרט תמיד געווען. זיי זענען געווען, ווען ציצעראָן האָט געדונערט פון דער טריבונע אויף דעם פאָרום ראָמאַנום. זיי האָבן זיך באַטייליקט אין די רוימישע „קאָמיציא", די וואַל־פאַרזאַמלונגען, ווען די רוימישע דעמאָקראַטיע האָט נאָך געהערשט, זיי האָבן באַוויינט צע־זאָרן, ווען רוים האָט מורא געהאַט פאַר דעם טויטן נאָכמער ווי פאַר דעם לעבעדיקן. און ווען וועספּאַסיאַן און טיטוס און די אַנדערע רוי־מישע אימפּעראַטאָרן האָבן צעשטערט און צעקערט און אָפּגעוויש[…]

פון דער לאַנדקאַרט ירושלים—האָבן זיי געבראַכט מיט זיך נייע יידן קיין רוים. דער פּאַגער און דער געפאַנגענער—צוגויפגעקאָוועט אויף אייביק.

דאָס האָבן געפילט נישט בלויז די איטאַליענער, נאָר אויך די יידן. עפּעס אַ פּאַרבונדנקייט איז געווען אין זייער נשמה—ווי ביי קיין שום אַנדערן יידישן קבוץ. פון תמיד אָן געדעדט די שפּראַך פון רוים— און אינאיינעם מיט איטאַליע געוואַקסן — מיט איר דורכגעמאַכט אַלע עטאַפּן—פון גרויסקייט צו געפאַלנקייט — און ווען די צייט איז געקו- מען—אויך פון דערהייבונג.

און עס איז געווען ווי זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז דער איטאַליע- נישער „ריסאָרדזשימענטאָ", די אויפלעבונג פון איטאַליע, איז געוואָרן אויך דער „ריסאָרדזשימענטאָ" פון דעם איטאַליענישן יידן.

די פערציקער יאָרן פון דעם נײַנצעטן יאָרהונדערט אין ווענעציע. דעמאָלט נאָך נישט קיין טייל פון דער איטאַליענישער, דער סאַוואָ- אישער מאָנאַרכיע, נאָר פון דער עסטרייכישער פּראָווינץ—„לאָמבאַרדיאָ- ווענעטאָ". עסטרייכס האַנט איז געלעגן אויף ווענעציע, נישט קיין זיי- ער שווערע האַנט, אָבער פאָרט אַ פרעמדע. און עס איז געווען די צייט, ווען עסטרייכס נידערגאַנג האָט זיך אָנגעהייבן, די לעצטע יאָרן פון האַפּסבורגס גרויסקייט און גלאַנץ.

די איטאַליענישע אינטעליגענץ הייבט זיך אָן צו באַוועגן. די עסטרייכישע זשאַנדאַרמעריע ווערט שטרענגער. זי האַלט אַן אויג אויף יעדן יונגנמאַן, וואָס ווייזט אַרויס פעיקייטן און טעמפּעראַמענט. און זי האָט געהאַלטן אַ וואַך אויג אויך אויף דעם יונגן לואידזשי לוצאַטי, אויף „דזשידזשי", ווי מען האָט אים גערופן אין דער יוגנט — און, מערקווירדיק, אויך ווייט-ווייט ביז צו דעם שפּעטן עלטער. ווייל דזשי- דזשי איז געווען אַ וווּנדערקינד, איינער פון די דרומדיקע מענטשן, וואָס ווערן אַזוי פרי רייף, וואָס וואַקסן גייסטיק, ווי איבערנאַכט.

צו נײַנצן-צוואַנציק יאָר איז לוצאַטי שוין אַ פּאַרטיקער, אַ גע- לערנטער, אַן עקאָנאָמיסט, אַ סאָציאָלאָג — און ווערט געפערלעך פאַר דער עסטרייכישער רעגירונג. ער מוז אַנטלויפן קיין מילאַן—און דאָרט, אַ צוויי און צוואַנציק-יאָריקער, ווערט ער פּראָפעסאָר פון פּאָליטישער עקאָנאָמיע.

איטאַליעס באַפרייונג ווערט דערוויל אַ היסטאָרישער פאַקט. גאַ- ריבאַלדיס עפּאָפּיע, מאַדזיניס שליחות, קאַוווּרס דיפּלאָמאַטיע, אָט דער גאַנצער וווּנדערבאַרער קולטור-פּעריאָד פון דעם איטאַליענישן פרייהייטס-

קאַמף ווערט פאַרענדיקט. גאַריבאַלדי דרינגט אַריין אין רוים דורך דער „פּאָרטאַ פּיאַ"—רוים ווערט די הויפּטשטאָט פון דער געאייניקטער איטאַליע. אַ נײַ לעבן הייבט זיך אָן אין דעם אַלטן לאַנד. דער וועג איז אָפן פאַר אַלע טאַלאַנטן. און לוצאַטי געפינט באַלד זײַן וועג.

באַלד ציט אים מינגעטי, איינער פון די בעסטע פּאָליטיקער פון איטאַליע, אַריין אין דער רעגירונג. ער ווערט מלוכה־סעקרעטאַר פאַר אַגריקולטור—דערנאָך פינאַנץ־מיניסטער. ער וואַקסט, ער שטייגט. פּאָליטיש—אַ קאָנסערוואַטיווער נישט אין דעם הײַנטיקן זין פון וואָרט—ד. ה. רעאַקציאָנער—נאָר אין דעם נאַיוון זין פון דער אַלטער צײַט, ווען דער אונטערשייד צווישן רעכטס און לינקס, צווישן קאָנסערוואַטיוו און ליבעראַל איז געווען נאָך נישט בולט.

ער איז אַ „רעכטער"—זאַנאַרדעלי און זײַנע תּלמידים, ווי צ. ב. דזשיאָליטי, זענען געווען „לינקע". אָבער דאָס איז געווען בלויז אַן אונטערשייד אין פּאָליטישער טערמינאָלאָגיע, וואָס איז היסטאָריש אויסגעוואַקסן אין דעם קאַמף פאַר דער פאַרפעסטיקונג פון איטאַליע.

אין תּוך איז דאָס געווען פּונקט פאַרקערט: לוצאַטי איז געווען דער לינקסטער פון זיי אַלע, דער ראַדיקאַלסטער פון זיי.

עס איז באמת זייער כאַראַקטעריסטיש, אַז כמעט אַלע גרויסע יידישע שטאַטסמענער, מענטשן, וואָס האָבן געהאַט אַ יידישע אינדיווידואַליטעט, זענען געווען פּאָליטיש—רעכטס, קאָנסערוואַטיוו און נישט ליבעראַל. דיזראַעלי איז געווען אַ טאָרי און נישט קיין וויהיג, אַ קאָנסערוואַטיווער און נישט קיין ליבעראַל פון דעם ראָסעל־גלאַדסטאָן־טיפּ. אָבער זײַן טאָריזם איז געווען בלויז אַ דעקמאַנטל, אַ שירם. אין עצם איז ער געווען אַ ראַדיקאַל, אַ באַנייער, אַן אומוואָרפער פון אַלע אַלטע שאַבלאָנען.

עס איז אויך באַטירלעך. די אַלטע ליבעראַלן זענען דאָך נישט געווען ליבעראַל — זיי האָבן בלויז פאַרטיידיקט די פּאָזיציע פון זייער קלאַס, פון זייער שטאַנד — דער מיטעלער בורזשואַזיע. זייערע אינטערעסן זענען געווען די פון דעם קליינעם קרעמער, פון דעם מיטעלן בעל־מלאכה, פון דעם סוחר, וואָס האָט זיך געוואָלט סאָציאַל אויסגלײַכן מיט דעם אַלטן לאַנדבאַזיצנדיקן אַדעל. דער יידישער שטאַטסמאַן האָט געזען טיפער. ער האָט געהאַט אַ קוק פאַר דער גאַנצער געזעלשאַפט—און דער עיקר, פאַר דעם ברייטן, פון די ליבעראַלן גאָר איגנאָרירטן פאָלק.

לוצאַטי האָט זיכער נישט געהאַט די אָריגינאַליטעט פון דיזראַעלי. אפשר דערפאַר, וואָס ער האָט זי נישט באַדאַרפט האָבן. אים, דעם איטאַליענישן יידן — איז געווען גרינגער צו ווערן דער פירער און וואָרטפירער פון דעם איטאַליענישן פאָלק, ווי דעם איטאַליעניש-שפּאַנישן דיזראַעלי—אין דער קאַלטער, זאַטער, פאַרנעפּלטער ענגלאַנד. קאַמף צווינגט צו ווערן אָריגינעל, און לוצאַטי האָט נישט באַדאַרפט קעמפן.

אָבער אויף זיין אופן האָט ער אַרויסגעוויזן, אַז ער פּאַסט אויף די איטאַליענישע פראַגע פיל ברייטער, טיפער, וואָרצלדיקער, ווי זיינע קאָלעגן אין דער פּאָליטיק, זאַנאַרדעלי, דזשיאָליטי און די איבעריקע ליבעראַלן. לוצאַטי ווערט דער פאַרשפּרייטער פון דעם עקאָנאָמישן ליבעראַליזם אין איטאַליע. ער פּראָפּאַגאַנדירט די אידעען פון שולצע-דעליטש, ד. ה. די אידעען פון קאָאָפּעראַטיוו, פון שפּאָרקאַסעס, פון דעם לאַנגזאַמען ווירטשאַפטלעכן וואַקסן פון דעם אַרבעטער. ער פירט איין אין איטאַליע די אַזויגערופענע רייפאַיזנקאַסעס, ער ווערט דער וועגווייזער פון אַ נייער פינאַנץ-אָרדענונג אין איטאַליע.

שולצע-דעליטש! דער נאָמען זאָגט אונדז היינט כמעט גאָרנישט. אָבער מיט פופציק יאָר צוריק האָט דער נאָמען נאָך געהאַט קלאַנג און געוויכט. לאַסאַל האָט אים געמאַכט קלינגען, ווי אַ גלאָק — דורך זיין קאַמף אַנטקעגן אים. דורך זיין אומפאַרגעסלעכער פּאָלעמיק. אינדירעקט איז שולצע-דעליטש געוואָרן דער פאָטער פון דעם דייטשן סאָציאַליזם, ווייל לאַסאַל איז אויסגעוואַקסן—דורך זיין קעגנערשאַפט צו אים. שולצע-דעליטש האָט געוואָלט שאַפן אַן איבערגאַנג און קאָמפּראָמיס-פּאָליטיק אין דער סאָציאַלער פראַגע. ער איז נישט געווען קיין באַשיצער און לויבזינגער פון דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונג, אָט דעם פרי-קאַפּיטאַליזם פון יענער צייט. ער האָט אים געוואָלט אויסמיידן. עס איז געווען דער עקאָנאָמישער ליבעראַליזם פון אַדאַם סמיט, פון באַסטיאַ—אָבער מיט רעזערוואַציעס, מיט פאַרצוימונגען, מיט גאַראַנטיעס. נישט קיין „מאַנטשעסטערטום" און „ווערט רייך, מיינע הערן"—פון דעם ענגלישן און פראַנצויזישן קאַפּיטאַליזם, נאָר סאָציאַל-פּאָליטיק פאַר די אַרבעטערמאַסן.

עס איז נישט קיין ווונדער, וואָס לאַסאַל האָט באַקעמפט שולצע-דעליטשן און לוצאַטי האָט אים אָנגענומען. נישט בלויז אַן אונטערשייד אין טעמפּעראַמענט, אין דערציונג, אין פּאָליטישער סביבה-לאַסאַל דער ברעסלאַווער ייד, לוצאַטי דער איטאַליענישער, לאַסאַל דער

פאָעט, לוצאַטי דער פינאַנץ-עקספערט—עס איז אויך געווען אַן אונטער־שייד אין דער עקאָנאָמישער סטרוקטור פון די ביידע לענדער. דייטש־לאַנד איז שוין דעמאָלט געווען אַ לאַנד פון אינדוסטריע, איטאַליע האָט דעמאָלט נאָך גאָרנישט געהלומט פון אינדוסטריע אין איר קאַפּיטאַליסטי־שער פאָרם. אַ לאַנד פון אַקערבויער, פון קליינע בעלי־מלאכות, דאָרט האָט די סאָציאַליסטישע טעאָריע נישט געקאָנט ווערן קיין לאָזונג, און לוצאַטי האָט עס פאַרשטאַנען. ער איז געווען אַ פּראַקטישער עקאָנאָ־מיסט—און נישט פאַרלאַנגט מער ווי עס איז מעגלעך.

איטאַליע האָט עס אָפּגעשאַצט. לוצאַטי איז מיט דער צייט גע־וואָרן דער באַליבטסטער, געאַכטסטער שטאַטסמאַן פון זיין לאַנד. סע־נאַטאָר, עטלעכע מאָל מיניסטער, צוויי מאָל מיניסטער-פּרעזידענט—„מי־ניסטראָ די סטאַטאָ", ד. ה. אַ לעבנסלענגלעכער מיניסטער, וואָס האָט אַ רעכט געהערט צו ווערן ביי יעדער וויכטיקער פראַגע, מיטגליד פון דעם העכסטן שטאַטסראַט, קאַוואַליער פון אַנונציאַטאָ, דער העכסטער אָרדען, וואָס איטאַליע פאַרמאָגט, פּרעזידענט פון דער אַקאַדעמיע און נאָך און נאָך.

און דאָך — ער איז געבליבן — ביים פאָלק, ווי ביי פּאָליטיקער, „דזשידזשי". ער איז געבליבן מיט דעם קינדישן נאָמען, דעם ליבע־צונעמעניש, די פאַרקירצונג פון „לואידזשי".

און דאָך האָט זיך דער לאַנגער, טרוקענער, יוריסטיש-געשולטער זאַנאַרדעלי און זיין נאָכפאָלגער, דער שטאַרקער, גרויסער דזשיאָליטי—אַ זשאַנדאַרם אין דעם פּאָליטישן מאַנטל פון אַ ליבעראַל,—און דאָך האָבן אַלע „גייסטרייכע" און סקעפּטיקער פון איטאַליע—ווי, צ. ב., בע־נעדעטאָ קראָטשע—געהאַט צו לוצאַטין די באַציונג—ווי צו אַ פּאָליטישן פאַנטאַזיאָר און זייער יונגן אָפּטימיסט. „דער נביא"—האָט אים גערופן האַלב-איראָניש פּראָפעסאָר קראָטשע. נביאות אַנטקעגן אינטעלעקט.

און ער איז אפשר געווען גערעכט. לוצאַטי איז נישט געווען קיין סקעפּטיקער. ער האָט נישט טיף געגריבלט. אויך נישט געגראָבן אונטער דער ערד. זיין מלוכה איז געווען—הימל. אַן אָפּטימיסט, אַ גלוי־ביקער, אַ האָפנדיקער, אַ פריידיקער.

ער האָט תמיד געדרשנט. אין עקאָנאָמישע פראַגן, אָדער אין פּאָליטישע—תמיד איז ער געווען דער פריידיקער פון טאָלעראַנץ, פון פרייהייט און פון „הומאַניזם".

טרייב די נאַטור אַרויס דורך דער טיר—זי קערט זיך אום דורך

דעם פענסטער. און די נאַטור פון דעם יידן איז נישט אַרויסצוטרייבן דורך קיין שום טיר און נישט צו פאַרטיליקן. לוצאַטי איז געבליבן דער ייד—אין זיין פאָדערונג פון „טאָלעראַנץ", אין זיין פריידיקן פון ליבע—אפילו אין זיין אייגנאַרטיקער רעליגיעזיטעט, וואָס האָט געזאָלט זיין אַ קאָמפּראָמיס צווישן יידנטום און קריסטנטום,—אור-יידנטום און אור-קריסטנטום. עס האָט אים נישט געהאָלפן, זיין פריידיקט איז געוועזן אומזיסט. ער האָט נישט געקאָנט ראַטעווען נישט איטאַליע און נישט די מענטשהייט פון דעם שטורעם, וואָס האָט זיך געקליבן פון יאָרן און יאָרן און איז אויסגעבראָכן מיט אַזאַ סטיכישער קראַפט דווקא אין די לעצטע יאָרן פון זיין לעבן.

אָבער אַזוי איז שוין די יידישע אידעע—זי בויגט זיך איין אונטער דעם שטורעם—וואַרט אים איבער—און גייט דערנאָך ווייטער איר וועג.

און עס איז זייער כאַראַקטעריסטיש, וואָס נאָך דער מיתה פון דעם אַלטן גוטן לואידזשי לוצאַטי איז נאָכגעגאַנגען גאַנץ איטאַליע — די נייע, די פאַשיסטישע, און די אַלטע, די דעמאָקראַטישע. מוסאָליני האָט אים מספּיד געווען און טיטאָני, דער קעגנער פון דער אַלטער אָרדענונג און דער אַמאָליקער קאָלעגע און פּאָליטישער פריינט פון לוצאַטי. די פאַשיסטן האָבן נישט קיין דרך-ארץ פאַר זייערע קעגנער, אָבער פאַר דעם אַלטן מאַן מיט די ווייסע האָר, מיט דעם פּאַטריאַרכאַליש-יידיש-אַריסטאָקראַטישן אויסזען, פאַר דעם מאַן, וואָס האָט געהאָלפן בויען איטאַליע און זי געלערנט הומאַניזם,—פאַר דעם לעצטן גלויביקן פון דעם נייַנצעטן יאָרהונדערט — האָט אויך דאָס שוואַרצע העמדל געהאַט יראת הכבוד.

ווייל דאָס ווייסט יעדער—סיסטעמען קומען און פאַרגייען, פאָרמען ווערן געבויט און צעשטערט, אידעאַלן בייטן זיך—איינס בלייבט: דער ווילן צו מענטשלעכקייט, די רעליגיעזע באַציִונג צום לעבן—די יידישע אידעע, אין איר ריינקייט, אין איר לעצטער אַבסטראַקציע.

און אונטער דעם שוואַרצן העמדל — און אונטער דעם רויטן העמדל—און אפילו אונטער דעם ווייסן, זיידענעם העמד פון די צופרידענע און די זאַטע—אומעטום איז דאָ אַן אומרו און אַ מורא—און אַ האָפענונג—אַז די לעצטע אידעע, די יידישע אידעע, וועט זיך נאָך אַמאָל אומקערן. ווען? ווער ווייסט? דור נאָך דור—איינער וועט עס נאָך דערלעבן.

# פּאָול נאַטאַן.

נאַטאַן—נתן. אַן אַלטער נאָמען, אַ יחוס-נאָמען. קלינגט אַריין אין דער טיפּעניש פון דורות, אַ רינגל אין אַ לאַנגער קייט. נישט קיין ראָזענבערג און נישט קיין פייִלכענפעלד און נישט קיין ווייַנשענקער—נישט קיין ייִד, וואָס האָט באַקומען זיין נאָמען פון עפּעס אַ שטעטל, צי אַ דערפל, אָדער אַ מסחר. נישט קיין ייִד מיט אַ צונעמעניש, נאָר נתן—דער ייִד, נישט מער, אָן שום טייטשן און אָן שום סברות.

נאָמען איז פליכט, יחוס בינדט צו.

איך ווייס נישט, ווער פּאָול נאַטאַן—דער די טעג געשטאָרבענער באַוווּסטער בערלינער ייִדישער כּלל-טוער—איז געווען פון דער היים אויס, וואָס זיין משפחה איז און זיין יחוס-בריוו. איך האָב זיך קיינמאָל דערמיט נישט אינטערעסירט—און עס איז מיר איצט אוממעגלעך אויסצוגעפינען גענויע ביאָגראַפישע פאַקטן. אָבער איך ווייס—די „נתנס" זענען פון אַלטן בלוט. יעדנפאַלס די נתנס, וואָס איך האָב געקענט און געזען.

געקענט אַ נאַטאַן—אַ נתן—אין רוים, דער געוועזענער סינדאקאָ, ד. ה. דער בירגערמייסטער פון דער „אייביקער שטאָט". ערנעסטאָ נאַטאַן האָט ער געהייסן—און געווען איינע פון די שטאַרקסטע פיגורן אין דעם פּאָליטישן לעבן פון איטאַליע אין דער צייט פון דעם אַיטאַליענישן ליבעראַליזם. בירגערמייסטער פון רוים—גרויסמייסטער פון

דער מאַסאָנען־לאָזשע, אַ פריינט פון דעם קעניג וויקטאָר עמאַנועל, אַ פירער פון די ליבעראַלן. עס איז אַרומגעגאַנגען אַ לעגענדע, אַז ער איז געווען דזשוזעפע מאַדזיניס אומגעזעצלעכער זון. אָבער עס איז גענוג געווען אַ קוק צו טאָן אויף נאַטאַנס פּנים, אויף זיין נאָז, כדי צו כּשרן אים און אָפּנעמען דעם חשד פון זיין מוטער: אַזוי טיפּיש יידיש, אַזוי אַלטטעסטאַמענטיש, אַזוי סעמיטיש האָט ער אויסגעזען. און אויך אין זיין וועזן דורך און דורך ייד—נישט פון דער מזרח-אייראָפּעישער וואַריאַציע—דער אומרויקער, דער איילי‍קער, דער פאַרהאַוועטער, נאָר פון דעם דרום־אייראָפּעיש־אָריענטאַלישן שטאַם, אָט די מענטשן, וואָס גייען פּאַמעלעך, וואָס האָבן צייט, וואָס לעבן אין אַ וועלט פון חלומות, פון דעם „אַזיאַטישן סוד”, ווי דיזראַעלי פלעגט זאָגן.

עס קאָן זיין, אַז אין די אַלע נאַטאַנס איז פאַראַן אַ פונק פון דעם ערשטן נתן—אָט דעם אור-נביא, וואָס האָט זיך אָוועקגעשטעלט אַנטקעגן דודן מיט זיין משל פון דעם אָרעמען און דעם רייכן—דעם ערשטן דעמאָקראַט און פּאַציפיסט, דעם נביא, וואָס האָט פאַרוועהרט דעם מלך צו בויען דעם בית־המקדש דערפאַר, וואָס „צופיל בלוט איז פאַרגאָסן געוואָרן אין די מלחמות, וואָס ער האָט געפירט”—דער נתן, וואָס האָט ליב געהאַט חכמה און גייסט און קולטור—די קולטור פון שלמה. עס איז אַ שבט פאַר זיך—אָט דער שבט פון נתן.

אָבער דער שבט האָט אָפּצווייגונגען און נעמט אָן פאַרשידענע פאָרמען.

אַנדערש אין ירושלים,—אַנדערש אין בבל, אין רוים—און אַנדערש אין בערלין. אין יעדער צייט, אין יעדן אָרט—אַ נייער שטריך. אָבער אונטער די אַלע מעגלעכע פאַרקליידונגען—דער „נתניזם”...

ווי אַנדערש איז דאָס געווען צו פאַרשטיין, וואָס פּאָול נאַטאַן האָט פאַרנומען אַזאַ איינציקן, אַזאַ באַהערשנדיקן פּלאַץ אין דעם לעבן פון די דייטשע יידן—אין דער צייט פון דייטשלאַנדס גרויסקייט און גלאַנץ? פאַרגעסט נישט—יידן האָבן גרויס דרך-ארץ פאַר געלט. און פּאָול נאַטאַן איז נישט געווען קיין גביר. נישט בלויז נאָך אַמעריקאַנישע, נאָר אפילו נישט נאָך דייטשע און אייראָפּעישע השגות.

יידן האָבן אָפּשיי פאַר די, וואָס זענען „קרוב למלכות”—וואָס שטייען נאָנט צו דער מאַכט. און דר. פּאָול נאַטאַן איז געווען אין

דער דייטשער פּאָליטיק אַן אָפּאָזיציאָנער, אַ דעמאָקראַט און דווקא אַ לינקער.

על פּי שכל האָט ער באַדאַרפט זיין איינער פון די, וואָס ווערן איגנאָרירט אָדער גערודפט פון די יידישע מאַכט-פאַקטאָרן, ווייל ער איז געווען אַ פרייַדענקער, האָט נישט געחנפעט די רבנים, האָט נישט גערעדט מיט גאָט, האָט, דאַכט זיך, נישט באַלאַנגט צו קיין שום אָנערקענטער געמיינדע, ד. ה. נישט צו די אָרטאָדאָקסן און נישט צו די רעפאָרמירטע, האָט אַפילו קיין אַסימילאַציע נישט געפּריידיקט — און נישט קיין נאַציאָנאַליזם.

און פונדעסטוועגן — און נישט קוקנדיק דערויף — האָט ער פאַרנומען איינעם פון די ערשטע ערטער — אויב נישט דעם ערשטן — אין דער דייטש-יידישער עפנטלעכקייט, און איז געוואָרן אַ גרויסע קראַפט אין דער יידישער פּאָליטיק בכלל. אין זיינע יינגערע יאָרן אַ דעמאָקראַט, וואָס האָט זיך כמעט נישט געמישט אין יידישן לעבן, געווען מיט-אייגנטימער און מיט-רעדאַקטאָר פון דער פּראָגרעסיוו-דעמאָקראַטישער וואָכנשריפט „די נאַציאָן" — מיט פּאַסטאָר פרידריך נאַומאַן און באַרט, איינער פון די וואָרטפירער פון דער דייטשער דעמאָקראַטיע. דערנאָך זיך אַ קער געטאָן מיטן פּנים צו די יידן — און זיך אַריינגעוואָרפן מיט לייב און לעבן אין יידישער כּלל-אַרבעט, געגרינדעט דעם „הילפספאַרבאַנד פון די דייטשע יידן" — אַן אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט געזאָלט פאַרנעמען — און שיער נישט פאַרנומען — דעם פּלאַץ פון דער אַליאַנס אין דעם יידיש-אינטערנאַציאָנאַלן לעבן.

געהייסן האָט עס — אַז דער „הילפספאַריין" האָט נישט קיין אַנדער צוועק ווי צו העלפן די רוסישע און בכלל די מזרח-אייראָפּעישע יידן, וואָס געפינען זיך אויף דער וואַנדערונג. און אַזוי איז עס אין פּרינציפּ — און אויך פּאַקטיש — געווען. דער הילפספאַריין האָט געהאָלפן צענדליקער טויזנטער וואָגלער, זיי געשטיצט מיט געלט, זיי אויסגעהאַלטן אַזוי לאַנג, ווי זיי האָבן זיך געפונען אויף דער דייטשער טעריטאָריע. מחנות יידן פלעגן באַלאַגערן דאָס ביוראָ פון דעם הילפספאַריין אויף דער שטעגליצער שטראַסע אין בערלין. פּאָול נאַטאַן האָט געזאַמלט געלט — ער האָט געהאַט זיינע קוואַלן. דער הויפּטקוואַל איז געווען דער באַקאַנטער בערלינער פינאַנסיסט דזשיימס סימאָן — דער פריינט און מקורב פון קייזער ווילהעלם.

א מערקווירדיקע פאַרבינדונג. קייזער ווילהעלם — סימאָן — פּאָול

נאַטאַן—רוסישע יידן. אָבער אין דער פֿאַרבינדונג איז געווען אַ זין. קייזער ווילהעלם איז געווען אַמביציעז, ער האָט געוואָלט גרויס מאַכן דייטשלאַנד אויף אַלע פראָנטן. זיין פּאָליטיק איז געווען—דער גרוי־סער פּאַראַד. אַלצדינג מוז דייטשלאַנד האָבן—און מער פון אַלע. אַ פלאָט—דער גרעסטער, אַן אַרמיי—די שטאַרקסטע. וויסנשאַפט—די בע־סטע, קולטור—די העכסטע. אַנטיסעמיטיזם—דער ראַפינירטסטער, און אויך יידישע פירונג—אַן דער שפּיץ.

האָט פראַנקרייך די „אַליאַנס איזראַעליט"—מוז דייטשלאַנד האָבן אַ פּאַראַלעלע אָרגאַניזאַציע. און דער „הילפספאַריין" איז געוואָרן כמעט־כמעט אַ קייזער־קעניגלעך־האָהענצאָלערישע שטאַטס־אינסטיטו־ציע.

דזשיימס סימאָן, דעם קייזערס פריינט—האָט געגעבן דאָס געלט—און פּאול נאַטאַן, דער דעמאָקראַט, האָט געפירט די פּאָליטיק.

און עס איז באמת געווען אַ מאָמענט. ווען דער „הילפספאַריין" און פּאול נאַטאַן זענען געוואָרן אנטשיידנדיקע פאַקטאָרן אין דעם יידישן לעבן. מען האָט געוווסט: די דייטשע יידן האָבן נישט גענוג געלט, יעדנפאַלס ווייניקער ווי די פראַנצויזישע אָדער ענגלישע—זיי האָבן אויך נישט קיין שטאַרקן איינפלוס ביי דער מלוכה, ווייניקער ווי די יידן פון פּאַריז אָדער לאָנדאָן—אָבער מען האָט אויך געוווסט: דייטשלאַנד ווערט אַ וועלטמאַכט און די דייטשע יידן זענען—אין דער אויפשטייגנדיקער ליניע.

בערלין איז צוביסלעכווייז געוואָרן אַ וועלט־צענטער. און מיט דעם וואַקסן פון בערלין איז געוואַקסן אויך דער איינפלוס פון דער דייטש־יידישער אינטעליגענץ, דער פירערין פון דעם יידנטום.

אַן אייגנאַרטיקע שטאָט בערלין, אַ שטאָט פון מוח. ווי פלעגט מען אַמאָל זינגען אין בערלין?

אין בערלין, זאָגט ער,
מוזטו פיין, זאָגט ער,
און געשייט, זאָגט ער,
תמיד זיין, זאָגט ער.
ווייל דאָרט האָבן זיי—זאָגט ער,
פיל פאַרשטאַנד—זאָגט ער,
און דאָרט בין איך—זאָגט ער,
שוין באַקאַנט—זאָגט ער.

אין בערלין האָט מען געמוזט זיין „פיין" און „געשייט". אין בערלין האָט מען געמוזט האָבן „פאַרשטאַנד". איז מען קיין בערלין געקומען מיט פּראָיעקטן, מיט חלומות, מיט מיסטישע פּלענער—האָט זיך דער בערלינער פאַרשטאַנד אַריינגעביסן ווי מיט צוואַנגען—און זיי צעשטערט. בערלין האָט געמיינט, אַז זי איז קליגער ווי די גאַנצע וועלט, געבילדעטער, ניכטערער, ווייטזעענדיקער.

און פּאָול נאַטאַן איז געווען דער עכטער בערלינער. אַ שאַרפער, אַ קאַלטער, אַ לאָגישער און איראָנישער שכל. קיינמאָל נישט נתפּעל געוואָרן, קיינמאָל זיך נישט אָנגעצונדן. אַ בערלינער דעמאָקראַט—דאָס מיינט צווישן בענקלען—לינקער ווי די ליבעראַלן, רעכטער ווי די סאָציאַליסטן.

זיי האָבן אפילו געשאַפן פאַר זיך אַ ספּעציעלן טיטל: „סאָציאַל-פּאָליטיקער". מען האָט אייגנטלעך קיינמאָל נישט געוווסט, ווו מען האַלט מיט זיי. זיי האָבן געוואָלט—יושר און פיינקייט און קלוגע פּאָליטיק, געמעסיקטקייט אין יעדער פראַגע—סיי נאַציאָנאַל, סיי סאָציאַל.

אַזאַ פּאָליטיק האָט געמאַכט יאָרן נאָכאַנאַנד פרידריך נאַומאַן אין דעם רייכסטאָג. און אים האָט געפאָלגט—אָדער געפירט—פּאָול נאַטאַן אויף דעם געביט פון דער דייטשער און פון דער יידישער פּאָליטיק. עס איז געווען נישט קיין קאָנסטרוקטיווע, נאָר אַ קריטישע פּאָליטיק, נישט קיין בויענדיקע, נאָר אַ צוריקהאַלטנדיקע.

ציוניזם? פּאָול נאַטאַן איז נישט געווען קיין פּרינציפּיעלער קעגנער. ער איז געווען בלויז אינדיפערענט—ער האָט נישט געגלויבט. עס איז פאַר אים געווען נישט מער, ווי אַן אוואַנטורע, אַ פאַנטאַזיע—און דאָס האָט זיין בערלינער שכל נישט געקאָנט פאַרטראָגן.

אַרבעטן אין פּאַלעסטינע? פאַרוואָס נישט! דער הילפספאַריין איז געווען גרייט—ער האָט געבויט אַ טעכניקום אין חיפה, אָבער די שפּראַך פון לערנען האָט געזאָלט זיין דייטש. פאַרוואָס? נישט נאָר דערפאַר, וואָס אַזוי האָט געוואָלט דזשיימס סימאָן—און דער דייטשער קייזער—נישט ווייל עס איז געווען דייטש-אימפּעריאַליסטישע פּאָליטיק, נאָר אויך, ווייל עס איז געווען לאָגיש. ווייל העברעיש איז געווען פאַר אים איינע פון די איבערטריבענע פאַנטאַזיעס פון די מזרח-יידן, נישט פּראָגרעסיוו, נישט נאַציאָנאַל-לאָגיש. דייטש איז אים אויסגעקומען די נאַטירלעכסטע שפּראַך פאַר לימודים אין ארץ-ישראל. ער איז נישט געווען דער איינציקער. הערצל האָט אויך אין אָנהייב אַזוי גע-

טראַכט. ער האָט אָבער געהאַט אַ הויכע פאַנטאַזיע, און זי האָט גובר געווען זיין דייטש-לאָגישן פאַראורטייל.

און עס איז געווען אַ צייט, ווען פּאָול נאַטאַן איז געווען דער קאַנדידאַט אויף דער פירערשאַפט פון דעם יידנטום. אפילו פון דעם ציוניזם. „ווען מיר וואָלטן געקאָנט קריגן נאַטאַנען!״—האָבן געזיפצט די דייטשע ציוניסטן. זיי האָבן אים נישט געקראָגן. ער איז געווען שוין כמעט נאָנט—אָט-אָט און ער גייט אַריין אין דער פּאַרטיי, אָבער דער בערלינער פאַרשטאַנד איז געשטאַנען צווישן אים און זיין נאַטיר-לעכן „נתניזם״—און ער איז געבליבן אין דרויסן.

אָבער דער נתניזם האָט אים פאָרט דערפירט אַהין, ווו ער האָט געוואָלט און געזאָלט.

עס קומט די מלחמה — עס קומט דייטשלאַנדס מפּלה. און דער אַלטער פּאָול נאַטאַן ווערט—אַ סאָציאַליסט. ער צעגייט זיך מיט זיינע אַמאָליקע דייטשע פּאָליטישע פריינט. זיי, די נאַומאַן-תּלמידים — ווערן דייטש-נאַציאָנאַל, אַנטיסעמיטיש, רעאַקציאָנער, ער—גייט איבער צו דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע. צו שפּעט. ער איז שוין צו אַלט, כדי צו ווערן אַ פירער, און ער האָט עס זיכער אַליין געוווּסט. אָבער ער האָט זיך אַנטשלאָסן, און געפונען אין די לעצטע יאָרן פון זיין לעבן אַן אויס-וועג פון זיין בערלינערטום, פון נאַטאַניזם — אין אַ צוגאַנג צו זיין נתניזם.

עס איז אַ שאָד, וואָס ער איז צו אים נישט דערגאַנגען מיט צוואַנציק יאָר צוריק. מיר וואָלטן זיכער געהאַט אַ גרויסן פירער פון דעם יידישן פאָלק, אפשר ד ע ם פירער.

# מאָנטען.

עס האָט אים נישט געהאָלפֿן. ער האָט זיך אויסבאַהאַלטן ביים לעבן—ניין און פופציק יאָר. ער האָט זיך אויסבאַהאַלטן נאָכן טויט—דריי הונדערט און דרייסיק יאָר—און צום סוף האָט מען אים פאָרט אויסגעפונען.

אַן ערך פון פיר הונדערט יאָר אינגאַנצן—געווען אַ פראַנצויז, אַ קריסט. איינער פון די גרעסטע, שענסטע, פיינסטע פראַנצויזישע שריפטשטעלער. דער לערער פון דורות, דער מייסטער פון דער שפראַך. דער שפיגל פון פראַנקרייך. האָט מען אין פראַנקרייך—אין, אייראָפּע, אומעטום, ווו מען דענק און מען לערנט—געוואָלט דערמאָנען דעם נאָמען פון דעם טיפישן פיין-שרייבער, פון דעם גייסטרייכסטן, קליגסטן, אָריגינעלסטן שרייב-קינסטלער—האָט מען זיין נאָמען דער-מאָנט, דעם נאָמען פון מישעל דע מאָנטען.

דריי הונדערט יאָר האָט מען זיך געלערנט ביי אים שרייבן. ענגלאַנד האָט אים נאָכגעמאַכט. אַ נייע קונסט איז אויסגעוואַקסן דורך אים—די קונסט פון דעם „עסיי", וואָס איז אי פילאָזאָפיע, אי שטימונג, לירישע פּראָזע און די אינטימסטע פאָרם פון שרייבן בכלל, אינטימער אפילו פון דעם ליד, ווייל פרייער, ווייל קאַפּריזנער, ווייל נישט גע-בונדן צו קיין שום טראַדיציע און צו די קייטן פון דער פאָרם.

און פראַנקרייך האָט זיך געגרויסט מיט איר ערשטן, גרעסטן עסייאיסט. און איר באַוווּנדערונג און איר ליבע צו אים האָט זיך

אויסגעדריקט—אין דער נאָכאַמונג. יעדער פראַנצויז וויל שרייבן מער אָדער ווייניקער, ווי מאָנטען. און דער גרונטוואָרט פון מאָנטען: „וואָס ווייס איך"—איז געוואָרן דער לייטמאָטיוו פון דעם גאַנצן פראַנצויזישן דענקען. „וואָס ווייס איך"—מיינט, יעדע זאַך האָט מער ווי צוויי זייטן. דאָס מיינט, די וועלט איז ווי אַ קרישטאָל—מיט אַ סך פאַסעטן. און ווי מען שטעלט אים אַוועק—אַזוי שטראַלט ער אָפּ דאָס ליכט.

דער גייסט פון מאָנטען—איז געוואָרן דער גייסט פון פראַנקרייך.

ביז פלוצלונג איז געקומען אַ היסטאָריקער, האָט זיך אָנגעהייבן גראָבן אין די אַלטע אַרכיוון—און האָט אויסגעפונען אַ מערקווירדיקע זאַך—ער האָט געפונען, אַז סיער מישל עיקעם, גערופן דע מאָנטען, איז געווען גאָרנישט קיין „ריינער" פראַנצויז. זיין מוטער האָט געהייסן אַנטאָנינאַ לאָפּעץ—און געשטאַמט פון אַ יידיש-שפּאַנישער פאַמיליע. הייסט עס, אַז מאָנטען איז געווען אַ האַלבער ייד.

אמת, עס האָבן זיך געפונען אַזעלכע, וואָס האָבן שוין לאַנג חושד געווען מאָנטענען. מען האָט געוווסט, אַז אין יענער צייט—אין דעם זעכצעטן יאָרהונדערט—האָבן זיך אַריבערגעצויגן קיין דרום-פראַנקרייך, אין דער געגנט פון באָרדאָ, פון פּאָ א. אַז. וו. אַ מאַסע מאַראַנען פון שפּאַניע, און זיי זענען געוואָרן די סוחרים פון באָרדאָ, פון אַרל, פון מאַרסעל, סוחרים, געלערנטע, אַדוואָקאַטן און אפילו טעאָלאָגן. כמעט אין דער אייגענער צייט, ווי מאָנטען, האָט אין דער זעלביקער געגנט געלעבט אַן אַנדער מאַראַן—פראַנציסקאָ סאַנטשעז, וואָס האָט אַנטוויקלט כמעט די אייגענע וועלטאָנשויונג, ווי מאָנטען—די אידעע, אַז מען קאָן גאָרנישט וויסן אַזוי זיכער, אַז דער אמת איז נישט אַבסאָלוט, אַז דער קריסטלעכער דאָגמאַטיזם איז נישט מער ווי פאַלש דענקען.

עס איז געווען דערפאַר אַ חשד, אַז מאָנטען איז געווען נישט בלויז אַ האַלבער ייד נאָר אַ גאַנצער. שוין דער נאָמען פון זיין פאָטער איז געווען אומפאַרשטענדלעך. ער האָט געהייסן „עיקעם", אַ נאָמען, וואָס האָט נישט קיין שום דערקלערונג אין דער פראַנצויזישער שפּראַך. מען האָט געזוכט אַ צייט לאַנג אים צו דערקלערן פאַר אַן ענגלענדער. מען האָט דערנאָך אַנטדעקט אַן אַנדער פאַמיליע פון עיקעמס אין פראַנקרייך, און דאָס רעטעניש איז נישט אויפגעלייזט געוואָרן. דער נאָמען עיקעם האָט נישט קיין שום זין אויף ענגליש,

בונקט ווי ער מיינט גאָרנישט אויף קיין שום אַנדער שפּראַך—אַחוץ העברעיש אָדער אַראַביש. עס איז זייער מעגלעך, זייער וואַרשיינלעך, אַז „עיקעם" איז נישט מער ווי אַ פאַרגרייזונג פון „חכם", אָדער „כאַקים" אין דער אַראַבישער פאָרם, דער געוויינלעכער נאָמען פון אַ דאָקטאָר, אָדער פון אַ געלערנטן, צווישן די שפּאַנישע און אַראַבישע יידן. עס איז מער ווי וואַרשיינלעך, אַז די גאַנצע פאַמיליע פון מאָנטען—אויך פון פאָטערס זייט—איז געווען אַ יידיש-מאַראַנישע. דערמיט דערקלערט זיך אויך, פאַרוואָס מאָנטענס פאָטער האָט התונה געהאַט מיט אַ מאַראַנין. עס איז דאָך געווען אַ טראַדיציע צווישן די מאַראַנען — זיך משדך צו זיין בלויז צווישן זיך. און חוצדעם, וואָס פאַר אַן עכטער פרום-קאַטוילישער קריסט וואָלט זיך מתחתן געווען מיט אַ יידישער טאָכטער, אפילו ווען זי איז אָפיציעל נישט פון דעם יידישן גלויבן?

געוויס, עס איז נישט דאָ דער אָרט אַריינצולאָזן זיך אין היסטאָרישע אונטערזוכונגען. און איך האָף אויך, אַז דער שטילער ווונק, וואָס איך האָב דאָ געגעבן, וועט נישט דערגיין ביז פראַנקרייך, אַז די פראַנצויזן וועלן זיך נישט דערוויסן דערפון. וואָרים—איך האָב צו זייער ליב מאָנטענען, אום אים צו שעדיקן, און דאָס איז פאַר מיר נישט קיין ספק—לאָז פראַנקרייך געוואָר ווערן, אַז איר ליבלינג, איר גרויסער מייסטער, דער שעפער פון דעם פראַנצויזישן סטיל—מאָנטען, איז אַ גאַנצער ייד—זאָגט זיך פראַנקרייך אָפּ פון אים, שטרייכט זי אויס זיין נאָמען פון איר קולטור-פּאַנטעאָן.

ער האָט שוין געגוג צרות דערפון, וואָס מען האָט אויסגעפונען, אַז ער איז אַ האַלבער ייד. „מען" זאָגט זיך אָפּ פון אים אין פראַנקרייך, מען וויל אים אַרויסוואַרפן פון דער פראַנצויזישער ליטעראַטור, אַזוי ווייט, אַז ער מוז שוין אָנקומען צו אַדוואָקאַטן, וואָס זאָלן פאַרטיידיקן זיין חזקה-רעכט.*

און אַזאַ אַדוואָקאַט איז דער טיפסטער און בעסטער פראַנצויזישער עסייאיסט פון היינט, אַנדרע סואַרעס. אין זיין נייעם — נישט לאַנג צוריק דערשינענעם—בוך „עסייס" איז דאָ אַ מערקווירדיקער, אַ שאַרפער אַרטיקל, וואָס הייסט „דער האַלבער ייד". סואַרעס רעכנט זיך אָפּ מיט די נייע שונאים פון מאָנטען, מיט די „ראַסן-ריינע" פאַנאַטיקער, וואָס קאָנען נישט מוחל זיין מאָנטענען זיין—מאַמע. ער לאַכט פון זיי, ער שטראָפט זיי, ער דערמאָנט זיי די „אהבת נעורים", די

דריי הונדערט יאָר ליבע און באַוווּנדערונג און גייסטיקע מאַכט פון דעם „האַלבן יידן". אָבער עס איז זייער מעגלעך, אַז די אייגענע פּאַבאַטיקער פון פראַנצויזישער ראַסן־ריינקייט וועלן אַ פרעג טאָן ביי סואַרעסן: ווער ביזטו אַליין? סואַרעס? דאָס איז נישט קיין פראַנצויזישער נאָמען, עס איז שפּאַניש, עס איז אפשר אויך מאַראַניש. אפשר שטאַמסטו גאָר אויך פון יידן?—און דער עדות ווערט פסול.

אַ מערקווירדיקע זאַך—גאַנצע יידן אַקצעפּטירט די וועלט, אָבער האַלבע וויל זי נישט פאַרטראָגן. און וואָס פאַר גאַנצע יידן! אַ פישער פון גליל, וואָס האָט ביז צו זיין לעצטן טאָג נישט געהאַלט עסן קיין טריפה, דער פישער שמעון, וואָס האָט פון אַ פּאָר אַנדערע גליל־יידן באַקומען דעם נאָמען פּעטרוס, און „פּעטרוס, דו וועסט זיין דער שטיין". זיי קושן אין רוים, אין דער סט. פּעטער־קאַטעדראַל, מיט אַזאַ התלהבות דעם פוס פון שמעון דעם פישער און פאַרגעסן גאָר, אַז דאָס איז געווען אַ פשוטער פרומער ייד. זיי פאַרגעטערן פּאַולוסן—דעם פרושי שאול, וואָס האָט געלערנט ביי רבן גמליאל תורה, דעם אַלט־יידישן מגיד, וואָס האָט געדרשנט פּסוקים און אויסגעטייטשט זיי. און ווו מען מישט נישט אויף אַ בלאַט—אַ יידישער נאָמען, און עס אַרט זיי נישט.

עס איז מעגלעך, אַז דאָס איז טאַקע דער טעם. די פעלקע־ פון דער וועלט האָבן קיינמאָל נישט געקאָנט מוחל זיין דעם יידן—וואָס ער האָט אַרויפגעלייגט אויף זיי זיין שטאַמפּ. און אין זייער ליבע צו די צוועלף יידן פון גליל און דעם יידן פון נוצרת איז באַגרינדעט זייער האַס צום יידנטום, צום יידישן מענטשן.

אַ פרוי האָט אויך נאָך אַלץ אַ שטיקל טיף־פאַרבאָרגענעם האַס צו דעם, וואָס זי האָט ליב, צו דעם מאַן, וואָס האָט זי באַזיגט, צו דעם האַר פון איר האַרץ און פון איר תאוות. און טאַקע, ווייל זי האָט אים ליב—האָט זי אים ערגעץ־ווו פיינט. און ווייל זי מוז, ווייל אים געהאָרכן—רעוואָלטירט זי אַנטקעגן אים.

און איר האַס נעמט אָפּט אָן די פאָרם פון פיינטשאַפט צו מענער, צום „מענער־געשלעכט". אַלע מוזן צאָלן פאַר דעם איינעם.

און אַלע יידן צאָלן פאַר דעם איינעם—אָדער פאַר די צוועלף.

פאַר אַלע שמערצן, וואָס ישו און שמעון און שאול האָבן געבראַכט דער וועלט, פאַר אַלע ליידן, וואָס זיי האָבן איר אָנגעטאָן, פאַר דעם, וואָס זיי האָבן געפּענטעט די פרייהייט פון די חושים, געצוימט

דעם אינסטינקט, געצוווּנגען דאָס הייסע בלוט זיך אָפּצוקילן, איינגעשפּאַרט אַ ווילדע וועלט צווישן ווענט פֿון מוסר—דערפֿאַר צאָלן די ברידער און שוועסטער—קינדער פֿון די גלילער. און וואָס באַהאַלטענער דער ברודער איז—אַלץ מער די שנאה צו אים. „דו באַהאַלטסט זיך—דו מיינסט עפּעס דערמיט—האָסט שוין ווידער אַ נייעם סוד, ווילסט ווידער אונדז אָפּטאָן עפּעס!“—אַזוי רופֿט דער אונטערדריקטער, אונטערבאַוווּסטזיין פֿון די קריסטלעכע פֿעלקער—און איינמאָל וויל דאָס בלוט זיך אָפּקילן—איינמאָל זיך נוקם זיין פֿאַר זיין אייגענער שוואַכקייט און אונטערוואָרפֿנקייט.

מאָנטען האָט עס געפֿילט. ער האָט געוווּסט, אַז ווען מען דערוויסט זיך פֿון זיין סוד—איז ער נישט זיכער מיט זיין לעבן, און ווייל ער האָט געהאַט אַ סוד, איז ער געווען דער צעריסנסטער, דער געשפּאָלטנסטער פֿון אַלע מענטשן פֿון זיין צייט. און ווייל ער האָט געהאַט אַ סוד—און זיך באַהאַלטן—האָט ער אַזוי קלאָר געזען אי זיך, אי אַנדערע. ער איז געוואָרן דער ערשטער פּסיכאָלאָג פֿון אייראָפּע, פֿון דער וועלט־ליטעראַטור, ווייל ער האָט געפֿירט אַ צווייפֿאַך לעבן, ווייל ער איז געווען דער ערשטער אייראָפּייער, וואָס האָט אַזוי שאַרף דערפֿילט די—האַלבקייט.

„מיר זענען יעדער פֿון אונדז רייכער, ווי מיר מיינען אַליין“—זאָגט מאָנטען אין איינעם פֿון זיינע שענסטע און אינטימסטע עסייס: „די פיזיאָנאָמיע“. און ער האָט געוווּסט, וואָס ער האָט געזאָגט. דער גאַנצער עסיי מיט זיין מייסטערהאַפֿטן אַנאַליז פֿון זיך אַליין, פֿון זיינע שוואַכקייטן און פֿעלערן, פֿון זיין מערקווירדיקער פּאַסיוויטעט, פֿון זיין זיך באַהאַלטן, אויסמיידן צו נעמען אַ שטעלונג א. אז. וו.—איז אייגנטלעך אַ ווידוי. אַ נשמה האָט זיך אַנטפּלעקט פֿאַר אונדז—צום ערשטן מאָל אין דער געשיכטע—האָט אַ מענטש מיט אַ שאַרף מעסער געשניטן זיך אין פֿלייש אַריין, געגראָבן טיף אין זיין אייגענער וועלט—און דערציילט אונדז, וואָס ער האָט דאָרט געפֿונען.

אָבער—דעם סוד האָט ער נישט אויסגעזאָגט. דעם לעצטן מאָטיוו פֿון זיין טיפֿן אומרו האָט ער באַהאַלטן פֿאַר זיך. ער האָט נישט געוואָלט אויסזאָגן, אַז ער איז געווען אַ „האַלבער“, אַז ער האָט געפֿילט אַ געוויסע פֿרעמדקייט צו זיין סביבה, אַז אין זיין לעבן איז געווען אַ טיפֿער אָפּגרונט, אַן אָפּגרונט פֿון אַלע ערינערונגען און פֿון האַלבפֿאַרשטיקטע מאָטיוון.

און עס האָט אים נישט געהאָלפֿן. מען האָט אים פֿאָרט אויסגע־פֿונען. מען האָט אַנטדעקט זיין „סוד": און ווען מאָנטען וואָלט נאָך געקאָנט שרייבן, וואָלט ער זיכער אָנגעשריבן איינעם פֿון זיינע וווּנדער־לעכע עס־יס—דעם וווּנדערלעכסטן—און וואָלט אים אָנגערופֿן: „וועג גאַנצקייט און האַלבקייט". און פֿאַרענדיקט אים מיט די ווערטער: „אַ גאַנצער ייד האָט אַ שאַנס צו געווינען—אַ האַלבער ייד פֿאַרלירט תמיד. ער פֿאַרלירט — אפֿילו ווען אַנדערע געווינען. און איז עס כדאי? וואָס נייס איך!"

# עדואַרד בערנשטיין.

דער „אַלטער“ בערנשטיין. עס גלויבט זיך עפּעס נישט. דער באַגריף אַלטקייט פּאַסט נישט צו אים. אָדער אפשר בכלל צו קיינעם נישט. ווי סטרינדבערג האָט אַמאָל געזאָגט: „עלטער איז פּאָראורטייל“. מיר, יינגערע מענטשן, האָבן תמיד אַ פאָרשטעלונג פון עלטער, וואָס שטאַמט אַ ביסל פון מושב-זקנימס. דער מאָלט זיך אויס: אַלט, ווייס, געבויגן, אָפּגעטעמפּטע חושים, קאַליע אויגן, גייסטיק און קערפּערלעך אינוואַליד, אַ שברי-כלי. און הערט מען אַמאָל, אַז דער און דער, וואָס לעבט מיט אונדז, קעמפט, דענקט, רעדט, שרייבט — איז שוין אַ שווערער זקן, וווּנדערן מיר זיך: ווי איז דאָס מעגלעך? בראַנדעס איז שוין אַלט פיר און אַכציק יאָר און שרייבט בעסער, ווי פריער, לעבעדיקער, פרישער, יינגער. עדואַרד בערנשטיין האָט ערשט מיט אַ יאָר פיר צוריק אָנגעשריבן אַ געשיכטע פון דער דייטשער רעוואָלוציע, אַזוי שטאַרק, אַזוי מוטיק, מיט אַזויפיל פייער. ער שרייבט אומאויפגעהערט, ער אַרבעט, און עס איז גאָר קיינעם נישט געקומען אין זין, אַז ער איז שוין אַ זקן.

ביי אים וויי‏ניקער אַפילו, ווי ביי קאַרל קאַוטסקי. ביידע כמעט אין די אייגענע יאָרן. ביידע חברים. און דאָך, ביי קאַוטסקין מערקט זיך צווישן די שורות אַ געוויסע מידקייט, אַן אָפּשוואַכונג פון טעמפּעראַמענט און ווילן און דעם גייסטיקן חוש הראיה. עס פילט זיך שוין גרויקייט. און עס איז אויך קלאָר פאַרוואָס. קאַרל קאַוטסקי איז אַ תלמיד, עדואַרד בערנשטיין איז עס נישט. קאַרל קאַוטסקי האָט זיין גאַנץ לעבן אָפּגעלעבט, שרייבנדיק פירושים אויף מאַרקסן — פאַרטיפט אין איין געדאַנק, געפאַנגען אין דעם נעץ פון זיין רבין. און האָט זיך סוף כל סוף אויסגעשעפּט. בערנשטיין האָט נישט

געשריבן קיין פירושים. ער האָט נישט געשעפּט בלויז פון מאַרקס ברונעם. אַלע ברונעמס זענען געווען אָפן פאַר אים. ער האָט פאַר זיך געהאַט אַ ברייטע וועלט, אַ ים, און אויף דעם ים האָט ער גע־שווומען.

על פּי שכל וואָלט עס באַדאַרפט זיין פאַרקערט: קאַרל קאַוטסקי וואָלט באַדאַרפט זיין דער מוטיקערער, דער צעברעכער; בערנשטיין דער ליידנשאַפטלעכער מפרש; אַזוי, וויינינגער, איז דער אַלגעמיינער באַגריף וועגן יידן. דער ייד קאָמענטירט און קאָמענטירט מיט התלהבות; דער ייד איז אַ וואָרט־דינער, אַ פאַרשקלאַפטער צום אות.

אָבער עס ווייזט אויס, אַז די גאַנצע פאָרשטעלונג איז אַ פאַלשע. דווקא די יידישע סאָציאַליסטן האָבן זיך אַרויסגעוויזן אַלס די פרייערע. קאַרל קאַוטסקי, דער סלאַוו, דער טשעך, וואָס איז אויסגעוואַקסן אין דייטשער קולטור, וואָס רעפּרעזענטירט, אַזוי צו זאָגן, די סלאַוויש־גערמאַנישע גייסטיקע שותפות, איז דער פאַנאַטיקער; דער ייד בערנשטיין איז דער רעפאָרמאַטאָר, דער רעוויזיאָניסט, דער וואָרט־צעברעכער.

פאַרוואָס איז דאָס אַזוי? פונוואַנען איז דאָס געקומען, אַז גראָד בערנשטיין איז געוואָרן דער פירער פון דער רעוויזיאָניסטישער שטרעמונג אין דעם סאָציאַליזם און אַז כמעט אַלע באַדייטנדסטע יידישע סאָציאַליסטן אין דייטשלאַנד זענען געגאַנגען מיט אים? פאַרוואָס איז לודוויק פראַנק געשטאַנען אויף בערנשטיינס זייט און בעבעל אויף קאַוטסקיס?

וואָס איז בכלל געווען דער מאָטיוו, וואָס האָט באַוויגן עדואַרד בערנשטיין אַרויסצוטרעטן — מיט 27 יאָר צוריק — מיט זיין באַרימטן בוך „פאָרויסזעצונגען דעם סאָציאַליזמוס”, דעם בוך, וואָס האָט אָנגעמאַכט אַזאַ רושם אין דער סאָציאַליסטישער וועלט און האָט געפירט צו גרויסע פאָלגן? ווייל בערנשטיינס ווירקונג איז געווען גרעסער, ווי מען מיינט. בערנשטיינס קאַמף פאַר דעם רעוויזיאָניזם האָט געפירט צו אַ נייער אָריענטאַציע פון דעם סאָציאַליזם אין דייטשלאַנד, אין עסטרייך, אין פראַנקרייך, אומעטום. און דאָס איז שוין מער, ווי אַ טעאָרעטישער פאַרטיי־קאַמף — דאָס איז כמעט געשיכטע.

איך גלויב נישט, אַז בערנשטיין איז צוגעקומען צו זיין אויפפאַסונג פון דעם סאָציאַליזם פון אַ ריין פראַקטיש־פּאָליטישן ווינקל.

נישט קוקנדיק דערויף, וואָס ער איז אַ ייד, אַ שטאָט-מענטש, אַ געוועזענער באַנק-אָנגעשטעלטער, איז בערנשטיין ווייט דערפון צו זיין אַ „פּראַקטישער”, אַ ניכטערער מענטש, אַ רעאַל-פּאָליטיקער, וואָס האָט ליב און פּאַרשטייט פּאָליטישע אינטריגעס; אַ מענטש, וואָס וויל מאַכט.

דער שטילער מענטש מיט דעם קליינעם בערדעלע, אַ קאַבינעט-מענטש, אַ ביכער-וואָרעם, נישט קיין גרויסער רעדנער, אָפּט זייער נאַיִוו, קיינמאָל נישט קיין קראַפּט-פיגור, נישט קיין ביסמאַרק-טיפּ און אויך נישט קיין לאַסאַל — ער האָט קיינמאָל אַליין נישט געהאַט קיין מאַכט-פּאַרלאַנגען. עס האָט אים געפעלט דערצו אויך דער גייטיקער טעמפּעראַמענט. ער איז אָבער אויך נישט צוגעגאַנגען צום סאָציאַליזם פון אַ ריין-פילאָזאָפישן שטאַנדפּונקט: קיל און טרוקן, ווי אַ לאָגיקער.

בערנשטיין איז נישט קיין טיפער און נישט קיין אָריגינעלער דענקער. ער האָט עס אַמבעסטן באַוויזן אין זיין אייגענעם באַרימטן בוך וועגן די „פּאָרויסזעצונגען”, ווו ער האָט געוואָלט פירן אַ קאַמף אַנטקעגן דעם היסטאָרישן מאַטעריאַליזם, אַנטקעגן העגעלס פילאָזאָפיע, ווו ער האָט גערופן דעם סאָציאַליזם זיך צו אָריענטירן אויף קאַנטן און פיכטען. עס זענען געווען בלויז געדאַנקען אָן אַ סיסטעם. בכלל האָט בערנשטיין קיינמאָל נישט געטראַכט סיסטעמאַטיש, נישט ווי מאַרקס, וואָס האָט געהאַט די געוואַלטיקע קראַפט פון אַבסטראַקציע, פון בויען אַ גרויסן בנין פון איינצלנע ציגל. בערנשטיין האָט בלויז געשריבן געדאַנקען איבער דעם, וואָס איז, נישט איבער דעם, וואָס איז נאָך נישט. ער האָט קריטיקירט און געפרעגט, מער ווי קאָנסטרויִרט און געענטפערט.

און דאָך, זיין ווערק איז געבליבן היסטאָריש. וואָס איז זיין בלייבנדיקער ווערט? עס קאָן זיין, אַז בערנשטיין אַליין האָט עס קיינמאָל נישט אַזוי שטאַרק און שאַרף געוואָלט אָדער געקאָנט פאָרמולירן. אָבער עס איז פּאָרט דער עצם: בערנשטיין איז געווען נישט קיין דייטשער סאָציאַל-דעמאָקראַט, נאָר אַ יידישער סאָציאַליסט.

און דאָ איז דער ווענדפּונקט. די דייטשע סאָציאַל-דעמאָקראַטיע אונטערשיידט זיך פון אַלע אַנדערע — און דער עיקר—פון דעם יידישאינספּירירטן סאָציאַליזם, און אירע „פאָרויסזעצונגען”. זי האָט אויך מאַרקסן דורך און דורך מיספאַרשטאַנען; זי האָט אים פאַרדייטשט.

דער אייגנטלעכער דייטשער סאָציאַליזם איז — ביסמאַרקיזם, דער מאַכט־סאָציאַליזם. עס איז די טעאָריע פון אַבסטראַקטער מאַכט און אַב־סטראַקטער אָרדענונג. וואָס פעלט דען די דייטשן, כּדי צו ווערן דאָס, וואָס זיי ווילן — דאָס, וואָס זיי וואָלטן געקאָנט זיין—דאָס פירנדיקע פאָלק פון דער קולטור־וועלט? עס פעלט זיי נישט דער אינטעלעקט, נישט דער ווילן צו קולטור. עס פעלט זיי דאָס טיף־מענטשלעכע. דער דער דייטש נעמט אַלצדינג טעאָרעטיש, צווישן געדאַנק און ווירקלעכ־קייט, צווישן פאַרשטייען און „ערלעבן" איז ביי אים אַ תּהום. דער דייטש איז דער אוממיסטישסטער, דער אומרעליגיעזסטער מענטש אין אייראָפּע.

ראַטענאו האָט עס זייער שיין געזאָגט אין זיין בוך „פאַן קאָמענדען דינגען": די דייטשע קולטור האָט זיך אָפּגעזאָגט אָנצונעמען די ביבל, דאָס פּאַטריאַרכאַלישע אין לעבן, ד. ה. די באַציונג צווישן מענטש און מענטש, ווי צווישן ברודער און ברודער. אַזוי אין דער וויסנשאַפט, ווי אין דער פילאָזאָפיע, אַזוי אויך אין דער פּאָליטיק. קייזערלעך, יונקעריש, קאָנסערוואַטיוו, אָדער סאָציאַליסטיש. דער אייגע־נער שטריך. דער דייטש איז געוואָרן סאָציאַליסטיש, נישט ווייל עס האָט אים געצויגן צום עלנטן, צום אָרעמען; ווייל דאָס ליידן איז געוואָרן זיין פּערזענלעכע טראַגעדיע. ער איז געוואָרן אַ סאָציאַל־דעמאָקראַט, ווייל דאָס איז אַ נייער סיסטעם פון אָרדענונג. נישט מער. די וועלט־גרויסע חלומות פון סען־סימאָן, אָדער פוריע, מיט זייערע נייע רעליגיעס, מיט זייערע חלומות, אָדער די נאַיוו־סענטימענטאַלע סאָציאַליסטישע לערעס פון די אוטאָפּיסטן—זיי האָבן דעם דייטש נישט גערירט. ער האָט באַדאַרפט האָבן אַ פאָרמולע פאַר אַן אָרדענונג. און פון אַלצדינג, וואָס מאַרקס האָט געלערנט און געטראַכט, האָבן זיי אַרויסגענומען איין באַגריף: דעם קלאַסן־באַגריף. עס איז דער דייטש־סטער באַגריף פון אַלע. אַ צעטיילונג פון מענטשן אין פאַרגליווערטע קאַטעגאָריעס. דער קאַמף צווישן אַבסטראַקטן, קאַמף אין געשלאָסענע שערענגעס, „אין ריי און גליד", ווי דער דייטשער מיליטערישער אויס־דרוק גייט.

און גראָד דאָס איז עס געווען, וואָס האָט דעם יידישן סאָציאַ־ליסט עדוואַרד בערנשטיין אָפּגעשטויסן פון דעם דייטשן מאַרקסיזם. ער האָט געוואָלט מער „הומאַניטעט", מער עטיק, מער יושר.

דאָס, און נישט מער, איז זיין אויפטו. צי זיין ווערק איז ווי־ביקער אָדער מער וויסנשאַפטלעך, דאָס איז נישט וויכטיק. צי קאַוטסקי איז גערעכט, וואָס מיינט, אַז די אַנטוויקלונג פון דער געזעלשאַפט גייט דווקא און אויסשליסלעך אויף דער ליניע, וואָס מאַרקס האָט אָנגעצייכנט — גייט, איז געגאַנגען, וועט גיין — צי בערנשטיין איז גערעכט, וואָס לייקנט עס און ווייזט אַנדערע וועגן פון דער אַנט־וויקלונג — דאָס איז אַ פראַגע פאַר זיך, און אויך נישט איצט צו לייזן. אַלע סאָציאַלאָגישע חקירות האָבן זיך געביטן אין די לעצטע צען יאָר. די עקאָנאָמישע אַנטוויקלונג איז גאָרנישט די, ווי זי שטייט אין די ביכער. און אויך נישט די פּאָליטישע.

בערנשטיין האָט אויך נישט פאַרטגעזעצט זיין טעאָרעטישע אַרבעט. ער האָט נישט געפּרוווט צו געבן אַ וועלט־בילד אויף דעם הינטערגרונט פון זיינע אייגענע „פּאָרויסזעצונגען”. און קיינער קעמפט נישט היינט מער קעגן בערנשטיינען. דער רעוויזיאָניזם איז געוואָרן אַ פאַקט — און נישט מער קיין טעאָריע. אָבער אויך נישט קיין לעבנס־אינהאַלט. און דאָס איז טאַקע די שולד פון בערנשטיינען אַליין. שולד? קאָן מען באַשולדיקן אַ מענטשן, וואָס ער איז נישט גענוג שטאַרק? קאָן מען האָבן פאַריבל אויף אַ מענטשן, וואָס האָט נישט אין זיך דעם פּונקט פון גענ̇יאַליטעט?

און דאָס האָט געפעלט בערנשטיינען. קלוג, באַגאַבט, געבילדעט, פיין און איידל — אָבער פּאָרט מיטלמעסיק, אָבער פּאָרט נישט קיין לערער, נישט קיין פירער און נישט קיין מענטשנפאַנגער. עס איז אפשר די היסטאָרישע טראַגעדיע פון דייטשלאַנד, פון דער גאַנצער וועלט, וואָס גראָד בערנשטיין און נישט קיין גרעסערער, נישט קיין שטאַרקערער, נישט קיין לאַסאַלישער האָט אַריינגעבראַכט דעם רע־וויזיאָניזם אין דער סאָציאַליסטישער פּאָליטיק. לאַסאַל וואָלט געווען גע־בראָכן און איבערגעבויט דעם סאָציאַליזם, ער וואָלט אים געווען איבער־געשמאָלצן אין אַ נייער, אין אַן עטיש־פּאָליטישער באַוועגונג, און געוואָרן אַ מאַכט, אַ שעפערישע מאַכט פון דער ווירקלעכקייט.

ער וואָלט געווען אימשטאַנד צו פאַרהיטן די מלחמה־קאַטאַ־סטראָפע און געהאַט דעם מוט צו פירן די אַרבעטער קעגן דעם שטראָם, נישט מיט דעם שטראָם.

אָבער בערנשטיין האָט עס נישט געקאָנט. סוף כּל סוף איז דאָס געווען דאָס גוטע האַרץ, דער יידישער רחמנות-געפיל, וואָס האָט אים דיקטירט זיינע סאָציאַליסטישע „אפיקורסותן". אָבער מיט גוטס-קייט אַליין מאַכט מען נישט קיין וועלט-געשיכטע. און בערנשטיין האָט געמוזט, צו זיין אייגענעם גרויסן צער און ווייטיק, זען, ווי זיינע אייגענע געדאַנקען זענען אין אַ קריטישער שעה אויסגענוצט און אויסגעטייטשט געוואָרן פון די עכט גערמאַנישע סאָציאַליסטן, פון וואָלפגאַנג היינע, זידעקום, אָדער גאָר נאָסקע. ער האָט גע-פּרעדיקט מעסיקייט און פאַרשטענדעניש פאַר דער מענטשלעכער ווירקלעכקייט. זיי האָבן אָבער אַרויסגענומען דערפון — דייטשן הוראַ-פּאַטריאָטיזם און מיליטאַריזם און מאַכט-אידעאַלן. ער האָט געוואָלט מאַכן דעם סאָציאַליזם עטישער, זיי האָבן אים געמאַכט — אימפּעריאַ-ליסטיש. און בערנשטיין האָט שוואַך און מילד געקעמפט. און זייער ווייניק אויסגעקעמפט.

ער האָט אויך נישט געקאָנט — ווייל קעמפן קאָן מען נישט מיט טעאָריעס אַליין און נישט מיט באַווייזן, נאָר מיט פּאַטאָס און מיט דער גאַנצער אינדיווידואַליטעט. בערנשטיין האָט אַלץ נאָך גע-מיינט, ווי מאַרקס, — אַז דער דייטשער אַרבעטער קאָן נאָר אויפ-נעמען אַ וויסנשאַפטלעך באַגרינדעטע פּראָפּאַגאַנדע, ווי מאַרקס האָט זיך אויסגעדריקט אין זיין פּאָלעמיק מיט דעם דייטשן קאָמוניסט ווייטלינג. ער האָט אָבער נישט פאַרשטאַנען, אַז מאַרקס מאַכט איז געווען נישט אין זיין טעאָריע, נישט אין די דריי בענדער פון דעם שווערן „קאַפּיטאַל", נאָר אין זיין פּאַטעטישן, צינדנדיקן, שווערד-באַגאַרטלטן „קאָמוניסטישן מאַניפעסט". ער האָט נישט געזען, אַז יעדער גרויסער סאָציאַלער רעפאָרמאַטאָר מוז זיין נישט בלויז אַ „ספרא", נאָר אויך אַ „סיפא", נישט נאָר אַ שרייבער, נאָר אויך אַ שווערד. און אַז אַ שווערד מוז אויך נישט בלויז באַוואַכן, נאָר אַמאָל אויך שניידן, און שאַרף. אָבער בערנשטיין האָט געהאַט בלויז אַ פּען, און אויך זי איז געווען נישט צו שאַרף.

זי איז היינט אפשר שאַרפער, ווי אַמאָל — אין זיינע יינגערע יאָרן. ער קעמפט איצט אַנטשידענער, מוטיקער, שטאַרקער אַקעגן רעכטס און לינקס, אַקעגן דעם נאַסקיזם און אַקעגן דעם לעניניזם. אָבער עס איז שוין צו שפּעט. מיט פינף און זיבעציק יאָר ווערט מען מער

ניִשט קיין פירער, בלויז נאָך אַ רבי, אַ לערער, אַ בענטשער פון דעם קומענדיקן תּלמיד, דעם תּלמיד, וואָס זאָל פאַרענדיקן, וואָס דער מייסטער האָט אָנגעהייבן. און דעם תּלמיד זעען מיר דערווייל נאָך ניִשט. ווייניקסטנס ניִשט אין דייטשלאַנד. סיידן מאַקדאָנאַלד – אָדער לעאָן בלום – אפשר.